

ע. סעטאָנ-טאָמפּסאָנ



# העלדישע כײַעס



ISBN:0-657-11132-5

00-225



ע. סעטאָן־טאָמפּסאָן

# העלדישע כײַעס

## דערציילונגען

צייכענונגען פונעם אווטאָר

פארלאג „עמעס", מאסקווע 1937

Printed in Soviet Union

# די הײמלאָזע קאַץ



## דאָס ערשטע לעבנ

### I

— פל-ייש! פל-ייש! — האָט גרילצנדיק זיך געטראָגנ איבערנ סקרימפּער-געסל. אַלע קעצ פונ די ארומיקע קווארטאלנ זײַנענ זיך צונויפגעלאָפנ אפ דעמ דאָזיקנ רופ. אונ די הינט האָבנ זיך אָפּגעקערט מיט פאראכטנדיקנ גלײַכגילט.

— פל-ייש! פל-ייש! — האָט זיך געלאָזט הערנ אלצ העכער אונ העכער. ענדלעכ האָט זיך באַוויזנ א שמוציקער צעשויבערטער מענטש מיט א וועגעלע. אימ האָט באַגלייט א גאנצע שארע פארשיידענע קעצ. נאָכ יעדע פופציק שפאנ, — ווי נאָר עס האָט זיך צונויפגעזאמלט א גענוגנדיקע כאָפּטע קעצ, — פלעגט זיך דאָס וועגעלע אָפּשטעלנ. דער מענטש מיט דער צויבערדיקער שטימ נעמט ארויס פונ קאסטנ א שפיזל, אפ וועלכנ עס זײַנענ אָנגעשפיגעוועט שטיקלעכ געקאָכטע לעבער. מיט א לאנג שטעקל שטויסט ער אראָפּ די דאָזיקע שמוציקע שטיקלעכ פונעמ שפיזל. יעדע קאַץ כאפּט א שטיק לעבער אונ, צונויפדריקנדיק די אויערנ, גיט זי א שלײַדער אינ די זײַטנ א בייזנ קוק אונ לאָזט זיך לויפנ וואָרטשענדיק, קעדיי געניסנ פונעמ רויב אינ א זיכער אָרט.

— פל-ייש! פל-ייש!

עס זײַנענ צוגעקומענ אלצ נײַע פּענסיאָנערקעס נאָכ זייער פּאָרציע. זיי זײַנענ אלע געווענ גוט באקאנט דעמ לעבער-הענדלער: אָט איז קאסטיליאָנעס טיגער-קאַץ. אָט איז דזשאָנס — שווארצע, אָט איז פּראליצקיס שילדקרעט, אָט איז די ווײַסע, וואָס געהערט דער מאדאמ דאנטאָנ; אָנ דאָרטנ גאנוועט זיך בלענקינס-האָפּס אנגאָרער קאַץ, אונ יענער אָראנזשעווער קאָטער, וואָס איז ארופגעקראָכנ



אפנ וועגעלע, איז בילי סאָיערס, — א כוצפעדיקער שווינדלער, וועמעס באלעבאָס עס צאָלט זייער שלעכט. יעדערנ דארפ מענ געדענקענ. אָט לויפט א קאצ, וואָס איר באלעבאָס צאָלט פינקטלעכ זײַנע צענ סענט א וואָכ. דערפאר איז אָט יענע, די צווייטע, ניט קיינ זיכערע. אונ אָט איז דזשאַנ אואשעס קאָטער: דער באַקומט א קלענער שטיקל לעבער דערפאר, ווײַל דזשאָנ צאָלט ניט צו דער צײַט. דעמ שענקערס שטשורעס-כאפער איז באפוצט מיט א האלדזרינג אונ מיט א סטענגערע. דער באקומט א צוגאָב-פאָרציע דערפאר, ווײַל זײַנ באלעבאָס איז ניט קיינ קארגער. ניט ווייניקער גליקלעכ איז אויכ די קאצ פונעמ שטײַערנ־מאָנער, כאָטש דער מאָנער גיט ניט, נאָר ער פאָדערט געלט. אָט קומט צו לויפנ פארטרוילעכ א שווארצ קעצעלע מיט א ווײַס נעזעלע, נאָר ווײ־חײ! — מע שטויסט עס אָנ ראכמאָנעס אָפּ. דאָס קעצעלע פארשטייט, נעבעכ, ניט, וואָס האָט פאסירט. עס פלעגט באקומענ לעבער אינ מעשעכ פונ לאנגע כאדאָשימ. פארוואָס אזא גרויזאמע ענדערונג? אָבער דער לעבער-הענדלער ווייסט גוט, וואָס עס איז פאָרגעקומענ: די באלעבאָסטע פונעמ קעצעלע האָט אימ אופגעהערט צאָלנ. ער האָט ניט קיינ שומ ביכער, אויסער זײַנ זיקאָרנ, אָבער זײַנ זיקאָרנ האָט קיינמאָל קיינ טאָעס ניט.

די קעצ, וואָס האָבנ זיכ ניט גערעכנט, אזוי צו זאָגנ, אינ די צעטלענ פונ דער אריסטאָקראטיע, האָבנ געוואַרט פונווײַטנ, אפ א היפשנ מעהאלעכ, האָפנדיק אפ א גליקלעכנ צופאל. צווישנ די דאָזיקע אומזיסטע קעסטניקעס איז געווענ איינע א גרויע אײַנוווינערנ פונ א פארוואָרפענעמ הויפ, א היימלאָזע קאצ, וואָס האָט געלעבט פונ וואָס עס האָט זיכ געמאכט, — א מאָגערע אונ א שמוציקע. מיט איינ אויג האָט זי נאַכגעשפירט נאָכנ וועגעלע, אונ מיטנ צווייטנ נאָכגעקוקט, צי עס לאָקערט אפ איר ניט ערגעצ קיינ הונט. צענדליקער קעצ האָבנ שוינ באקומענ זייער פאַרציע לעבער אונ אָפּגעטראָגנ זיכ. אונ זי האָט נאָכ אלצ קיינ שומ האָפענונג ניט געהאט אפ אָנבײַסנ. נאָר אָט איז איינער א גרויסער קאָטער, פונקט אזא היימלאָזער, ווי זי, אָנגעפאלנ אפ איינער פונ די פענסיאָנערקעס אינ וויפ בא איר אָפּגענומענ דעמ כיילעק אירנ. די באפאלענע האָט ארויסגעלאָזט דאָס שטיקל פלייש, גרייסנדיק זיכ צו געבנ א ווידערשטאנד. קאָלזמאנ יענע האָבנ זיכ געשלאָגנ, האָט די גרויע היימלאָזע יאצ געכאפט דאָס שטיקל לעבער אונ האָט פיר א גוסנ.

זי האָט זיכ דורכגעשלײַכט אינ א זײַטיקנ טויער פונ מענזי, איז אריבערגע־



שפּרונגען איבער דער הינטערשטער וואנט, דערנאָך האָט זי זיך אוועקגעזעצט, אראָפּגעשלונגען דאָס שטיקל לעבער, באלעקט זיך און מיט זײַטיקע וועגן האָט זי זיך א גליקלעכע אוועקגעלאָזט צום מיסטפּלאַץ, ווו אפן דעק פון אן אלטן ביס־קויט־קאסטן האָט אפּ איר געוואַרט איר פאמיליע. פּלוצלינג האָט זי דערהערט א הארצרײַסנדיקע ניאַוקערײַ. זי האָט זיך א וואָרף געטאָן צו אירע קינדער און דערזען א גרויסן שווארצן קאָטער, וואָס האָט גאנץ רויִק געפרעסן איר געזינדל. דער קאָטער איז געווען צוויי מאָל אזוי גרויס ווי זי, נאָר זי האָט זיך א וואָרף געטאָן אפּ אים מיט אזא צאָרן, אז ער האָט, ווי דאָס טרעפט אָפּט מיט כײַעס, ווען מע כאַפּט זיי בא א פאַרברעכן, זיך אויסגעקערעוועט און געלאָזט זיך לויפן. פון די קעצעלעך איז גאנץ געבליבן בלויז איינס — א קליין גרוי קעצעלע, וואָס איז ענלעך געווען צו דער מוטער, נאָר מיט שווארצע פלעקן אפן רוקנדל און מיט ווײַסע צייכנס אפּ דער נאָז, אפּ די אויערן און אפן שפּיץ עק.

די ערשטע עטלעכע טעג האָט די מוטער שטארק געטרויערט. אָבער דערנאָך איז איר טרויער אײַנגעשטילט געוואָרן, און איר גאנצע ליבע און זאָרג האָט זי אריבערגעטראָגן אפן לעבעדיק געבליבענעם קעצעלע. דער שווארצער קאָטער, פאַר־שטייט זיך, האָט ניט געמיינט איר טויווע, ווען ער האָט אויפגעפרעסן די קע־צעלעך. דאָס האָט ער, ניט ווילנדיק, געטאָן א טויווע סײַ דער מוטער סײַ איר קינד: ס׳איז גרינגער אויסצוהאָדעווען איין קעצל, איידער א סאך. יעדן טאָג האָט די קאַץ געמוזט ארומלויפן אין געיעג נאָך שפּײַז. דער לעבער-הענדלער האָט זיי זעלטן ווען געבראכט גליק, אָבער אין די מיסטקאסטנס פלעגט זיך שטענדיק געפינען קארטאָפל־שאָלעכץ, וואָס דערמיט קאָן מען שטילן דעם הונגער.

איינמאָל באנאכט האָט די קאַץ, די מאמע, דערשפּירט א ווונדערבארן רייעך. ער האָט זיך דערטראָגן פונעם מיזרעך־טײַך. דער דאָזיקער רייעך האָט געבראכט צו פירן די קאַץ אין דאָק און פונעם דאָק צום ברעג. דערהערט אן אומגע־הייער בייז ברומען, האָט זי פארשטאַנען, אז דער וועג צום אנטלויפן איז פאַר־שטעלט דורך איר לאַנגאָניקן פײַנט, דעם הונט פון דער ווערף. קיין ברײרע האָט זי ניט געהאַט. זי איז אריבערגעשפּרונגען אפּ דער שיף, פון וועלכער עס האָט זיך געטראָגן דער ווונדערבארער רייעך פון פיש. דער הונט איז געבליבן אפן ברעג, און אינדערפרי, ווען די פישער-שיף האָט זיך אוועקגעלאָזט אין וועג, איז די קאַץ ניט ווילנדיק אָפּגעשווומען צוזאמען מיט איר.

## II



אומזיסט האָט דאָס היימלאָזע קעצעלע געוואַרט אף דער מוטער. דער פרימאָרגן איז געקומען און אוועק. עס האָט זיך שטאַרק אויסגעהונגערט. צו פאַרנאַכט האָט זיך עס אוועקגעלאָזט זוכן עפעס עסן. עס איז אַרויסגעקראָכן פון קאַסטן און גענומען אַרומוואַנדלען איבער די קופעס מיסט, באַשמעקט אַלץ, וואָס אים האָט געדוכט, אַז דאָס איז עסנווארג, אָבער גאָרניט געפונען. ענדלעך האָט דאָס קעצל דערגרייכט די הילצערנע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט אין קעלער פונעם אויפּעסהענדלער, דעם יאַפּאַנער מאַלי. די טיר איז געווען אָפן. דאָס קעצל איז אַרײַנגעטראָטן אין א גאַנצער וועלט פון שאַרפע און מעשונעדיקע רייכעס. עס האָט דערזען פאַר זיך א סאַך לעבעדיקע באַשעפענישן, פאַרשפאַרטע אין שטײַגן. אין ווינקל אף א קאַסטן איז געזעסן א נעגער. דער נעגער האָט באַמערקט דאָס קליינע אומבאַקאַנטע קעצל און נײַגעריק גענומען נאָכשפּירן נאָך דעם. דאָס קעצל איז פאַרבײַגעגאַנגען עטלעכע שטײַגן מיט קראָליקעס, וועלכע האָבן אף דעם קיין שום אכט ניט געלייגט. נאָר אָט איז עס צוגעגאַנגען צו א שטײַג מיט ברייטע גראַטעס, אין וועלכער עס איז געזעסן א פוקס. די פריצטע מיטן פוכקן עק איז געזעסן אינעם סאַמע ווײַטסטן ווינקל פון שטײַג. זי איז צוגעפאַלן צו דער ערד. אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. דאָס קעצל האָט זיך, אַרומשמעקנדיק, דערנענטערט צו דער גראַטע, דורכגערוקט דעם קאָפּ אינווייניק, נאָכאַמאָל א שמעק געטאָן, דערנאָך א לאָז געטאָן זיך צום שיסל מיטן עסן. און אין דער זעלבער רעגע האָט עס געכאַפּט דער פוקס, וועלכער האָט עס די גאַנצע צײַט געהיט. עס האָט זיך דערהערט א דערשראָקענער „מיאו". עס וואָלט געווען א סאָף צום קעצישן לעבן, ווען עס זאָל זיך ניט געווען אַרײַנמישן דער נעגער. קיין געווער האָט ער בא זיך ניט געהאַט. אַרײַנגיין אין שטײַג האָט ער ניט געקאָנט. נאָר ער האָט אזא אַנטשיידענעם שפּײַ געטאָן דעם פוקס אין פּאָנעם אַרײַן, אַז דער פוקס האָט גלײַך אַרויסגעלאָזט דאָס קעצל און פאַרוקט זיך אין ווינקל, פינטלענדיק מיט די אויגן פאַר שרעק.



דער נעגער האָט אַרויסגעשלעפּט דאָס קעצל פון שטײַג. דאָס קעצל איז געווען געפּלעפּט. עס האָט אים טאַקע גאָרניט געשאַט, נאָר עס איז געווען ווי פאַרשיכּורט. וואַקלענדיק זיך. האָט דאָס קעצל געמאַכט עטלעכע קרײַזן, דערנאָך



לאנגזאמ געקומענ צו זיכ. אינ עטלעכע מינוט ארומ האָט עס געוואָרטשעט באמ נענער אפ די קני. דאָ האָט זיכ אומגעקערט אינ קראָמ דער אויפעס-הענדלער, דער יאפּאָנער מאלי.

דער יאפּאָנער מאלי איז געבאָרנ געוואָרנ דאפקע ניט אינ יאפּאָניע, נאָר אינ א לאָנדאָנער פאָרשטאָט. אָבער אָנשטאָט אויגנ האָט ער געהאט אזעלכע קליינינקע שפּעלטעלעכ קרומ צעשטעלטע אפנ פלאטשיקנ קיילעכדיקנ פּאָנעמ, אז קיינעמ איז גאָר ניט אָנגעגאנגענ זיינ עמעסער נאָמענ אונ אלע האָבנ אימ גערופנ יאפּאָנער. ער איז ניט געווענ בייזהארציק צו די פייגלענ אונ כייעס, מיט וועלכע ער האָט געהאנדלט. ער האָט בלויז אינ זינענ געהאט, וואָס אימ לוינט, אונ געוווּסט, וואָס ער דארפ האָבנ. ער האָט ניט געדארפט האָבנ דאָס היימלאָזע קעצל.

דער נעגער האָט אָנגעהאָדעוועט דאָס קעצל ביז זאט, דערנאָכ אוועקגעטראָגנ עס אינ ווייטנ קווארטאל אונ איבערגעלאָזנ דאָרט אינ א הויפ פונ אייזנווארג.

## III

איינ זאטער מיטיק איז פולשטענדיק געננוג אפ צוויי-דריי טעג. דאָס אָנגעזעטיקטע קעצעלע איז געווענ זייער פריילעכ אונ לעבעדיק. עס האָט ארומגעשנאָרעט איבער די קופּעס מיסט, נייגעריק געקוקט אפ די שטייגלעכ מיט די קאַנאריקעס, וואָס זיינענ געהאנגענ ווייט הינטער די פענצטער, געכאפּט א קוק אפ יענער זייט פּלויט, דערזענ דאָרט א גרויסנ הונט, שטילערהייט אראָפּגעלאָזט זיכ צוריק, אויסגעזוכט א שטיל אָרט, ווו די זונ האָט געבאקנ אמשטארקסטנ, אונ אָפּ געשלאָפנ דאָרט א גאנצע שאָ. אופגעוועקט דאָס קעצל האָט א לייכטע פּאָרשקעריי. עס האָט אופגעעפנט די אויגנ אונ דערזענ פאר זיכ א גרויסנ שווארצנ קאָטער מיט פינקלענדיקע גרינע אויגנ. אפ איינער פונ זיינע באקנ איז געווענ א ווייסער שראמ, אונ דער לינקער אויער איז געווענ צעריסנ. געקוקט האָט ער גאָר ניט פריינטלעכ. זיינע אויגנ האָבנ זיכ באוועגט, דער עק זיינער האָט געצוקט אונ אינ גאָרגל האָט זיכ נעהערט א שטומפּיקע וואָרטשעריי. דאָס קעצל האָט נאיִוו זיכ געלאָזט אימ אנטקעגנ. עס האָט ניט דערקענט דעמ מערדער פונ זיינע ברידער. דער שווארצער קאָטער האָט זיכ א רייב געטאָנ מיט דער מאָרדע אָנ א סומבע, דערנאָכ לאנגזאמ אונ רויִק זיכ אויסגעקערעוועט אונ פארשוווּנדנ. דאָס לעצטע,

וואָס דאָס קעצל האָט דערזען, איז געווענ דער שפּיץ פונ זייַנ עק, וואָס האָט געצוקט רעכטס אונ לינקס. אונ דעם קליינעם קעצל איז קיינמאָל אפּילע אפנ זינענ ניט געקומענ, אז עס איז געווענ פּונקט אזוי נאָענט צום טויט, ווי אינ יענער מינוט, ווענ עס האָט געוואגט אריַנצוגיינ אינעם שטייַג פונעם פוקס.

אינ אָוונט האָט דאָס קעצל דערפילט, אז עס איז הונגעריק. עס האָט אופמערקזאם אויסגעפאָרשט דעם לאנגנ אומזיכטבארנ אונ פארשיידנארטיקנ שטראָם, וואָס מע רופט ווינט. אויסגעקליבנ די אמערסטנ אינטערעסאנטע פונ זייַנע שטרעמונגענ, האָט דאָס קעצל זיכ אוועקגעלאָזט מיט דער דאָזיקער שטרעמונג, וווהינ די נאָז האָט עס געפירט. אינ א ווינקל פונ הויפ האָט דאָס קעצל אָנגעטראָפנ אפ א קאסטנ מיט מיסט. דאָרטנ האָט זיכ אייַנגעגעבנ צו געפינענ א ביסל שפּייַז. אָפּגעגעסנ, האָט עס זיכ אָנגעטרונקענ מיט וואסער פונ פאס, וואָס איז געשטאנענ אונטערנ קראנ.

א גאנצע נאכט האָט דאָס קעצל זייער פלייַסיק אויסגעפאָרשט דעם הויפ. נאָכדעמ האָט עס, פּונקט ווי נעכטנ א גאנצנ טאָג, פארבראכט אינ זיכנ שלאָפ אפ דער זונ. אזוי איז געגאנגענ די צייַט. ווענ־ניט־ווענ פלעגט דאָס קעצל געפינענ אינ מיסטקאסטנ א גאנצנ מיסיק, צייַטנווייַז פלעגט עס גאָרניט געפינענ. איינמאָל האָט דאָס קעצל געטראָפנ דאָרט דעם גרויסנ שווארצנ קאָטער, נאָר עס האָט פאָרזיכטיק זיכ אָפּגעטראָגנ, איידער יענער האָט עפּעס וואָס באמערקט. דאָס פאס וואסער איז קימאט שטענדיק געשטאנענ אפ זייַנ אָרט, אונ ווענ מע פלעגט עס אוועקטראָגנ, פלעגנ אפנ שטיינ אונטערנ קראנ בלייַבנ מוטנע קאליוזשעס. אָבער אפנ מיסטקאסטנ איז געווענ זייער שווער צו פארלאָזנ זיכ. איינמאָל האָט ער גאנצע דרייַ טעג איבערגעלאָזט דאָס קעצל אָנ עסנ. דאָס פּיצל האָט זיכ א שאר געטאָנ לענגאויס דעם פּלויט, אָפּגעזוכט א קליינע שפּארונע אונ ארויסגעקראָכנ אפ דער גאס. נאָכ ניט באוויזנ ווי עס דארפ צו זייַנ ארומקוקנ זיכ, ווי פלוצלינג האָט עפּעס זיכ א לאָז געטאָנ מיט גרויס ראש: אפנ קעצעלע איז האסטיק אָנגעפלויגנ א גרויסער הונט. עס האָט קוים באוויזנ אריַנצולויפנ צוריק אינ הויפ דורכ דער שפּארונע אינ פּלויט. דאָס קעצל איז געווענ שרעקלעכ הונגעריק. צום גליק, האָט עס געפונענ א ביסל קארטאָפּל־שאָלעכצ, וואָס האָט עטוואָס אייַנגעשטילט דעם הונגער. אינדערפרי האָט זיכ דאָס קעצל שוינ ניט געלייגט שלאָפנ, נאָר ווידער זיכ אוועקגעלאָזט זוכנ עסנ.

אין הויף האָבן געצוויטשערט שפערלעך, זיי זײַנען אויך פריִער דאָ געווען, אָבער איצט האָט דאָס קעצל געקוקט אף זיי מיט אנדערע אויגן. דער אומופהערלעכער הונגער-געפיל האָט דערוועקט אין קעצל רויבערישע אינסטינקטן. איצטער זײַנען די דאָזיקע פייגעלעך געווען רויב, זיי זײַנען געווען שפּײַז. דאָס קעצל איז מאשינעל צוגעפאלן צו דער ערד און גענומען אונטערגאנווענען זיך צו די שפערלעך. אָבער די שפערלעך זײַנען געווען רירעוודיקער פון אים און פלעגן שטענדיק אין רעכטן מאָמענט אוועקפליִען. א סאך מאָל האָט דאָס קעצל איבערגעכאזערט דעם דאָזיקן פרווו, אָבער אָן דערפאָלג. ענדלעך האָט עס פארשטאנען, אז כאָטש די פויגלען זײַנען א שפּײַז, אָבער א שפּײַז, וואָס מע קאָן ניט דערגרייכן.

אפן פינפטן טאָג פון דעם דאָזיקן נעבעכדיקן לעבן האָט דאָס היימלאָזע קעצל ווידער זיך אוועקגעלאָזט אפ דער גאס, טרוימענדיק צו כאפן עפּעס אין מויל אריַין. ווען עס איז אָפּגעגאנגען היפש ווײַט פון דער שפארונע אין פלויט, האָבן עטלעכע קליינע ייִנגלעך אָנגעהויבן באשיסן עס מיט שטיינער. דאָס קעצל האָט זיך געלאָזט לויפן. צו די נאָכיאָגער האָט זיך פאריינקט א הונט. די לאגע פונעם פליטע-מאכער איז געווען א האָפענונגלאָזע, אָבער פלוצלינג האָט עס דערזען אן אײַזערנע גראטע בא א פאסאד פון א הויז און עס האָט זיך דורכגעשמוגלט גלײַך אהין, קוים געראטעוועט זיך פונעם הונט. אין פענצטער פון אויבן האָט זיך באוויזן א פרוי. זי האָט אָנגעשריִען אפן הונט. די ייִנגלעך האָבן א וואָרף געטאָן א שטיקל פלייש און דאָס קעצל האָט זיך מעכײַע געווען, ווי נאָך קיינמאָל אין לעבן. דערנאָך האָט זיך דאָס קעצל באהאלטן אונטער אן אָפדאך, אָפּגעזעסן דאָרט, ביז די נאכט האָט ניט געבראכט מיט זיך פולשטענדיקע רו. דעמלט האָט עס, ווי א שאָטן, דורכגעשלײַכט צוריק צו זיך אין הויף.

אזא לעבן האָט געדויערט צוויי כאדאָשים. דאָס קעצל איז אויסגעוואקסן, אָנגענומען זיך מיט קראפט און גוט דערלערנט אלע געפארן. דאָס קעצל האָט זיך באקענט מיט דאונספּריט, ווו מע האָט יעדן פרימאָרגן געקאָנט זען גאנצע רייען מיסטקאסטנס. דאָס גרויסע הויז איז פארן קעצל געווען גאָר ניט קיין קאטויִשע קירך, נאָר א לאגער פון מיסטקאסטנס, וואָס זײַנען שטענדיק פול געווען מיטן בעסטן אָפּפאל פון פיש. אינגיכן האָט זיך דאָס קעצל באקענט מיטן לעבער-הענדלער און האָט זיך פאריינקט צו דער ניט דרייסטער שארע קעץ, פאר וועלכער קיינער האָט ניט געצאָלט. עס האָט א פאָר מאָל זיך באגעגנט אויך מיטן הונט פונעם






האפּן און מיט עפּלעכע אַנדערע מוירעדיקע סטראַשידלעס פונעם זעלבן מין. איצטער האָט דאָס קעצל שוין געוווּסט, ווי בייז זיי זײַנען און ווי אויסצומײַדן זיי. אינגיכן האָט עס זיך דערפונדן אַ נײַע פּאַרנאָסע. אַ סאַך קעץ האָבן אומזיסט זיך געשטויסן אַרום די רייצנדיקע קריגעלעך מילך, וואָס דער מילך-טרעגער לאָזט איבער יעדן אינדערפרי בײַ די שוועלן און פענצטער. אַ גליקלעכער צופאַל האָט איינמאָל אָנגעשטויסן אונדזער קעצל אויף אַ קריגל מיט אַ צעבראָכן דעקל. דאָס האָט אים אויסגעלערנט, וויאַזוי אופצוהייבן אויך גאַנצע דעקלעך און אָנטרינקען זיך זאַט מיט מילך. עפּעמען אַ פּלאַש האָט עס, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט, אָבער עס זײַנען געווען נישט ווייניק קרינלעך מיט שלעכט צוגעפּאַסטע דעקלעך. אונדזער קעצל האָט זייער פלײַסיק אויסגעזוכט אַזעלכע קריגלעך. מיט דער צײַט האָט עס בײַסלעכווײַז דערלערנט און זיך באַקענט מיטן גאַנצן קוואַרטאַל. קריכנדיק אַלץ ווײַטער, האָט עס ענדלעך ווידער זיך פאַרקליבן צווישן די פּעסלעך און קאַסטנס פונעם שמוציקן הויף, הינטער דער קראָם פון דעם אויפּעס-הענדלער.





דער הויף פון אײַזנוואַרג איז פאַרן קעצל שטענדיק פאַרבליבן אַ פרעמדער דאָרט האָט דאָס קעצל זיך קיינמאָל ניט געפילט אין דער היים. אָבער דאָ האָט עס מיטאַמאָל דערשפּירט אין זיך אַ געפיל פון אַ באַלעבאָס און איז געוואָרן שטאַרק אופגעבראַכט, ווען עס האָט זיך באַוויזן אַ פרעמד קעצל. מיט אַ דראָענדיקן אויסזען האָט זיך דאָס קעצל געלאָזט אַנטקעגן דעם ניט געבעטענעם גאַסט. עס האָט שוין געהאַלטן בײַ אַרויסלאָזן די נעגל, ווען אַן עמער וואַסער האָט אַ פליוכ געטאָן אויף זיי פון אַן אייבערשטן פענצטער, און בײַ ביידע קעצלעך האָט גרינסלעך אָפּגעקילט די היץ. זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אין פאַרשיידענע זײַטן: דאָס פרעמדע קעצל — אַריבער דער וואַנט, און דאָס היימלאָזע קעצל — אונטער יענעם זעלבן קאַסטן, וווּ עס איז געבאָרן געוואָרן. די אַלטע ווינקל-לעכער זײַנען דעם קעצל געווען זייער צום האַרצן און עס האָט ווידער אײַנגעאָרדנט זיך דאָ צו וווינען. שפּײַז איז אין דעם הויף געווען פּינקט אַזוי ווייניק, ווי אינעם פריערדיקן. און קיין וואַסער איז אינגאַנצן ניט געווען. דערפאַר אָבער זײַנען דאָ געווען זייער געשמאַקע מײַז. אַדאַנק די דאָזיקע מײַז, האָט אונדזער קעצל זייער גיך געפונען זיך אַ פּרנסה.







# IV

איצט איז פונעם קעצל שוין געוואָרן א גרויסע שיינע קאַץ, א געפּלעקטע, ווי א טיגער. איר העל-גרויִלעכע פעלכל האָבן באַשיינט שוואַרצע פּאַסן און די פיר ווייַסע פינטלעכ אפ דער נאָז, אפן עק און אפ די אויערן האָבן איר צוגעגעבן א סאַך כיין. כאָטש זי האָט זייער גוט געקאָנט אויסזוכן שפייַז, פלעגט איר דאָך אַן אַנדערש מאָל אויסקומען צו הונגערן עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד. דעמלט פלעגט זי ווידער זיך לאָזן יאָגן נאָך שפּערלעך, אָבער אָן דערפאָלג. זי איז געווען אינגאַנצן אייַנזאַם. אָבער דאָ האָט זיך אין איר פּלוצעם דערוועקט עפּעס א נייַע קראַפט.

איינמאָל, אין אווגוסט, ווען זי האָט זיך געצערטלט אפ דער זון, האָט זי דערזען א גרויסן שוואַרצן קאָטער, וואָס איז געגאַנגען גלייַך צו איר. זי האָט אים גלייַך דערקענט נאָכן צעריסענעם אויער. די קאַץ האָט זיך גענומען אָפּרוקן צוריק צו איר קאַסטן און האָט זיך דאָרט באַהאַלטן. דער שוואַרצער האָט פאַר-זיכטיק זיך גערוקט פאָרויס, פון דער וואַנט איז ער לייַכט אַריבערגעשפּרונגען אפן שפּייַכלער, וואָס איז געווען אין עק הויף, און גענומען שפּאַנען איבערן דאַך. פּלוצלינג איז פאַר אים אויסגעוואַקסן א געלער קאָטער. דער שוואַרצער האָט זיך אָנגעשטעלט אפ אים מיט א געבריל, דער געלער האָט געענטפערט מיטן זעלבן. זייערע עקן האָבן זיך בייז געשלענגלט. די שטאַרקע גאָרגלען האָבן געברילט. זיי האָבן זיך דערנעענטערט איינער צום צווייטן, די אויערן צוגעדריקט צום קאַרק די מוסקולן אָנגעצויגן.

— יאַו-יאַו-יאַו! — האָט געזאָגט דער שוואַרצער.

— אָו-ר-ר-ו! — האָט געענטפערט א געזונטער באַס.

— יאַ-וואָו-וואָו-וואָו! — האָט געזאָגט דער שוואַרצער, צורוקנדיק זיך אפ א פּערטל צאָל נעענטער.

— יאָו-ר-ו! — האָט געענטפערט דער געלער.

אויסגעגלייַכט זיך אין דער גאַנצער גרייס, האָט ער מיט אומגעהייערער ווערדע געמאַכט א טראָט פאָרויס.

— יאָו-ר-ו! — און ער האָט נאָכאַמאָל א טראָט געטאָן, שמייַסנדיק זיך אַליין מיטן עק איבער די זייַטן.

— יאָו-יאַו! — האָט א קוויטש געטאָן דער שוואַרצער מיט א העכערן טאָן

און איז אָפגעטראָטן אפ אן אכטל צאָל פאר דער ברייטער, פעסטער ברוסט פונעם קעגנער.

ארום און ארום האָבן זיך צעעפנט פענצטער. עס האָבן זיך געהערט מענטש-לעכע שטימען, אָבער די קעצישע קריגערײַ האָט ניט אופגעהערט.

יאו-יאו־ו! — האָט זיך צערוכעט דער געלער, מיט א טאָן נידעריקער, ווען די שטים פונעם שווארצן איז געשטיגן. — יאו! — און ער האָט א שפאן געטאָן פאָרויס.

איצט זײַנען זייערע נעזער געווען שוין גאָר נאָענט איינע פון דער אנדערער, אוואָסערע דרײַ צאָל. זיי האָבן זיך געהאלטן אָן א זײַט, ביידע גרייט אײַנצו-קלאמערן זיך איינער אינעם אנדערן, אויסוואַרטנדיק אָבער, אז אָנהייבן זאָל דער צווייטער. א מינוט דרײַ האָבן זיי שווײַגנדיק געפרעסן איינער דעם אנדערן מיטן בליק, אומבאוועגלעך, ווי סטאטועס. באוועגט האָבן זיך בלויז די שפיצן פון זייערע עקן.

דערנאָך האָט דער געלער אָנגעהויבן פונדאָסנײַ.

— יאו־ו־ו! — מיט א נידעריקן באס.

— יא־ו־א! — האָט זיך צעקוויטשעט דער שווארצער, פלײַסנדיק זיך אָנצו-וואַרפן א שרעק מיט זײַן געשריי, אָבער אין דער זעלבער צײַט איז ער צוריק-געטראָטן אפ איין זעקסטל צאָל. דער געלער האָט געמאכט א קליינעם טראָט פאָ-רויס. איצטער האָבן זייערע וואָנצעס זיך צונויפגעמישט. נאָך א שפאן, און זייע-רע נעזער האָבן שיר ניט אָנגערירט איינע די אנדערע.

— יאו־ו־ו! — האָט בייז א ברום געטאָן דער געלער.

— יא־א־א! — האָט א קוויטש געטאָן דער שווארצער, אָפטרעטנדיק אפ א צוויי-און־דרײַסיקסטל פון א צאָל. דער געלער קריגערישער קאָטער האָט זיך א וואָרף געטאָן פאָרויס און אײַנגעקלאמערט זיך אין אים, ווי א טײַוול.

אוי, ווי זיי האָבן זיך געקײַקלט און געביסן און געדראפעט זיך! באזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט דער געלער.

ווי זיי האָבן דאָס געשאָבן און געשלעפט און געריסן איינער דעם אנדערן! נאָר באזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט דער געלער!

ווי א קנויל אריבערן קאָפ, אמאָל איינער פון אויבן, אמאָל דער צווייטער, אָבער אָפטער דער געלער, האָבן זיי זיך געקײַקלט אלץ ווײַטער און ווײַטער, ביז זיי האָבן זיך אראָפגעקײַקלט פון דאך, באגלייט מיט פריידיקע אויסגעשרייען פון



די צושויער, וואָס האָבנ זיכ צונויפגעקליבנ בא די פענצטער. אפילע בעשאסנ פאלנ, האָבנ זיי געשאָבנ אונ געדראפעט איינער דעמ אנדערנ. נאָר באזונדערס פארביסנ האָט זיכ געדראפעט דער געלער. אונ ווענ זיי האָבנ זיכ אָנגערירט אָנ דער ערד, איז פונ אויבנ געווענ דער געלער, אונ ווענ זיי האָבנ ענדלעכ זיכ צעשיידט, האָט יעדערער פונ זיי באקומענ זײַנ כיילעק, אונ באזונדערס דער שווארצער. ער האָט זיכ ארופגעדראפעט אפ דער וואנט אונ בורטשענדיק, אָפגייענדיק מיט בלוט, איז ער פארשווונדנ געוואָרנ. אינ דער זעלבער צײַט האָט מענ פונ פענצטער צו פענצטער איבערגעגעבנ די נײַס, אז סאָפקאָלסאָפ האָט דער אָראנזשעווער בילי ווי עס דארפ צו זײַנ זיכ אָפגערעכנט מיטנ שווארצנ ניג.

צי דער געלער קאָטער איז געווענ זייער א געניטער דעטעקטיוו, צי די היימלאָזע קאצ האָט ניט איבעריקנס זיכ אויסבאהאלטנ, נאָר ער האָט זי געפונענ צווישנ די קאסטנס, אונ זי האָט אפילע ניט געפרוווט צו אנטלויפנ. חײַזוס אויס דערפאר, ווײַל זי איז בײַגעווענ בייסנ געראנגל. קיינ זאכ באזיגט ניט אזוי דאָס הארצ פונ א פרוי, ווי א מיליטערישער זיג. דער געלער קאָטער אונ די קאצ האָבנ אינגיכנ זיכ באפרײַנדעט. מע קאָנ ניט זאָגנ, אז זיי האָבנ געטיילט דאָס לעבנ אונ דאָס עסנ איינער מיטנ אנדערנ — אזוי פירט זיכ ניט בא קעצ — זיי האָבנ נאָר אָנערקענט איינער פארנ אנדערנ באזונדערע פרײַנטשאפט-רעכט.

## V

סענטיאבער איז אוועק. עס זײַנענ אָנגעקומענ די קורצע אָקטיאבער־טעג. אינעמ אלטנ קאסטנ פונ ביסקוויט איז פאָרגעקומענ א וויכטיקע געשעעניש. ווענ עס קומט איצט אהער דער אָראנזשעווער בילי, וואָלט ער דאָ דערזענ פינפ קעצעלעכ, וואָס זײַנענ געלעגנ צונויפגעקנוילט אינ די אָרעמס פונ זייער מוטער, דער קליינער היימלאָזער קאצ. א גליקלעכע צײַט! זי האָט געפילט דעמ גרעסטנ פארגעניגנ. זי האָט זיי ארומגעלעקט מיט אזא צארטקײַט, וואָס וואָלט פארוווּנדערט זי אליינ, ווענ זי וואָלט געווענ פייִק צו דענקענ.

אינ איר פריידלאָזנ לעבנ איז ארײַנ א נײַע פרייד, נאָר עס איז צוגעקומענ אויכ א נײַע זאָרג. איצט זײַנענ אלע אירע קויכעס געווענ אָנגעווענדט אפ אויסזוכנ עסנ. די זאָרג האָט זיכ אלצ פארגרעסערט, וואָס מער עס זײַנענ געוואקסנ די קעצעלעכ. אינ זעקס וואָכנ ארומ האָבנ זיי שוינ אָנגעהויבנ קריכנ צווישנ די

קאסטנס און פלעגנ דאָס דורכמאכנ יעדנ טאָג, ווי נאָר די מוטער פלעגט אוועקגיינ זוכנ עסנ. אינ דער וועלט פונ די היימלאָזע איז גוט באוווסס, אז צאָרעס קומענ איינע נאָכ דער אנדערער, אונ גליק לאָזט לאנג אפ זיכ ווארטנ. די קאַצ האָט איבערגעלעבט דרייַ געשלעגנ מיט הינט אונ באקומענ עטלעכע שטיינער פונ מאליס נעגער. דערנאָכ האָט זיכ דאָס מאזל א דריי געטאָנ. גלייַכ אפ מאָרגנ האָט זי געפונענ א קריגל מיט מילכ אָנ א דעקל, זי האָט מיט דערפאָלג בארויבט איינעם פונ די פענסיאָנערנ פונעמ לעבער־הענדלער אונ געפונענ א גרויסנ קאָפ פונ א פיש — דאָס אלצ אינ פארלויפ פונ אוועלכע־ניט-איז צוויי שאָ. אומקערנדיק זיכ אהיימ מיט יענעמ געפיל פונ פולשטענדיקער רו, וועלכנ עס קאָנ געבנ בלויז א פולער מאָגנ, האָט זי דערזענ בא זיכ אפנ הויפ א קליינינקע ברוינע באשעפעניש. זי האָט זיכ דערמאָנט אָנ אלע אירע פריערדיקע יאגדנ. זי האָט דערהארגעט אונ אופגעגעסנ ניט איינ מויז אפ איר לעבנ. האָט זי איצטער באשלאָסנ, אז די דאָזיקע ברוינע כייַע איז מיסטאמע א גרויסע מויז מיט א קורצנ עק אונ מיט גרויסע אויערנ.

די קאַצ האָט זיכ אונטערגעגאנוועט מיט קונציקער, נאָר איבעריקער פארזיכטיקייַט. דער קליינער קראָליק האָט זיכ בלויז אויסגעגלייַכט, אונ עס האָט זיכ געדאכט, ער שפּאָט פונ איר. ער האָט אפילע ניט געפרווט אנטלויפנ, אונ די קאַצ האָט אָנ שום מי אים געכאפט.

אזויווי זי האָט ניט געוואָלט עסנ, האָט זי אימ אָפגעטראָגנ צו איר קאסטנ אונ ארייַנגעוואָרפנ אינ דער קופּע קעצעלעכ. אימ האָט ניט זייער ווי געטאָנ. ער איז גיכ געקומענ צו זיכ פונ שרעק, אונ זעענדיק, אז ער קאָנ זיכ ניט ארויסקלייַבנ פונ קאסטנ, האָט ער זיכ צוגעטוליעט צו די קעצלעכ, אונ ווענ יענע האָבנ אָנגעהויבנ עסנ וועטשערע, האָט ער זיכ גלייַכ פארייניקט צו זיי. די אלטע קאַצ איז געבליבנ געפּלעפט. דער יעגערישער אינסטינקט האָט לעכאטכילע געוווער געוועג אינ איר אידאָס איבעריקע. אָבער זי איז געוועג זאט. דאָס האָט געראסעוועט דעמ קראָליק. אינ אונדזער קאַצ האָט זיכ דערוועקט דער אינסטינקט פונ א מוטער, אונ זי האָט גענומענ האָדעווענ דעמ קראָליק מיט איר מילכ.



דער קראָליק איז געוואָרנ א מיטגליד פונ דער קעצישער פאמיליע. די קאַצ האָט אימ אָנגעהויבנ ארומזענ אונ שפּייַזנ גלייַכ מיט אירע קעצעלעכ.

עס זייַנענ אריבער צוויי וואָכנ. די קעצלעכ האָבנ זייער פיל זיכ געשפּילט צווישנ די קאסטנס אינ דער אָפּוועזנהייַט פונ דער מוטער. דער קראָליק האָט ניט געקאָנט ארויסקלייַבנ זיכ אינ דרויסנ. דערזעענדיק די קעצעלעכ אפנ הינטערהויפ,



האָט דער יאַפּאָנער מאַלי באַפוילנ זייַנ נעגער צו דערשיסנ זיי. יענער האָט עס טאַקע אויסגעפּילט אינ איינעמ א שיינעמ פרימאָרגנ: ער האָט דערשאָסנ איינס נאָכנ אנדערנ אַלע קעצלעכ. פלוצלינג האָט אַפּ דער וואַנט זיכ באַוויזנ די אַלטע קאַצ מיט א שטשור אינ די ציינ. ער האָט זיכ געקליבנ צו דערשיסנ אויכ זי, נאָר דער אויסזענ פונ דעמ דאָזיקנ שטשור האָט אימ אָפּגעהאַלטנ: א קאַצ, וואָס קאָנ כאַפּנ שטשורעס, איז ווערט דאָס לעבנ. דער דאָזיקער שטשור איז געווענ דער ערשטער, וואָס זי האָט ווענ-עס-איז געכאַפּט, אָבער ער האָט איר געראַטעוועט דאָס לעבנ. די קאַצ האָט זיכ דערקליבנ צומ קאַסטנ. צו איר פאַרוווּנדערונג האָט דאָרט קיינ איינס פונ אירע קעצלעכ ניט געענטפערט אַפּ איר רופ, אונ דער קראָליק האָט זיכ אָפּגעזאָגט צו עסנ דעמ שטשור. זי האָט גענומענ אימ האָדעווענ מיט מילכ, פאַרזעצנדיק, פונ צייַט צו צייַט, רופנ אירע קעצלעכ. דער נעגער האָט זיכ אונטערגעגאַנגענ צומ קאַסטנ אונ אַרייַנגעקוקט אינעווייניק. אונ ווי איבעראַשט ער איז געווענ, ווענ ער האָט דערזענ, אַז דאָרט געפינט זיכ אַנ אַלטע קאַצ, א לעבעדיקער קראָליק אונ א טויטער שטשור.

די קאַצ האָט פאַרבויגנ אַפּ הינטער די אויערנ אונ צעברילט זיכ. דער נעגער איז אוועק, נאָר אינ א מינוט אַרומ האָט אָפנ קאַסטנ זיכ אַראָפּגעלאָזט א ברעט אונ דער קאַסטנ אַליינ, צוזאַמענ מיט זייַנע אייַנוווינער, די לעבעדיקע אונ די טויטע, איז אַריבערגעפּעקלט געוואָרנ אינעמ אויפּעס-קעלער.

— זע נאָר, באַלעבאָס, ווו עס געפינט זיכ אונדזער פאַרפאַלענער קראָליק, אונ דו האָסט געמיינט, אַז איכ האָב אימ צוגעגאַנוועט.

די קאַצ מיטנ קראָליק האָט מענ אַרייַנגעזעצט אינ א גרויסער אייַזערנער שטייַג, אונ מע האָט זיי אַרויסגעשטעלט, ווי א מוסטער פונ א גליקלעכער פאַמיליע. דאָס האָט געדויערט עטלעכע טעג.

דער קראָליק איז אינגיכנ קראַנק געוואָרנ אונ געשטאָרבנ.

די קאַצ האָט קיינ איינ מינוט ניט געפילט זיכ גליקלעכ אינ שטייַג. עס מאַכט ניט אויס, וואָס מע האָט איר געגעבנ צו זאַט עסנ אונ טרינקענ. זי האָט געבענקט אינ געפענקעניש, אונ גאַנצ מעגלעכ, זי וואָלט אינגיכנ דערשלאָגנ זיכ אָדער פרייַהייַט אָדער דעמ טויט. אָבער אינ דער צייַט פונ איר פירטעגיקער געפענקעניש אינ שטייַג האָט זי, צו איר אומגליק, זייער גוט אויסגעוואַשנ איר פעלכל, אונ דאָס פעלכל האָט זיכ אַרויסגעוויזנ פונ אַזא אומגעוויינלעכנ קאָליר, אַז דער יאַפּאָנער האָט באַשלאָסנ איבערלאָזנ זי בא זיכ.

# דאָס צווייטע לעבן

## VI

דער יאַפּאַנער מאַלי איז געווען דער גרעסטער כיטראַק צווישן די זין פון די לאָנדאָנער פּאָרשטעט, וואָס האָבן ווען־עס־איז געהאַנדלט מיט ביליקע קאָנאַ־ריקעס. ער איז געווען זייער אָרעם, און דער נעגער האָט געלעבט בא אים נאָר דערפאַר, ווייל מאַלי, וואָס איז אַליין אַ געבאָרענער אין לאָנדאָן, איז מאַסקים געווען מיטעסן און וווינען אונטער איין דאַך און ביכלאַל געהאַלטן אים פאַר אַ גלייכן, אין דער צייט, ווען די אַמעריקאַנער באַגייען זיך מיט נעגערס, ווי מיט הינט. דער יאַפּאַנער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ ערלעכן מענטשן. אַלעמען איז געווען באַוווּסט, אַז געלעבט האָט ער פון דעם, וואָס ער פלעגט אויסבאַהאַלטן געגאַנוועטע הינט און קעץ. די האַלבע טוץ קאַנאַריקעס זיינען געווען ניט מער, ווי אַ שירמע. אָבער דער יאַפּאַנער האָט זיך ניט גענומען צום האַרצן. „איך זאָג דיר, גוטערברודער סעמי, איך וועל נאָך אַמאָל האָבן אייגענע פערד", — פלעגט ער זאָגן צום נעגער, ווען זיין שמאָלע ברוסט האָט פריידיק געאָטעמט פון אַ וועלכן־ניט־איז נישטיקן דערפאָלג. ער האָט, אַפּ זיין אויפן, ליב געהאַט קאָוועד. איינמאָל האָט ער אַפילו זיך דערוויסט אַרויסשטעלן אַ קאַץ אַפּ דער אַריסטאָ־קראַטישער אויסשטעלונג פון דער געזעלשאַפט ניקערבאָקער. דערביי האָט ער געהאַט דריי גאַנץ אומקלאָרע צילן: ערשטנס — באַפרידיקן זיין איינגליבע; צווייטנס — באַקומען אַן אומזיסטן אַריינגאַנג אַפּ דער אויסשטעלונג, און דריטנס — „מע דאַרף, פאַרשטייט איר מיך, צוקוקן זיך צו טייערע קעץ, אויב דו פאַרנעמסט זיך שוין מיט קעצישן געשעפט". אָבער די אויסשטעלונג איז געווען אַן אַריסטאָ־קראַטישע. דעם יאַפּאַנער איז אויסגעקומען צו באַקענען זיך מיט די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז זיין צווייפלהאַפטע אַנ־געראָטענע קאַץ איז ניט אַרופגעלאָזט געוואָרן אַפילו אַפּן שוועל.

די איינציקע אינטערעסאַנטע צייטונג־שפּאַלטן זיינען פאַרן יאַפּאַנער געווען יענע, ווו עס פלעגן זיך דרוקן מעלדונגען וועגן פאַרפאַלענע און געפונענע הינט און קעץ. איינמאָל האָט ער אויסגעשניטן און באַהאַלטן אַ נאָטיץ וועגן דעם, אַז „עס ווערן פאַרקויפט קעץ אַפּ פוטערוואַרג". דאָס דאָזיקע שטיקל פּאַפּיר האָט ער ציגעקלעפּט צו דער וואַנט פון דער קראָם און אונטער דער ווירקונג פון דעם, האָט ער גענומען דורכמאַכן אַ האַרצלאָזן עקספּערימענט איבער דער היימלאָזער

קאצ. פריִער פאר אלצ האָט ער אויסגעשמירט איר שמוציקע פעל מיט א געדיסנ שמירעכצ, וואָס פארניכט פאראזיטנ. דערנאָכ האָט ער זי גוט אויסגעוואשנ אינ וואַרעמ וואסער מיט זייפ, ניט געקוקט, וואָס יענע האָט געשריִענ, געדראפעט זיכ מיט די נעגל אונ געביסנ מיט די ציינ. די קאצ איז געווענ אויסער זיכ. אָבער ווענ זי האָט זיכ אָנגעהויבנ אויסטריקענע, האָבנ אירע האָר זיכ צעלאָזט אונ זייַנענ געוואָרנ אומגעווייןלעכ ווייַס אונ ווייכ. דער יאפּאָנער אונ זייַנ געהילפ זייַנענ געווענ זייער צופרידנ מיט זייער עקספּערימענט, אָבער דאָס איז געווענ בלויז אנ אָנהייב. דער עמעסער עקספּערימענט איז נאָכ ערשט פאָרגעשטאנענ. „דאָס בעסטע מיטל צו פארבעסערנ דעמ פוטער איז א סאכ פעטע שפּייַז אונ שטענדיק פארברענגענ אפ דער קאלטער לופט“, אזוי האָט ער געלייענט אינ א צייַטונג-נאָטיצ. דער ווינטער איז שוינ געווענ ניט ווייַט, אונ דער יאפּאָנער מאלי האָט ארויסגעשטעלט די שטייַג מיט דער קאצ אפנ הויפ. ער האָט זי בלויז פארשטעלט פונ רעגנ אונ פונ ווינט. ער האָט זיכ גענומענ זי שפּייַזנ, וויפל ס'איז נאָר אינ איר ארייַנ. מיט בעבלעכ אונ מיט קעפּ פונ פיש. אינ א וואָכ ארומ האָט מענ טאקע געקאָנט באמערקנ א גרויסע ענדערונג: מיט יעדנ טאָג איז די קאצ געוואָרנ אלצ פעטער אונ פוכקער, — זי האָט קיינ אנדער ארבעט ניט געהאט, ווי נאָר אָנעסנ אפּ זיכ פעטס אונ וואשנ זיכ. די שטייַג איז געווענ א ציכטיקע, אונ אזויווי די נאטור האָט, אָפּרוענדיק זיכ אפנ קאלטנ וועטער אונ אפ דער פעטער שפּייַז, געמאכט איר פעלצ אלצ פוכקער אונ גלאנציקער, איז די קאצ אינ א פּאָר כאדאָשימ ארומ פארוואנדלט געוואָרנ אינ א זעלטענער שיינהייַט מיט א וווּנדערלעכער פוכקער פעל, וואָס איז געווענ באצירט מיט שיינע פאסנ. דער יאפּאָנער איז געווענ זייער צופרידנ פונעמ רעזולטאט, וואָס דער עקספּערימענט האָט געגעבנ, אונ האָט אָנגעהויבנ טרוימענ וועגנ אומגעהייערנ רומ. פארוואָס זאָל ער ניט שיקנ די היימלאָזע קאצ אפ דער אויסשטעלונג, וואָס דארפ אינגיכנ זיכ עפענענ? אָבער נאָכנ פאראיאָריקנ דורכפאל איז ער געוואָרנ פאָרזיכטיקער.





— זעסטו, סעמי, — האָט ער געזאָגט צומ נעגער, — פאָרלייגנ זי ווי א פארוואָרלאָזטע קאצ טויג ניט, אָבער מיר וועלנ זיי אייַנבעטנ, די ניקערבאָקערס. פריִער פאר אלצ איז נייטיק א גוטער נאָמענ. דו פארשטייסט אליינ, אז דאָ דארפ מענ האָבנ עפּעס אזוינס „קיניגלעכס“, — מיט קיינ זאכ וועסטו זיכ אזוי ניט אייַנקויפנ בא די ניקערבאָקערס, ווי מיט עפּעס „קיניגלעכס“. וואָס וועסטו זאָגנ, צומ בייַשפּיל, וועגנ „קיניגלעכנ דיק“ אָדער וועגנ „קיניגלעכנ סעמ“?



אַבער ווארט, דאָס זיינען דאָך אלץ מענערשע נעמען. זאָג מיר נאָר, סעמי, ווי האָט זיך גערופן יענער אינדזל, ווו דו ביסט געבאָרן געוואָרן?

— דער אינדזל אנאלאָסטאן איז געווען מיין היימאט, סער.

— גלענצנד! „קיניגלעכע אנאלאָסטאנקע", דער טייוול זאָל עס נעמען! די איינציקע „קיניגלעכע אנאלאָסטאנקע" מיט אן אטעסטאט אף דער גאנצער אויסשטעלונג. פאר די זייטן זיך האלטן, בעעמעס! — און ביידע האָבן זיך הילכיק פאנאנדערגעלאכט.

— מע וועט מוזן אָקאָרשט פארגרייטן אן אטעסטאט.

און די פריינס האָבן זיך גענומען פארפאסן א גענויעם פאלשן ייִכעס-בריוו..

איינמאָל אין אָוונט, פארפוצט אין א געליענעם צילינדער, האָט סעם איבערגעגעבן די קאץ און דעם אטעסטאט די אופזעער פון דער אויסשטעלונג. פירן די אונטערהאנדלונגען האָט גענומען אף זיך דער שווארצער. ער איז געווען אמאָל א שערער אף דער זעקסטער עוועניו, און ער האָט געקענט זיך האלטן א סאך איידעלער און סאָלידער איידער מאלי. ס'קאָן זיין, דאָס איז געווען איינע פון די סיבעס, פארוואָס די קיניגלעכע אנאלאָסטאנקע האָט באגעגנט אזא בעקאָוועדיקן אופנעם אף דער קעצישער אויסשטעלונג.

דער יאפאָנער האָט זייער שטאָלצירט מיט דעם, וואָס זיין קאץ איז אָנגענומען געוואָרן אף דער אויסשטעלונג, אָבער אין אים האָט געלעבט די פּאָרכטיקייט פון א לאָנדאָנער קרעמער פאר דער העכערער געזעלשאפט, און אינעם טאָג פון דער עפענונג, ווען ער איז צוגעגאנגען צום אריינגאנג, האָט אים דער אָטעם פארכאפט פונעם יאם קארעטעס און צילינדערס, וואָס ער האָט דערזען. דער שוויצאר האָט אופמערקזאם א קוק געטאָן אף אים, אָבער דערזען אן אריינגאנג-בילעט, האָט ער אים דורכגעלאָזן: מיסטאמע האָט ער אים אָנגענומען פאר א קאָניוך פון אוועלכן-ניט-איז רייכן פּאָרעץ, וואָס האָט דאָ ארויסגעשטעלט א קאץ. אין זאל זיינען ארום די לאנגע רייען שטייגן אויסגעשפרייט סאמעטענע טעפּיכער. דער יאפאָנער האָט כיטרע זיך געגאנווועט לענגאויס די ווענט, אריינקוקנדיק צו די פארשיידענע מינים קעץ מיט בלויע און רויטע סטענגעלעך אף די העלדזער. ער האָט געזוכט זיין קאץ, אָבער ניט געוואגט א פרעג צו טאָן וועגן איר און געציטערט פונעם געדאנק, וואָס וועט זאָגן דער דאָזיקער רייכער גרויסארטיקער אוילעם ווען ער וועט זיך דערוויסן, וואָס פאר א שפיל ער האָט מיט זיי אָפּגעשפילט. ער האָט געזען א סאך פרעמירטע קעץ, נאָר בעשומויפן ניט געקאָנט

געפינען זײַנע הײמלאָזע קאַץ. ער האָט זיך דורכגעשטויסן דורכן האַמוין, אָבער זײַן קאַץ האָט ער אַלץ ניט געזען. דער יאַפּאַנער האָט באַשלאָסן, אַז ס'איז געוויס פאָרגעקומען אַ טאָעס: די ריכטער האָבן זיך געכאַפּט און אָפּגעזאָגט זיך אָנצונעמען זײַן קאַץ. מײלע: ער האָט באַקומען זײַן אַרײַנגאַנג־בילעט און ווײסט איצט חעמען עס געהערן די ווערטפולע פּערסישע און אַנגאָרער קעץ.

אינמיטן פונעם צענטראַלן זאַל זײַנען געווען אַרויסגעשטעלט די ערשט־קלאַסיקע קעץ. אַרום זײ האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גאַנצער האַמוין. לענגויס דעם זאַל זײַנען געווען דורכגעצויגן שטריק, און צווײ פּאָליציאַנטן האָבן נאָכגעשפּירט, אַז דער האַמוין זאָל זיך ניט פאַרהאַלטן אַף אײן אָרט. דער יאַפּאַנער האָט זיך דורכגעשטויסן אין דער סאַמע געדיכטעניש. לויט זײַן חוקס איז ער געווען צו קלײן, ער זאָל קאָנען קוקן אַריבער די פּלײצעס. און כאָטש דער פאַרפּוצטער אוילעם האָט זיך געפּלײַסט צו האַלטן וואָס ווײַטער פון זײַנע טראַנטעס, פונדעסטוועגן האָט ער בעשומויפן ניט געקאָנט זיך דורכשפּאַרן צו דער מיטלסטער שטײַג, און פון די באַמערקונגען, וואָס ער האָט געהערט פון אַלע אַרומיקע, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָ געפינט זיך גראָד דער סאַמע טשוואָק פון דער אויסשטעלונג.

— נו, איז דאָס ניט קײן שײנהײַט? — האָט געזאָגט אַ הויכוווקסיקע פרוי.

— אַך! וואָס פאַר אַ פײַנקײַט! — איז געווען דער ענטפער.

— אָט דער פוילער אויסדרוק אין די אויגן איז געשאַפן. געוואָרן דורך גאַנצע דורעס אויסגעצערטלט לעבן.

— אַך! ווי אָנגענעם עס וואָלט געווען צו האָבן בײַ זיך די דאָזיקע גרויסאַרטיקע באַשעפעניש.

— וויפל ווערדע! וויפל רויִקײַט!

— מע זאָגט, איר ייִכעס דערגײט קימאַט ביז פאַרען, דעם קיניג פון עגיפּטן.

דער אָרעמער, שמוציקער, קלײנינקער יאַפּאַנער האָט זיך געוווּנדערט אַף זײַן אײגענעם דרײסטן אײַנפאַל. צי דען האָט זיך איםווירקלעך אײַנגעגעבן אַרײַנצושפּאַרן זײַן הײמלאָזע קאַץ אין אַזאַ געזעלשאַפט?

— אַנטשולדיקט, מאַדאַם. — עס האָט זיך באַוויזן דער דירעקטאָר פון דער אויסשטעלונג. דער אוילעם האָט פאַר אים פרײַ געמאַכט דעם וועג. — דאָ געפינט זיך דער קינסטלער פון דער „ספּאָרט־צײַטונג“, מע האָט אים באַשטעלט צו מאַכן

א צייכענונג פונעם פערל פון אונדזער אויסשטעלונג, קעדיי גלייך צו פארעפנטלעכן. איך וועל בעטן א ביסל אָפּגיין אין א זייט. אָט אזוי, איך דאנק אייך.

— אָ, הער דירעקטאָר, צי קאָנט איר אים ניט איינריידן, ער זאָל פארקויפן די דאָזיקע גרויסארטיקע באשעפעניש?..

— הם... כ׳חיים ניט, — איז געווען דער ענטפער. — אפ וויפל מיר איז באחוסם, איז ער א מענטש א גאנץ רייכער און צוטרעטן צו אים איז גאנץ שווער. פונדעסטוועגן וועל איך פרווון, מאדאם, איך וועל א פרווו טאָן. ווי מיר האָט געזאָגט זיין הויפּ-אופזעער, האָט ער מיט גרויס מי מאסקים געווען ארויסצושטעלן דעם דאָזיקן אויצער. הערט אויס, וווהין קריכט איר? — האָט דער דירעקטאָר געוואָרפן א בייזן בליק צו אן אָפּגעריסענעם מענטשן, וואָס האָט אומגעדולדיק אָפּגעשטויסן דעם קינסטלער פון דער אריסטאָקראטישער קאץ. אָבער דער אָפּגעריסענער מענטש האָט געוואָלט אומבאדינגט זיך דערוויסן, פונוואנען שטאמען די ראסעווע קעץ. ער האָט געכאפּט א קוק אין שטייג און איבערגעלייענט דעם צעטל, אפ וועלכן עס איז געווען געמאָלדן, אז „די בלויע סטענגע און די גאָלדענע מעדאל פון דער אויסשטעלונג פון דער געזעלשאפט „ניקערבאָקער״ ווערן ארויסגעגעבן דער „ריינבלוטיקער״, ווי עס ווייזט דער אטעסטאט, קיניגלעכער אנאלאָסטאנקע, וועלכע איז ארויסגעפירט און ארויסגעשטעלט געוואָרן דורכן באחוסטן ליבהאָבער יאפּ. מאלי, עסקווייר (פארקויפט זיך ניט)״. דער יאפּאָנער האָט איבערגעכאפּט דעם אָטעם און ווידער א קוק געטאָן. יאָ, קיין סאָפעק האָט דאָ ניט געקאָנט זיין. דאָרט, הויך, אפ א סאמעטן קישעלע, אין א באגילטער שטייג, אינטער דער ערנוואך פון פיר פאָליציאַנטן, שיינענדיק מיט איר גלאנציק שווארץ פעלכל אין העל־גרויע פלעקן, עטוואָס פארזשמורעט די בלוילעכע אויגן, איז געלעגן זיין הימלאָזע קאץ. איר איז געווען זייער לאנגווייליק. זי האָט ניט געקאָנט אָפּשאצן דעם טומל, וואָס מע האָט ארום איר אופגעהויבן.

## VII

דער יאפּאָנער מאלי האָט שאָענלאנג זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פון דער שטייג. ער האָט זיך פארכלינעט מיט זיין רום. פאר זיין גאנץ לעבן האָט ער צום ערשטן מאָל געהאט רום. אזא מין רום האָט זיך אים נאָך קיינמאָל אפילע ניט געכאָלעמט. פונדעסטוועגן האָט ער פארשטאנען — עס וועט זיין גלייכער, אז

ער וועט זיך האלטן פונדערווייטן, און לאָזן פירן דאָס געשעפט זיין „הויף־אופזעער“.

איר גאנצן דערפאָלג האָט די אויסשטעלונג געהאט צו פארדאנקען דער היימלאַזער קאץ. מיט יעדן טאָג איז דער פרייז פון דער קאץ געוואקסן אין די אויגן פון איר באלעבאָס. ער האָט קיין אנונג ניט געהאט וועגן די סומען, וואָס מע קאָן אמאָל אָפּנעמען פאר א קאץ. ער האָט געמיינט, אז ער האָט אריינגע-כאפט א גאנץ פארמעגן, ווען זיין „הויף-אופזעער“ האָט געגעבן דעם דירעקטאָר א דערלויבעניש צו פארקויפן די אנאלאָסטאנקע פאר 100 דאָלער.

אָט וויאַזוי עס איז געשען, אז די היימלאָזע קאץ האָט זיך אריבערגעקליבן פון דער אויסשטעלונג אין א גרויסארטיק הויז אף דער פינפטער עוועניו. זי האָט גלייך גענומען ארויסווייזן אן אומפארשטענדלעכע ווילדקייט. אָבער דאָס, וואָס זי האָט ניט ליב מע זאָל זי צערטלען, איז אויסגעטייטשט געוואָרן, ווי אריסטאָקראטישער עקל צו פאמיליערקייט. איר אנטלויפן פונעם שטוביקן הינטל אפן מיטן טיש האָט מען דערקלערט מיט איר איינגעבאָרענעם ווידערגעפיל צו א באשעפעניש פון א נידעריקערן מין. אירע אטענטאטן אפן שטוביקן קאנאריק האָט מען אויך דערקלערט מיט דער גרויזאמקייט, וואָס הערשט אין איר מיזרעכ-דיקער היימאט. אירע פריצישע מאנירן באם עפענען דאָס קריגל מיט מילך האָבן ארויסגערופן אלגעמיינע אנציקונג; דאָס, וואָס זי האָט ניט געוואָלט שלאָפן אינעם זייד־באשלאָגענעם קויש, און אירע אָפטע צוזאמענשטויסן מיט די שויבן פון די פענצטער האָט בלויז דערוויזן, אז דער קויש איז ניט גענוג צוגעפוצט, און די שפיגל-שויבן זיינען ניט גענוג דורכזיכטיק. איר ניט גאָר ציכטיקע האנדלונג בע-נעגייע די טעפיכער איז געווען א סימען פון איר מיזרעכדיקן ארט דענקען. די אָפטע, אָבער ניט געלונגענע פרווון אירע צו כאפן דאָס שפערל, וואָס איז ארומ-געפלויגן אינעם אָפּגעצאמטן גאָרטן, האָבן געדינט פאר אן איבעריקן באווייז, ווי ניט פראקטיש עס איז די קיניגלעכע דערציִונג, וואָס זי האָט באקומען. און די וויזיטן, וואָס זי פלעגט שטילערהייט מאכן אין די מיסטקאסטנס, זיינען בא-טראכט געוואָרן, ווי א קאפריז פון א צעבאלעוועטער אריסטאָקראטקע. מע האָט זי געכאָוועט און געצערטלט, אָבער זי איז ניט געווען גליקלעך. די קאץ האָט געבענקט נאָך איר היים. זי האָט געריבן די בלויע סטענגע אפן האלדז, ביז זי איז פון איר פאָטער געוואָרן. זי האָט זיך געשלאָגן אין די שויבן פון די פענצ-טער דערפאר, ווייל איר האָט זיך געדאכט, אז דאָס איז דער וועג אפן גאס. זי





האָט אויסגעמיטן מענטשן און הינט, ווײַל מענטשן און הינט זײַנען געווען אירע אלטע פײַנט. זי פלעגט לאַנג זיצן באַם פענצטער און מיט בענקשאַפט קוקן אף די דעכער און הינטער־הויפן. אך, ווי איר האָט זיך געוואָלט ווידעראַמאָל זיך אומקערן אַהין!

אָבער מע האָט נאָך איר שטרענג נאָכגעשפּירט. קיינמאָל ניט אַרויסגעלאָזט אפן הויף. פאַרגעניגן האָבן צווישן מיסט און שמוץ פלעגט זיך איר אײַנגעבן נאָר דעמלס, ווען זי פלעגט געפינען מיסט און שמוץ אין שטוב. פונדעסטוועגן, אין איינעם אַן אָוונט אין מאַרט כוידעש האָט די קיניגלעכע אַנאַלאָסטאַנקע געפּאַקט א מינוט, ווען די מיסטקאַסטנס זײַנען אַרויסגעשטעלט געוואָרן אפן הויף. זי האָט זיך דורכגעשלײַכט דורך דער טיר און... שיט איר אָן זאַלץ אפן עק.

ס׳איז גאָר איבעריק צו דערציילן, וואָס פאַר א מין גרויסע פּאַניק עס איז פאָרגעקומען. אָבער די קאַץ האָט ניט געוווּסט און ניט געוואָלט וועגן דעם וויסן. זי האָט געטראַכט בלויז, ווי דערקלײַבט מען זיך גיכער אַהיים. נאָך א סאַך קלענערע און גרעסערע פּאַסירונגען איז זי שוין געווען לעבן גראַמערסי גרענדוש היל. וואָס זשע איז געווען נאָכדעם? דערקלײַבן זיך אַהיים האָט זיך איר ניט אײַנגעגעבן און פון דער אַנדערער זײַט איז זי געבליבן אָן א זיכער שטיקל ברויט. דער הונגער האָט זיך שוין געלאָזט פילן. אָבער ניט געקוקט אף דעם אַלעם, האָט זי געפילט א מאָדנע פרייד. א געוויסע צײַט האָט זי אויסגעוואַרט, פאַרשטײַענדיק זיך אין א סעדל בא איינעם א הויז. עס האָט זיך אויפגעהויבן א שטאַרקער מיזרעך-ווינט און געבראַכט איר א פרײַנטלעכן גרוס. מענטשן האָלטן גע׳אָגט אף דעם דאָזיקן גרוס — א שלעכטער רייעך פונעם ברעג. אָבער פאַר אונדזער קאַץ איז דאָס געווען א געווונטשענער גרוס פון איר היים. זי איז האַסטיק געלאָפן איבער א לאַנגער גאַס, אין דער ריכטונג צו מיזרעך, געהאַלטן זיך נאָענט צו די גראַטעס פון די הײַזער, צײַטנווײַז געבליבן שטיין פאַרגלייווערט אפן אָרט, ווי א סטאַטוע, און ענדלעך דערגרייכט דעם ברעג און דאָס וואַסער. אָבער דאָס אָרט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז איר אומבאַקאַנט. מע האָט געקאָנט פאַרקעריען סײַ אף דאָרעם סײַ אף צאָפן. עפּעס האָט זי געצווּנגען צו פאַרקערעווען אף דאָרעם, און לאַווירנדיק צווישן הינט, וועגענער און קעץ, דורך די געשלענגלטע קאַנטן פון דער בוכטע, איז זי אין א פּאָר שאָ אַרום געקומען אין אַזא אָרט, וווּ זי האָט זיך דערפילט צווישן באַקאַנטע רייכעס. די זון איז נאָך ניט אויפגעשטאַנען, ווען זי איז א מידע, אונטערהינקענדיק, דורכגעקראָכן



דורכ יענער זעלבער אלטער שפארונע אינעמ זעלבנ פלויט, אריבערגעקלעטערט אריבער דער וואנט אפנ הינטער-הויפ פונ דער אויפעס־קראָמ, — אונ צוריק אינ יענעמ זעלבנ קאסטנ, אינ וועלכנ זי איז געבאָרנ געוואָרנ.

אָ, ווענ אירע באלעבאטימ פונ דער פינפטער עוועניו וואָלטנ זי איצט דערזענ אינ איר „מיזורעכדיקער היימאט“!

אָפגערוט ווי עס דארפ צו זײַנ, איז זי טראָט נאָכ טראָט צוגעגאנגענ צו די טרעפ פונעמ אויפעס־קעלער, זוכנדיק עפעס אָפצועסנ. די טיר האָט זיכ געעפנט, אונ אפנ שוועל האָט זיכ באוויזנ דער נעגער. ער האָט א געשריי געטאָנ צומ אויפעס־הענדלער:



— זע נאָר, באלעבאָס, קומ אהער. די קיניגלעכע אנאלאָסטאנקע האָט זיכ אומגעקערט אהיימ.

ווענ דער יאפאָנער האָט זיכ באוויזנ אפנ שוועל, איז די קאצ אריבערגעשפרונגענ איבערנ דאכ. ביידע האָבנ זי אָנגעהויבנ רופנ מיט א מילדנ כניפעדיקנ קאָל: „קיס! קיס!.. אָרעמע קיסקע!.. קומ אהער, קיסקע!“ אָבער דער קיסקע זײַנענ זיי ניט געווענ געפעלנ אונ זי האָט זיכ אוועקגעלאָזט אינ איר פריערדיקער באהעלטעניש.

די קיניגלעכע אנאלאָסטאנקע איז געווענ פאר דעמ יאפאָנער אנ עמעסער אויצער. פאר די הונדערט דאָלער, וואָס ער האָט פאר איר באקומענ, האָט ער געקויפט א היפשע צאָל נײַע געפאנגענע אונ פארשיידענע נוצלעכע זאכנ. דערפאר איז פאר אימ געווענ ביז גאָר וויכטיק צו כאפנ איצטער איר מאיעסטעט. מע האָט געלאָזט אינ גאנג פארשטונקענ פלייש אונ אנדערע רייצנדיקע זאכנ, קעגנ וועלכע די קאצ זאָל ניט קאָנענ בײַשטיינ, אונ סאָפקאָלסאָפ האָט די קאצ, אנ אויסגעפײַניקטע פונ הונגער, זיכ געלאָזט פארנארנ. ענדלעכ האָט זי זיכ צוגעגאנגענ צו א גרויסנ קאָפ פונ א פיש, וואָס מע האָט אוועקגעלייגט אינ קאסטנ צוזאמענ מיט א פאסטקע. דער נעגער האָט א צי געטאָנ דאָס שטריקל: דאָס דעקל האָט זיכ פארמאכט, אונ אינ א מינוט ארומ איז די קיניגלעכע אנאלאָסטאנקע ווידער געזעסנ צווישנ די געפאנגענע אינעמ קעלער. דער יאפאָנער האָט דערווײַל זיכ פארטיפט אינ די צײַטונג-אנאָנסנ. אָט איז איינ אנאָנס: „פינפ דאָלער דעמ, וואָס וועט געפינענ אונ אזוי ווײַטער“. אינעמ זעלבנ אָוונט איז דער „הויפ-אופזעער“ פונעמ מיסטער מאלי געקומענ אינ הויפ אפ דער פינפטער עוועניו מיט דער פארפאלענער קאצ: „א גרוס פונעמ מיסטער מאלי, סער. די קיניגלעכע אנא-



לאָסטאנקע האָט זיך אומגעקערט צו איר פריִערדיקן באַלעבאָס. מיסטער מאלי איז זייער צופרידן אײַך אומצוקערן די קיניגלעכע אנאלאָסטאנקע, סער". פארשטייט זיך, עס קאָן קיין רייד ניט זײַן וועגן באלוינען דעם מיסטער מאלי, אָבער דער „הויפ-אופזעער" האָט געגעבן צו פארשטיין, אז ער וועט נעמען גערן די צוגעזאָגטע באלוינונג „אפ טיי".

נאָכדעם האָט מען נאָך שטארקער אָנגעהויבן אכטונג געבן אפ דער קאץ. אָבער אָנשטאָט אנטוישט צו ווערן אין איר פריִערדיקן הונגעריקן לעבן און פרייען זיך מיט איר ווארעמען היימלעכן ווינקל, איז זי פון טאָג צו טאָג געוואָרן אלץ ווילדער און צערייצטער.

## VIII

דער פרילינג האָט געארבעט מיט אלע קויכעס, אפ וויפל דאָס איז נאָר מעגלעך אין ניו־יאָרק. די שמוציקע שפערלעך האָבן זיך געשלאָגן און ארומגעשמײַעט בא די רינוועס. די קעץ האָבן געוויעט גאנצע נעכט אפ די דעכער, און די פאמי־ליע פון דער פינפטער עוועניו האָט גענומען טראכטן וועגן אריבערפאָרן אפ דאטשע. מע האָט צונויפגעלייגט די זאכן, פארשלאָסן דאָס הויז און אוועקגעפאָרן אין דאָרף, מיטנעמענדיק מיט זיך די קאץ אין קויש.

— פונקט דאָס, װאָס זי דארף האָבן: די פרישע לופט און די נײַע ארום־רינגלונג וועט זי צווינגען פארגעסן אָן אירע פריִערדיקע באלעבאטים און זי וועט זײַן גליקלעך.

דעם קויש האָט מען אוועקגעשטעלט אינעם וועג־קאסטן הינטער דער קא־רעטע. אהין זײַנען ארײַנגעדרונגען פארבײַלויפנדיקע קלאנגען און רייכעס און זײַנען גלײַך פארשוונדן. די קארעטע האָט געענדערט די ריכטונג. דערנאָך האָט זיך דערהערט א טופעריי פון א סאך טריט. דער קויש האָט ווידער זיך אָנגעהויבן הוידען. א קורצער אָפּשטעל. ווידעראמאָל געענדערט די ריכטונג. א קנאקעריי און א דויערנדיקער שארפער פײַפ, א קלינגעריי, א הילך, אן אומאָנגענעמער רייעך, אן עקלהאפטער רייעך! א שרעקלעכער! א פארהאסטער, א שטיקנדיקער רייעך! א מוירעדיקע, גיפטיקע שטינקעריי! דער הילך האָט פארטויבט די הארצרײַסנדיקע געשרייען פון דער אָרעמער באשעפעניש. עס האָט זי געשטיקט, עס האָט איר אויסגעפעלט לופט. און פלוצלינג איז ווידער ליכטיק געוואָרן, און ווידער איז געוואָרן לופטיק. דערנאָך האָט א מענטשן־שטים אויסגעשריִען: „ארויסנעמען דעם





גאַנצן באַגאַזש פֿאַר דער הונדערט-פֿינף-און-צוואַנציקסטער גאַס!״ פֿאַר דער קאַץ איז דאָס געווען, פֿאַרשטייט זיך, בלויז אַ זינלאָזער מענטשלעכער געשריי. דער הילך איז פֿאַרשטילט געוואָרן. אין אַ צײַט אַרום האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ טרייסלעניש. ווידעראַמאָל אַ סך קלאַנגען און אַ הוידעניש, אָבער אָן דער גיפֿטיקער שטינקערײַ. זי האָט דערהערט, ווי עס מעקען בעהיימעס. אָט הערט זיך אָן אָנגענעמער רייעך פֿון טײַך, דערנאָך ווידער געשרייען, סקריפּערײַען, אָפּשטעלן, אַ קנאַקערײַ, אַ געשטאַנק, שפּרינגערײַען, אופּטרייסלונגען. דערנאָך ווידער נײַע רייכעס און שטויסן: גרויסע שטויסן, קליינע שטויסן, — גאַז, רויך, קווייטשערײַ, קלינגערײַ, ציטערניש, אַ געיאָמער, דונערן. און ווידער נײַע רייכעס. ענדלעך זיך אָפּגעשטעלט. דורכן דעקל פֿונעם קויש האָבן שוין דורכגעלויכטן זוניקע שטראַלן. די קיניגלעכע קאַץ האָט מען אַריבערגעזעצט אין אַן אַלטמאָדישן וועג־קאַסטן. געענדערט די ריכטונג, האָבן די רעדער גענומען דונערן איבער אַן אַנדער וועג. עס איז צוגעקומען אַ נײַער און שרעקלעכער קלאַנג — אַ געביל פֿון הינט, און אַזוי נאָענט, איבערן סאַמע אויער. מע האָט צעעפֿנט דעם קויש, און די היימלאָזע קאַץ איז געוואָרן אַ דאַטשניצע.

אַלע אַרומיקע זײַנען געווען אַזוי גוט, אַז ס׳איז אַזש פֿריקרע. יעדערן האָט זיך געוואָלט צופֿרידנשטעלן די קיניגלעכע קאַץ, אָבער קיינעם האָט זיך דאָס ניט אײַנגעגעבן, אויסער דער גרויסער פֿעטער קעכן. מיט דער קעכן האָט די קאַץ זיך באַקענט אין קיך. דער רייעך פֿון דער דאָזיקער פֿעטער פֿרוי האָט דערמאָנט אָן דעם רייעך פֿון דעם מיסטקאַסטן. און זי קיניגלעכע אַנאַלאָסטאַנקע האָט דאָס גלײַך דערשפּירט. דערוויסנדיק זיך, אַז די באַלעבאַטים האָבן מוירע, די קאַץ זאָל ניט אַנטלויפֿן, האָט די קעכן צוגעזאָגט זי צוגעוווינען. זי האָט רירעוודיק אַ כאַפּ געטאָן דאָס ניט צוטריטלעכע אָפּגאָטל, די קאַץ, אין פֿאַרטעך אַרײַן און אָפּגעטאָן מיט איר אַ שרעקלעכע זאַך — אָנגעשמירט איר די פּיאַטעס מיט שמאַלץ. די קאַץ, פֿאַרשטייט זיך, איז געוואָרן שטאַרק אויפֿגעבראַכט, פֿונדעסטוועגן, ווען מע האָט זי אָפּגעלאָזט פֿרײַ, האָט זי אָנגעהויבן אָפּלעקן די לאַפּעס און געפֿונען אין דעם דאָזיקן שמאַלץ אַ געוויסע באַפֿרידיקונג. זי האָט געלעקט אַלע פֿיר לאַפּעס אין פֿאַרלויף פֿון אַ שאָ, און די קעכן האָט פֿײַערלעך געמאָלדן, אַז „זי וועט שוין זיכער בלײַבן״. און ריכטיק, די קאַץ איז געבליבן. נאָר עס האָט זיך אַנטפּלעקט אין איר אַן איבעראַשנדיקע און אומדערהערטע ליבע צו דער קיך, צו דער קעכן און צו דער פּאָמויניצע.

כאָטש די באלעבאטימ האָבנ זיכ גענומענ צומ הארצנ פונ די דאָזיקע אריסטאָקראטישע קאפריזנ אירע, פונדעסטוועגנ איז זיי געווענ אָנגעלייגט צו זענ די קיניגלעכע אנאלאָסטאנקע א צופרידענע אונ א גוטע. אינ א פּאָר וואָכנ ארומ האָט מענ זי אָנגעהויבנ לאָזנ א ביסל מערער פריי. מע האָט זי באהיט פונ דער קלענסטער אומאָנגענעמלעכקייט. די הינט האָבנ זיכ אויסגעלערנט צו אכטנ זי. קיינ איינ מענטש, קיינ איינ יינגל פונ דער אומגעגנט האָט ניט געוואגט ווארפנ א שטיינ אינ דער בארימטער קאצ, וואָס האָט אנ אטעסטאט. עסנ האָט מענ איר געגעבנ אריבערנ האלדז. פונדעסטוועגנ איז זי געווענ אומגליקלעכ. עפּעס האָט זיכ איר געוואָלט א סאכ מערער. זי האָט אַליינ ניט געוווּסט וואָס. זי האָט געהאט אלצ, נאָר איר האָט זיכ געוואָלט עפּעס אנדערש. זי האָט א סאכ עסנ אונ טרינקענ, נאָר די מילכ האָט גאָר ניט יענעמ טאמ, ווענ מע קאָנ גיינ אונ לעקנ וויפל דו ווילסט פונ דער שאָל. מע דארפ עס ארויסגאנווענענ פונ א בלעכענעמ קרוג, ווענ עס קראמפּט אינ בייכ פונ הונגער אונ דאָרשט. אניט האָט דאָס גאָר ניט דעמ טאמ. ניט קיינ מילכ איז דאָס, אונ שוינ.

עמעס, הינטערנ הויז איז יאָ געווענ א גרויסער הויפ, אָבער ער איז געווענ דורכויס פארמיסטיקט אונ פארסאמט מיט רויזנ. אפילע די פערד אונ די הינט האָבנ געשמעקט ניט אזוי, ווי עס דארפ צו זיינ. דאָס גאנצע לאנד איז דאָ דורכויס א מידבער, וואָס באשטייט פונ עקלהאפטע סעדער אונ לאָנקעס, אָנ איינ חוינונג, אָנ איינ קוימענ. ניינ, דאָס איז איר ניט צומ הארצנ! אינ דעמ גאנצנ שרעקלעכנ הויפ איז געווענ בלויז איינ ווילשמעקנדיקער קוסט, איז ער אויכ געווענ אינ א פארוואָרפנ ווינקל. זי האָט מיט פארגעניגנ געשטשיפּעט זיינע בלעטעלעכ אונ געוואלגערט זיכ אפ אימ. דאָס איז געווענ דאָס איינציקע אָנגענעמע אָרט, ווייל פונ דער ערשטער מינוט אָנ, זינט זי איז אהער געקומענ, האָט זי ניט געזענ קיינ איינ פארשטונקענעמ קאָפּ פונ א פיש, קיינ איינ מיסטקאסטנ. דער הויפ האָט איר אויסגעוויזנ א מיעס, עקלהאפט לאנד. זי וואָלט אָנ סאָפעק אנטלאָפנ אינעמ סאמע ערשטנ אָוונט, ווענ זי וואָלט געווענ אפ דער פריי. אָבער די פרייהייט איז געקומענ שפּעטער, אינ עטלעכע וואָכנ ארומ, אונ פאר דער צייט האָט זי גראָד זיכ באפריינדעט מיט דער קעכנ. אָבער סאָפ זומער זיינענ פאָרגעקומענ געשעענישנ, וואָס האָבנ אפסניי אופגעוועקט די היימלאָזע אינסטינקטנ בא דער קיניגלעכער געפאנגענער.

אינעמ דאָרפישנ הויפ האָט מענ געבראכט צו פירנ א גרויסנ פּאק סכוירע



פונ פאָרט. ער איז געווענ אינגאנצנ דורכגעזאפּט מיט די שארפסטע אונ צויבערנדיקסטע רייכעס פונ פאָרט. די סטרונעס פונעמ זיקאָרנגע פינענ זיכ, אָנ סאָפעק, אינעמ כושארייעכ. אונ פאר דער קאצ איז אקשאָנעסדיק אופגעשווומענ איר פארגאנגענהייַט. אפ מאָרגנ האָט מענ די קעכנ צערעכנט. נאָכ איר אוועקגיינ איז די קאצ געבליבנ אינגאנצנ פאריאָסעמט. אונ אינעמ זעלבנ אָוונט האָט דער קלענערער זונ פונ דער באלעבאָסטע, א שלעכטער קליינינקער אמעריקאנער, וואָס האָט ניט געהאט קיינ מינדסטנ געפיל פונ אכטונג צומ קיניגלעכנ אָפּשטאמ, פארטראכט אָפּטאָנ דער קאצ א שפּיצף — צוגעבונדנ א בלעכנ קעסטעלע צומ עק פונ דער אריסטאָקראטקע. אפ דער דאָזיקער כוצפע האָט די קאצ געענטפערט מיט א באוועגונג פונ איר לאפּקע, וואָס איז געווענ באוואָפנט מיט פינפ גרויסע האטשיקעס פאר פישפּאנג. דער קוויטש פונ דער באליידיקטער אמעריקע האָט שטארק אופגערודערט די אמעריקאנישע מוטער. דורכ א נעס האָט די קאצ זיכ ארויסגעדרייט פונעמ ביכל, וואָס יענע האָט אינ איר א וואָרפ געטאָנ מיט עמעסער פרוישער געשיקטקייַט, זיכ ארויסגעריסנ אונ געלאָזט זיכ לויפנ. געלאָפנ איז זי, פארשטייט זיכ, ארופ. א שטשור, ווענ מע יאָגט אימ, לויפט ער אראָפ, א הונט — גלייַכ, א קאצ — ארופ. זי האָט זיכ פארטייַעט אפנ בוידעמ, באהאלטנ זיכ פונ די פארפאָלגונגענ אונ אויסגעוווארט ביז נאכט. דעמלט האָט זי דורכגעשלייַכט אראָפ איבער די טרעפ. זי האָט איבערגעפרווט אלע טירנ איינע נאָכ דער אנדערער, ביז זי האָט געפונענ איינע אנ אָפענע, אונ איז פארזונקענ געוואָרנ אינ דער שווארצער אווגוסט-נאכט. די נאכט, שווארצ ווי סמאָלע פאר א מענטשנ־אויג, איז פאר דער קאצ געווענ בלויז א גרויע. די אנטלאָפענע קאצ האָט זיכ דורכגעגאנגענ דורכ די עקלהאפטע קוסטעס אונ קלומבעס, א שטשיפּע געטאָנ א לעצט מאָל דעמ איינציקנ אָנגענומענע קוסט אינ גאָרטנ אונ דרייסט זיכ אוועקגעלאָזט זוכנ איר היימאט.

ווי געפינט מענ דעמ וועג, וועלכנ זי האָט קיינמאָל ניט געזענ? אינ יעדער כייַע לעבט דער געפיל פונ ריכטונג. דער געפיל איז זייער שוואכ בא א מענטשנ אונ זייער שטארק בא א פערד. בא א קאצ איז דער דאָזיקער געפיל מעכטיק. דער דאָזיקער געהיימער וועגווייַזער האָט זי געריכטעט אפ מייַרעוו. אינ א שאָ ארומ האָט זי שוינ דורכגעמאכט צוויי מייַל אונ דערגרייכט דעמ טייַכ הודזאָנ. איר כושארייעכ האָט זי עטלעכע מאָל איבערצייַגט, אז זי האָט אויסגעקליבנ דעמ ריכטיקנ וועג. איר האָט זיכ דערמאָנט איינ רייעכ נאָכ א צווייטנ. פונקט ווי א



מענטש, ווענ ער נייט דורכ אנ אומבאקאנטער גאס, פארגעסט ער זי באלד, נאָר ווענ ער דערזעט זי א צווייט מאָל, דערמאָנט ער זיכ פלוצלינג עפעס אונ זאָגט צו זיכ: „נו יאָ, איכ בינ דאָכ דאָ שוינ איינמאָל געווענ“. אלזאָ, דער הויפּט-פירער פונ דער קאצ איז געווענ דער געפיל פונ ריכטונג, אונ די נאָז האָט די גאנצע צייט זי אונטערגעמונטערט: „יאָ, אזוי איז טאקע ריכטיק — מיר זײַנענ דאָ דורכגעפאָרנ פאַריקנ פרילינג“.



## דאָס דריטע לעבנ

## IX

קעצ קאָנענ זייער פלינק ארופקריכנ אפ א בוים אָדער אפ א וואנט, אָבער אינ דויערנדיקנ, גלייַכנ געלויפ וועט זיי א הונט שטענדיק אריבעריאָגנ. ניט געקוקט דערופ, וואָס דער וועג איז געווענ א גלייַכער, איז דורכ א גאנצע שאָ, איידער זי האָט זיכ דערווייַטערט נאָכ אפ צוויי מייַל פונעם רויזנ-גענעם. זי איז מיד געוואָרנ אונ אָנגעהויבנ א ביסל אונטערהינקענ. זי האָט שוינ געוואָלט זיכ אוועקלייגנ אָפּרוענ, ווי פלוצלינג האָט זיכ פונ הינטער א פלויט דערהערט א מוידעדיקער הינטישער געביל. די קאצ האָט אינ שרעק זיכ א ריס געטאָנ פאָרויס אונ האָט זיכ געלאָזט אינ איינ אָטעם איבערנ וועג, דערבייַ האָט זי געכאפּט א קוק, צי קאָנ ניט דער הונט דורכקריכנ דורכנ פלויט. ניינ, דערווייַל נאָכ ניט! אָבער דער הונט איז געשפרונגענ קימאט לעבנ איר מיט א הילכיקנ געביל, אונ די קאצ האָט זיכ אָפּגעכראָגנ אפ דער צווייטער זייַט גאס. דער הינטישער געביל איז פארוואנדלט געוואָרנ אינ א הילכערייַ, אינ א רעווערייַ, אינ א שרעקלעכנ דונער. עס האָט א פינקל געטאָנ א פייַער. די קאצ האָט זיכ ארומגעקוקט אונ דערזענ — ניט קיינ הונט, נאָר א ריזיקע שווארצע כייַע, מיט איינ-אונ-איינציק רויט אויג, רוקט זיכ אָנ גלייַכ אפ איר — די כייַע קוויטשעט, קריצט אונ פּיכטעט, ווי א פולער הויפ מיט קעצ. די קאצ האָט אָנגעשטרענגט אלע אירע קויכעס אונ געטראָגנ זיכ מיט אויסערגעוויינלעכער שנעלקייַט, נאָר ניט באשלאָסנ זיכ אריבער-שפּרינגענ אריבערנ פלויט. זי איז געלאָפנ, געפלויגנ, אָבער אלצ אומזיסט. דער מוידעדיקער פארפאָלגער האָט זי אָנגעיאָגט, נאָר אינ דער פינצטער זי ניט געפּאקט. ער איז דורכגעלאָפנ פארבייַ אונ פארשוווּנדנ, בייס די קאצ, ניט קאָנענדיק מער

כאַפּן דעם אָטעם, איז צוגעפאַלן צו דער ערד, אַף אַ האַלבן מײַל נעענטער צום הויז, ווי זי איז געווען ביז דער באַגעגעניש מיטן הונט.

דאָס איז געווען איר ערשטע באַגעגעניש אויג אַף אויג מיט דער אומבאַקאַנטער שרעקלעכער כּיַע. אַגעוו, האָט זי דערקענט די דאָזיקע פאַרזעעניש פֿויטן רייעכ. זי האָט זיך שוין איינמאָל באַגעגנט מיט איר, ווען זי איז געפּאָרן אין קויש אַף דאַטשע, אָבער די שרעק, וואָס די דאָזיקע פאַרזעעניש האָט אַף איר אָנגעוואָרפן, איז באַדײַטנדיק קלענער געוואָרן. זי האָט זיך איבערצײַגט, אַז די כּיַע איז זייער ניט רירעוודיק און וועט זי קיינמאָל ניט כאַפּן. זי דאַרף נאָר צוטוליען זיך לעבן אַ פּלויט און פאַרסטײַען זיך. ביז ס'איז אָנגעקומען דער באַגינען, האָט זי באַגעגנט עטלעכע פון זיי, נאָר זי איז געבליבן גאַנץ.

צו באַגינען צו האָט זי אָנגעטראָפן אַף אַ ווײַלן שמוציקן הויף. אין אַ קופּע מיסט האָט זיך איר אײַנגעגעבן צו געפינען אַ געשמאַקן אָנבײַסן. דעם טאָג האָט זי פאַרבראַכט לעבן אַ שטאַל, ווו עס האָבן געוווינט צוויי הינט און אַ סאַך יינגלעך, וואָס האָבן זי שיר ניט דערהאַרגעט. דאָ איז געווען זייער ענלעך אַף איר היים, אָבער זי האָט זיך ניט געקליבן דאָ פאַרבלײַבן. די אַלטע בענקשאַפט האָט זי שטאַרק געצויגן, און ווי עס איז נאָר געוואָרן טונקל, האָט זי ווידער זיך געלאָזט אין וועג. פאַרבײַ איר זײַנען דעם גאַנצן טאָג דורכגעלאָפן אייניגיקע דונערנדיקע כּיַעס. אָבער זי האָט זיך שוין צוגעוווינט צו זיי און איז אַלץ געלאָפן ווײַטער אָן שרעק אַ גאַנצע נאַכט. אַף מאָרגן האָט זי דעם גאַנצן טאָג פאַרבראַכט אין אַ שפּײַכלער, ווו איר האָט זיך אײַנגעגעבן צו כאַפּן אַ מויז. די נאַכט איז דורכגעגאַנגען אַזוי ווי די פריערדיקע, בלויז מיט דעם כילעק, וואָס זי האָט זיך באַגעגנט מיט אַ הונט, וועלכער האָט זי פאַרטריבן ווײַט צוריק. עטלעכע מאָל האָט זי זיך אַראָפּגעשלאָגן פון וועג איבער די איבערקרייצונגען פון וועגן. דאָס האָט זי פאַרפירט ווײַט אין אַ זײַט, אָבער שטענדיק האָט זי זיך באַצײַטנס אומגעקערט צו דער פריערדיקער ריכטונג. באַטאָג האָט זי אַרומגעבלאָנקעט הינטער שפּײַכלערס און ווי ווײַט מעגלעך אויסגעמיטן הינט און יינגלעך. און באַנאַכט איז זי געגאַנגען ווײַטער איבערן וועג. זי האָט אָנגעהויבן מיד ווערן, אָבער זי האָט אַלץ ווײַטער זיך גערוקט פאָרויס אַ מײַל נאָך אַ מײַל, צו דאָרעם. הינט, יינגלעך, דונערנדיקע כּיַעס, הונגער... הינט, יינגלעך, דונערנדיקע אייניגיקע כּיַעס, הונגער... און זי האָט אַלץ זיך געשלעפּט פאָרויס און פאָרויס, און די נאָז האָט זי פון צײַט צו צײַט אונטערגעמונטערט: „אָט דעם דאָזיקן רייעך האָבן מיר געהערט פאַראַיאָרן פרילינג".

# X



אזוי איז דורכ א וואָכ. אונ די קאצ, א שמוציקע, אנ אונטערהינקענדיקע, שוינ אָנ א סטענגעלע אפנ האלדז, האָט דערגרייכט די האַרלעמער בריק. ניט געקוקט אפנ גאנצ ווילנ רייעכ, איז די בריק דאָכ איר ניט געפעלנ געוואָרנ. א האלבע נאכט ארומגעבלאָנקעט הינ אונ צוריק איבערנ ברעג, ניט דערוווסט זיכ קיינ שום נייס, אויסער דעמ, אז דערוואקסענע מענטשנ זײַנענ פונקט אזוי געפערלעכ, ווי קינדער. ווילנדיק ניט ווילנדיק האָט זי געמוזט אומקערנ זיכ צום בריק. ניט נאָר אירע רייכעס האָבנ איר אויסגעוויזנ עפעס נאָענס, נאָר ווענ איבער איר איז דורכגעלאָפנ די איינויגיקע פארזעעניש, האָט זיכ אופגעהויבנ אזא הילכערײַ, וועלכע זי האָט שוינ געהערט בעשאס איר פרילינגדיקער רײַזע. ארומ האָט געהערשט א נאכטיקע שטילקײַט. די קאצ איז ארופגעשפרונגענ אפ א ריי קלעצער אונ האָט זיכ אוועקגעלאָזט מיטנ וואסער. זי האָט נאָכ ניט באוויזנ דורכצולויפנ א דריטל וועג, ווי פונ דער אנטקעגנדיקער זײַט האָט אפ איר מיט רעווערײַ זיכ א לאָז געטאָנ די דונערנדיקע איינויגיקע פארזעעניש. זי האָט זיכ שטארק דערשראָקנ, נאָר חיסנדיק די נארישקײַט אונ די בלינדעניש פונ די דאָזיקע איינויגיקע, האָט זי זיכ צוגעטוליעט צו דער פאָרענטשע אונ איז פארגליווערט געוואָרנ. די נארישע באשעפעניש איז, פארשטייט זיכ, דורכגעפלויגנ פארבײַ, אונ ס׳האָלט אלצ גוט געווענ, נאָר, חײַזמ אויס, זי האָט פארקערעוועט צוריק אָדער נאָכ איינע אזא באשעפעניש האָט פלוצלינג זיכ צעאָטעמט הינטער איר פלייצע. אינ איינ אָטעמ האָט די קאצ געלאָזט זיכ לויפנ פאָרויס. ס׳קאָנ זײַנ, זי וואָלט אפילע דערגרייכט דעמ ברעג, ווענ פונ דער זײַט וואָלט זיכ אפ איר ניט א וואָרפ געטאָנ מיט א געהײַל א דריטע רויטויגיקע כײַע. זי איז געלאָפנ מיט אלע קויכעס. אָבער זי איז ארײַנגעפאלנ צווישנ צוויי פײַערנ. איר איז מער גאָרניט געבליבנ, ווי א פארצווייפלטער שפרונג פונ דער בריק... ווער ווייסט וווהינ... אראָפ, אראָפ, אראָפ — א פליעסק געטאָנ זיכ, אונ זי איז פארכלינעט געוואָרנ אינ טיפנ וואסער, נאָכ ניט זייער קאלטנ, נאָר אכ! — א מינ עקלהאפטנ. זי איז ארויסגעשווומענ אפ דער אויבערפלאכ, הוסטנדיק אונ ניסנדיק, ארומגעקוקט זיכ, קעדיי צו זענ, צי עס יאָגנ זיכ ניט נאָכ איר די שוידערלעכע איינויגיקע כײַעס, געלאָזט זיכ שווימענ צום ברעג. זי האָט קיינמאָל זיכ ניט געלערנט שווימענ, אָבער איצטער איז זי געשווומענ פאָשעט דערפאר, ווײַל דער צושטאנד אונ די







באוועגונגען פון א קאַץ בעשאַסן שווימען זײַנען די זעלבע, ווי בעשאַסן גיין. אַרײַנגעפאַלן אין אַן אומאָנגענעמ אָרט, האָט זי, נאַטירלעך, זיך געפּרוּווט לאָזן גיין, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז זי איז אוועקגעשווומען צום ברעג. אָבער צו וועלכן פון ביידע ברעגן? די ליבע צו דער היים נאַרט קיינמאָל ניט אָפּ: דער איינציקער ברעג איז געווען פאַר איר דער דאָרעמדיקער, דער נאָענטסטער צו דער היים. א נאַסע האָט זי זיך אַרופגעדראַפּעט אפן שליימיקן ברעג און דורכגעקליבן זיך צווישן הויפנס קוילן און קופּעס מיסט, — א שוואַרצע, אַן אויסגעשמירטע און שוין גאָר ניט קיין קיניגלעכע, נאָר א געוויינלעכע היימלאָזע קאַץ.

געקומען עטוואָס צו זיך, האָט די קיניגלעכע נאַוועגאַרניצע דערפילט, אַז די וואַנע האָט איר גראָד ניט געשאַט. ס'איז איר געוואָרן וואַרעם און זי האָט דערפילט דעם שטאָלצן באַוווסטזײַן פון זיג — זי האָט דאָך איבערגעכיטרעוועט דרײַ גרויסע איינוויגיקע כײַעס.

די נאָז, דער זיקאָרן און דער געפיל פון ריכטונג האָבן זי גענייגט זיך אומצוקערן צום אַלטן שפּור, אָבער דער גלײַכער וועג איז פול געווען מיט איינוויגיקע דונערנדיקע כײַעס, און די פאָרזיכטיקײַט האָט זי געצוווּנגען גיין איבערן ברעג טײַך, וועלכער האָט מיט זײַן שטינקערײַ דערמאָנט אָן איר היים. אפ אַזא אויפן האָט זי אויסגעמיטן די אומגעהייערע שרעקן פון דער בריק.

העכער דרײַ טעג איז אוועק אפ אויספאָרשן די פאַרשיידענע געפאַרן פון די ברעגן פונעם מיזרעך-טײַך. איינמאָל האָט זי א טאָעס געהאַט און איז אַרופגעטראָטן אפ א פּאַראָם, וועלכער האָט זי אַריבערגעפירט אפן לאַנגן אינדזל, אָבער זי האָט זיך אומגעקערט פון דאָרטן מיטן ערשטן צוריקגייענדיקן פּאַראָם. ענדלעך, אפ דער דריטער נאַכט, האָט זי דערגרייכט דאָס באַקאַנטע אָרט, ווו זי איז שוין אמאָל געווען אין דער נאַכט פון איר ערשטער פּלייטע. פונדאַנען איז דער וועג געווען א שנעלער און א זיכערער. זי האָט פּינקטלעך געוווּסט וווּהין זי גייט און וויאַזוי אַהין זיך צו דערקלײַבן. זי האָט פאַרשנעלערט דעם טראָט; אפן האַרצן איז געוואָרן פרייליכער. נאָך א ביסל, און זי וועט זיך צונויפקײַקלען אין א קנויל אינעם אַלטן קאַסטן אפ איר ליבן מיזרעך — אפן הינטער־הויף.

אָט באַלד פאַרקערעוועט זי, און זי וועט דערזען די באַקאַנטע געבײַדעס.

אָבער וואָס באַטײַט דאָס? אַלע געבײַדעס זײַנען ווי אין וואַסער אַרײַן. די קאַץ האָט ניט געגלייבט אירע אויגן, אָבער ווילנדיק ניט ווילנדיק האָט זי, נעבעך, געמוזט אָנהייבן גלייבן. דאָרט, ווו עס האָבן פריִער אַרויסגעשטאַרצט אויס-

געקרימטע אלטע הײַזער, איז איצטער געווענ א וויסטער געמיש פונ ציגל, ברוכ־ווארג אונ גריבער.

די קאצ האָט דאָס אלצ ארומ באקוקט. לויטנ קאָליר פונעמ ברוק האָט זי געוווּסט, אז זי האָט דערגרייכט איר היימ, אז אָט דאָ, אונ ניט ערגעצ אנדערש, האָט געוווינט דער אויטעס־הענדלער. אפ דעמ אָרט איז געווענ דער אלטער הויפ, אָבער דאָס אלצ איז פארשווונדנ, פארשוווּנדנ אפ אייביק, אונ אוועקגעטראָגנ מיט זיכ אלע געוויינלעכע רייכעס, אונ דאָס הארצ בא דער אָרעמער קאצ איז פארקלעמט געוואָרנ פונ גרויס פארלאָרנקײַט. די ליבע צו דער היימ איז געווענ דער הויפט־באוועגער פונ איר נאטור. זי האָט מאקרעוו געווענ אלצ אינ דער וועלט, קעדיי אומצוקערנ זיכ אהיימ, וועלכע האָט שוינ מער ניט עקזיסטירט, אונ צומ ערשטנ מאָל איז איר דרייסט הערצ:לע געוואָרנ פול מיט פארצווייפלונג. זי האָט ארומ־געשפאנט ארומ די שווײַגנדיקע קופּעס מיסט אונ ניט געפונענ ניט קיינ טרייסט, ניט קיינ שפּײַז. דער כורבנ האָט פארכאפּט עטלעכע קווארטאלנ אונ איז דערגאנגענ ביז צומ סאמע טײַכ. דאָס איז ניט געווענ קיינ סרייפע. די קאצ האָט איינמאָל געזענ א סרייפע אונ האָט געוווּסט, ווי דאָס זעט אויס. גיכער איז דאָס געווענ ענלעכ אפ דער ארבעט פונ א גאנצער סטאדע רויטויגיקע כײַעס. די קאצ האָט קיינ אנונג ניט געהאט וועגנ דער גרויסער בריק, וואָס מע האָט זיכ געקליבנ אופשטעלנ אפנ זעלבנ אָרט.

באגינענ האָט זי אָנגעהויבנ זוכנ א דאכ איבערנ קאָפּ. איינער פונ די שכײנישע קווארטאלנ איז פארבליבנ גאנצ, קימאט ווי ער איז געווענ, אונ די קיניגלעכע אנאלאַסטאנקע האָט באשלאָסנ אײַנצואָרדענענ זיכ דאָרטנ. איר זײַנענ געווענ באקאנט אייניקע פונ די דאָרטיקע ארײַנגענג אונ ארויסגענג. ווענ זי האָט זיכ אהינ אריבערגעפּעקלט, איז זי געווענ שטארק איבעראשט פונ דער גרויסער צאָל קעצ, וואָס זײַנענ פּונקט ווי זי ארויסגעטריבנ געוואָרנ פונ זייערע אלטע אײַנגעזעסענע ערטער. איצטער איז אפ יעדנ מיסטקאסטנ אויסגעפאלנ צו עטלעכע קעצ. דאָס האָט באטײַט הונגער. עטלעכע טעג האָט די קאצ געליטנ, אונ נאָכדעמ האָט זי געמוזט אוועקלאָזנ זיכ זוכנ איר צווייט הויז אפ דער פינפטער עוועניו. דאָס הויז האָט זי געטראָפנ פארשלאָסנ אונ פוסט. אָפּגעשטאנענ דאָרט א גאנצנ טאָג, האָט זי זיכ צעקריגט מיט א הויכנ מענטשנ אינ א בלויענ מאנטל, אונ צו מאָרגנ אָוונט האָט זי זיכ אומגעקערט אפ איר אלט אָרט.

עס איז דורכ סענטיאבער. דערנאָכ אָקטיאבער. א סאכ פונ די קעצ זײַנענ

אוועקגעפּייגערט פון הונגער אָדער זײַנען אַרײַנגעפאַלן אויסגעצערטע אין די לאַפּעס פון זייערע פײַנט. אָבער אונדזער קאַץ, א שטאַרקע, א יונגע, איז נאָך אַלץ געווען לעבעדיק.

אין די רויִנירטע קוואַרטאַלן זײַנען דערווײַל פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען. כאָטש זיי זײַנען פּוסט געווען באַנאַכט, ווען זי האָט זיי צום ערשטן מאָל דערזען, אָבער באַטאָג זײַנען זיי כּוּלו געווען מיט רוישיקע אַרבעטער. צו ענדע אָקטיאַבער האָט מען דאָרט אויסגעבויט א הויכע געבײַדע, און די היימלאָזע קאַץ, געטריבן פון הונגער, האָט איינמאָל זיך אונטערגעגאַנוועט צום עמער, וואָס דער נעגער האָט איבערגעלאָזט אַפן הויף. צום באַדויערן איז אין עמער ניט געווען קיין פּאָמויעס. דאָס איז געווען אַן עמער אַפּ וואַשן דעם דיל. אָבער פאַר דער טרויעריקער אַנטוישונג האָט זי גלײַך באַקומען אויך א טרייסט: אַפן הענטל זײַנען געווען שפּורן פון א באַקאַנטער האַנט. אין דער צײַט, ווען זי האָט אויסגעפאָרשט די שפּורן, האָט אַפן שוועל זיך באַוויזן דער נעגער, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט באַם ליפּס. ניט געקוקט אַפּ דער בלויער ליווריי, האָט זי אים דערקענט נאָך זײַן רייעך. זי האָט גענומען אָפּרוקן זיך אַפּ דער צווייטער זײַט גאַס. ער האָט פון איר ניט אַראָפּגעלאָזט דאָס אויג.

— דאָס זאָל זײַן די קיניגלעכע אַנאַלאָסטאַנקע? הערסט, קיס, קיס, קיס!.. אָהער, קיס, קיס, קיס!.. ווײַזט אויס, שטאַרק הונגעריק!

הונגעריק! פאַר די לעצטע כאָדאָשים האָט זי קיין איין מאָל ניט אָפּגעגעסן צו זאַט.

דער נעגער איז אַרײַן אין הויז און גלײַך זיך אומגעקערט מיט די רעשטן פון זײַן אייגענעם מיטיק.

— הערסט, קיס, קיס, קיס!

דאָס עסן איז געווען זייער צוציִענד, אָבער די קאַץ האָט געהאַט א גרונט ניט פאַרטרויען דעם דאָזיקן מענטשן. ענדלעך האָט ער אוועקגעלייגט דאָס פלייש אַפן ברוק און איז אַרײַן צוריק אין טיר. די היימלאָזע קאַץ האָט פאָרזיכטיק זיך אונטערגעגאַנוועט, א שמעק געטאָן דאָס פלייש, א כאַפּ געטאָן עס און געלאָזט זיך לויפן ווי א טיגער, קעדיי אויפצועסן דאָס רויב אין א געפאַרלאָזן אָרט.



## דאָס פּערטע לעבן

### XI

אזוי האָט זיך אָנגעהויבן א נײַע עפּאָכע. איצטער האָט די קאַץ אָנגעהויבן קומען צו דער טיר פונעם הויז, ווען זי פלעגט ווערן שטאַרק הונגעריק. מיט יעדן טאָג האָט זי אַלץ שטאַרקער זיך צוגעבונדן צום נעגער. דער גוטער געפיל צום נעגער איז געוואַקסן. פריִער האָט זי ניט געקאָנט פאַרשטיין דעם דאָזיקן מענטשן. איר האָט זיך שטענדיק געדאַכט, ער איז איר פײַנט. ניין, פונקט פאַר־קערט. ער איז איר פרײַנט, דער איינציקער פרײַנט אין דער גאַנצער וועלט.

איינמאָל איז אויסגעפאַלן א גליקלעכע וואָך. זיבן זאַטע מיטיקן איינער נאָכן אַנדערן אין פאַרלויף פון זיבן טעג און פונקט נאָכן לעצטן מיטיק האָט זיך איר אונטערגערוקט א זאַפטיקער טויטער שטשור, אַן עמעסער שטשור, פּאַשעט אַן אויצער. פאַר אַלע אירע פאַרשיידנאַרטיקע לעבנס האָט זי קיין איין מאָל ניט געכאַפּט קיין דערוואַקסענעם שטשור. דאָ האָט זי א כאַפּ געטאָן דעם געפונענעם שטשור, אוועקגעשלעפּט אים מיטן מיין צו באַהאַלטן אים אַף שפּעטער. זי האָט שוין גע־האַלטן באַם אַריבערגיין די גאַס, ווען לעבן נײַעם הויז האָט זיך באַוויזן איר אַלטער פײַנט, דער הונט פון האַפן, און זי האָט, נאַטירלעך, א וואָרף געטאָן זיך צו דער טיר, וווּ עס האָט געלעבט איר פרײַנט. פונקט אין דער צײַט האָט דער נעגער פאַנאַנדערגעעפנט די טיר, אַרויסלאָזנדיק א פּאָר אָנגעטאָנענעם מענטשן. זיי ביידע האָבן דערזען די קאַץ מיט דעם שטשור.

— אָהאָ! דאָס איז א קאַץ!

— יאָ, סער, — האָט זיך אָפּגערופן דער נעגער. — דאָס איז מײַן קאַץ, סער! א מאַזיק אַף שטשורעס, סער! קימאַט אַלע איבערגעכאַפּט, סער. אָט פאַרוואָס זי איז אַזוי מאָגער.

— לאָזט זי ניט הונגערן. — האָט געזאָגט דער הער. לויט אַלע סימאָנים, ווײַזט אויס, דער באַלעבאָס. — איר נעמט זיך אונטער זי האָדעווען?

— דער לעבער-הענדלער קומט יעדן טאָג, סער! א פערטל דאָלאַר א וואָך, סער, — האָט געזאָגט דער נעגער, געפינענדיק, אַז ער האָט רעכט אַף איבעריקע צופּצן סענט פאַר זײַן גוטן אײַנפאַל.

— גוט. איך וועל צאָלן.



# XII



— פ־ליי־ש! פ־ליי־ש! — לאָזט זיך הערן דער צויבערדיקער געשריי פונעם אלטן לעבער־הענדלער, וואָס פירט זײַן וועגעלע איבערן איבערגעבויגענעם סקרימפּער געסל, און די קעץ, פונקט ווי פריִער, לויפן זיך צונויף שארעסווײַז נאָך זייער פּאָרציע.

מע דארף געדענקען אלע קעץ: די שווארצע, די ווײַסע, די געלע, די גרויע. און דעריקער, מע דארף האלטן אין זיקאָרן אלע זייערע באלעבאטים. דאָס וועגעלע פארקערעוועט לעבן ראָג פונעם נײַעם הויז און שטעלט זיך אָפּ.

— היי! איר, אוועק פון וועג! שלעפּערס! — שרײַט דער לעבער־הענדלער און פּאָכעט מיט זײַן ווונדערלעך שטעקעלע, אָפּרייניקנדיק דעם וועג פאר א גרוי קעצעלע מיט גרויע אויגן און מיט א ווײַסער נאָז. אף זײַן כיילעק פאלט אויס די סאמע גרעסטע פּאָרציע, ווײַל דער נעגער האָט סייכל צו טיילן דעם רעוועך אף דער העלפט מיטן לעבער־הענדלער. די היימלאָזע קאץ טראָגט אוועק איר מיטיק אין באהעלטעניש אונטער דער גרויסער געבײַדע, וואָס איז געוואָרן איר ווינונג. איר פערט לעבן האָט איר געבראכט אזא גליק, וועגן וועלכן זי האָט גאָר קיינמאָל ניט געטרוימט. פריִער איז איר אלץ ניט געגאנגען. איצטער שפּארט איר דאָס גליק פון אלע זײַטן. א סאָפעק, צי זי איז קליגער געוואָרן נאָך אירע אלע רײַזעס און פּאסירונגען, אָבער איצט ווייסט זי שוין גוט, וואָס זי וויל, און באקומט דאָס, וואָס זי וויל. דער טרוים פון איר גאנץ לעבן איז אויך פארווירקלעכט געוואָרן, ווײַל איר האָט זיך אײַנגעגעבן צו כאפּן ניט איין שפּערל, נאָר גאנצע צוויי, בייס יענע האָבן זיך געשלאָגן אפן ברוק.

קיין איין מאָל האָט זיך איר ניט אײַנגעגעבן צו כאפּן א שטשור, אָבער דער נעגער קלײַבט אוף געפייגערטע שטשורעס, ווו נאָר ער קאָן, און שטעלט זיי ארויס אין אן אָנגעזעענעם אָרט. דער שטשור ליגט ביז עס קומט דער באלעבאָס. דערנאָך ווערט ער פלינק ארויסגעוואָרפן אין דרויסן מיט אן אנטשולדיקונג:

— אָ, דער טײַוול זאָל זי נעמען, די דאָזיקע קאץ, סער! אנאלאָסטאניש בלוט בא איר, סער. א מאזיק אף שטשורעס.

פאר דער צײַט האָט זי זיך עטלעכע מאָל אָפּגעקעצלט. דער נעגער מיינט, אז דער געלער קאָטער איז דער פאָטער פון איייניקע אירע קעצלעך, און דער נעגער איז אָן סאָפעק גערעכט.



ער האָט זי פארקויפט א סאכ מאָל מיט א רויִקנ געוויסנ, זײַענדיק זיכער, אז די קיניגלעכע אנגלאָסאנקע וועט אינ עטלעכע טעג ארומ זיכ אומקערנ אהיימ. זי האָט זיכ באפרײַט פונ איר אומצוטרוי צומ ליפט אונ אפילע זיכ אויסגעלערנט אופהייבנ אונ אראָפלאָזנ זיכ אפ אימ. דער נעגער רעדט אלעמענ אײַנ, אז אינ איינ שיינעמ טאָג, ווענ זי האָט דערהערט דעמ רופ פונעמ לעבער־הענדלער, געפינענדיק זיכ אפנ אייבערשטנ שטאָק, האָט זי סייכל געהאט אָנצוקוועטשנ דאָס עלעקטרישע קנעפל פונ דער מאשינ אונ אראָפלאָזנ זיכ אראָפ.

איר פעלצל איז, ווי פריִער, חײכ ווי זײַד אונ שײַנט. זי רעכנט זיכ אינ די רייענ פונ דער קעצישער אריסטאָקראטיע. דער לעבער־הענדלער לייגט אפ איר גרויס אכט. אפילע די קאצ כונעמ לאָמבארד־באלעבאָס, וואָס איז אויסגעהאָדעוועט אפ סמעטענע אונ הינדעלעכ, פארנעמט ניט אזא לאגע, ווי די קיניגלעכע אנגלאָס-סאנקע. אונ פונדעסטוועגנ, ניט געקוקט אפ איר גאנצנ ווילשטאנד, אפ דער געזעלשאפטלעכער לאגע, אפנ קיניגלעכנ טיטל אונ פאלשנ אטעסטאט, איז זי דאָכ קיינמאָל ניט אזוי גליקלעכ, ווי דעמאָלט, ווענ איר גיט זיכ אײַנ פארנאכט־צײַט ארויסגיינ אונ א שאר טאָנ זיכ איבער די הינטער־הויפנ, ווײַל טיפ אינ דער נעשאָמע איז זי פארבליבנ אונ וועט שטענדיק בלײַבנ א שמוציקע הימלאָזע קאצ.



# בילי פון בעדלענד

## I

### א געהויל אין דער נאכט

אײַך זײַנען באַקאַנט די דרײַ וועלפישע רויב-געוויינען? דער ערשטער געווי איז א צעצויגענער און א דינער. ער גיט צו וויסן די איבעריקע וועלף, אַז ס'איז דאָ רויב, נאָר דער, וואָס האָט דאָס רויב געפונען, איז ניט אימשטאַנד אַליין צו ספּראַוען זיך דערמיט.

דער צווייטער געווי איז ענלעך אף א העצערײַ-פאַרטומלעניש — דאָס לויפט די טשאַטע וועלף נאָך די פרישע שפורן, און ענדלעך דערהערט זיך א שאַרפער געביל, דורכגעריסן מיט געווי. דער דאָזיקער געביל — דאָס איז די לעווײַע-ליד פאַרן קאָרבן, ווײַל ער באַטײַט: האַלט! האַלט! כאַפּ!

איך און קינג זײַנען געפאָרן איבער די קליינע בערג פון בעדלענד. אונדז האָט באַגלייט א כאָפּטע פאַרשיידנאַרטיקע הינט. די זון איז שוין פאַרגאַנגען, אי־בערלאָזנדיק א בלוטיקן שפור אפן אָרט פון איר טויט, הינטער דעם וועכטער-טורעם.

די בערג האָבן זיך פאַרנעפּלט, אין די טאָלן איז פינצטער געוואָרן, ווען אין דער טונקלעניש האָט זיך דערהערט א צעצויגענער געווי, וואָס איז אינסטינקטיוו פאַרשטענדלעך יעדן מענטשן — א זינגעוודיקער, נאָר א שוידערלעכער. בא אונדז איז אינכטינקטיוו דורכגעלאָפן א פראָסט איבערן לײַב, ניט געקוקט דערויף, וואָס בא הײַנטיקע צײַטן זײַנען וועלף ניט געפערלעך פאַר מענטשן.

א מינוט צײַט האָבן מיר זיך צוגעהערט. קינג — דער וואָלפן־יעגער — האָט דער ערשטער איבערגעריסן דאָס שווײַגן:

— דאָס איז בילי פון בעדלענד. א פײַנע קעלכעלע. וואָס, ניין? ווײַזט אויס, אוועקגעלאָזט זיך הײַנט באַנאַכט נאָך פלייש.



## II

# פארגאנגענע טעג

אמאָליקע צײַטנ פלעגנ װעלפישע טשאטעס שטענדיק באגלייטנ די טשערעדעס בופלאָקסנ. די װעלפ פלעגנ אונטערהיטנ די שװאכע, קראנקע אונ פארװוּנדעטע. װענ די בופלאָקסנ פלעגנ פארניכטעט װערנ, פלעגנ די װעלפ שוינ מער ניט האָבנ װאָס צו עסנ. אָבער נאָכדעמ פלעגט זיכ באװײַזנ הײמיש פי, אונ די װעלפ האָבנ שוינ װידער געלעבט א כאָג. אזוי האָט זיכ אָנגעהויבנ די מילכאָמע צװישנ די מענטשנ אונ די װעלפ. די פיציכטלער האָבנ אָנגעהויבנ צאָלנ פאר יעדנ דער-הארגעטנ װאָלפ, אונ יעדנ פרײַענ קאָװבוי פלעגט מענ ארויסגעבנ סאמ אונ פאסט-קעס, קעדיי צו פארניכטנ די װעלפ. אײנער פונ אזעלכע קאָװבויענ איז געװענ קינג רײַדער. דאָס איז געװענ א קאלטבלוטיקער העפלעכער יונג מיט א שארפ אויג אונ מיט א סאכ פארשטאנד פאר אלצ, װאָס האָט א שײַכעס צומ לעבנ פונ כײַעס. דערפאר פלעגט זיכ אימ לײַכט אײַנגעבנ צו באהערשנ פערד אונ הינט, װעלפ אונ בערנ. יאָ, קינג האָט זײער גוט געקענט אויסזוכנ װעלפישע אונ בע־רישע הײלנ, שוינ א סאכ יאָרנ װי ער האָט פארנומענ דעמ אמט פונ װאָלפנ־יעגער. אונ ער האָט מיכ שטארק פארװוּנדערט מיט זײַנ דערקלערונג, אז „פאר זײַנ גאנצ לעבנ האָט ער קײנמאָל ניט געהערט, אז א גרויער װאָלפ זאָל אָנפאלנ אפ א מענטשנ".

מיר פלעגנ אָפט מיט אימ שמועסנ באמ שײַטער, װענ די איבעריקע יעגער זײַנענ געשלאָפנ. אונ בײַ אָט די באנאכטיקע שמועסנ, האָט ער מיר דער־ציילט אלצ, װאָס ער האָט געװוּסט װעגנ בילי פונ בעדלענד.

— זעקס מאָל האָב איכ אימ געזענ. װענ מיר װעלנ זיכ באגעגענענ צומ זיבעטנ מאָל, װעט זײַנ א סאָפ צו אימ.

אָט אזוי, אונטער די קוילעס פונעמ באנאכטיקנ װינט, אונטער דער האװקערײַ פונ א שאקאל, אונ צײַטנװײַז אונטערנ דונערנדיקנ געבריל פונעמ העלד אײנ, האָב איכ אויסגעהערט עטלעכע קאפיטלעכ פונ דער דאָזיקער דערציילונג, װאָס האָט געגעבנ א בילד פונ דער געשיכטע פונעמ גרויסנ טונקעלנ װאָלפ פונעמ װעכטער־טורעמ.

# III

## אין פעלדזן-שפאלט

אנומלטן, פרילינג 1892 יאָר, האָט דער וואָלפן-יעגער „געארבעט" אפ דער מיזרעכ־זײַט פונעם וועכטער־טורעמ. וועלפישע פעל איז אינ מײַ ניט אזא טײַערע זאכ. דערפאר אָבער די פרעמיעס פאר די דערהארגעטע וועלפ זײַנען געווען זייער הויכע — ביז פינפ דאָלער פונ שטיק, אונ פאר א וואָלפיכע — צווייי מאָל אזויפיל.

אראָפּלאָזנדיק זיכ איינמאָל צום טײַכ, האָט ער דערזען אפן צווייטן ברעג א וואָלפ, וואָס איז געקומען זיכ אָנטרינקען.

דער וואָלפן־יעגער איז געווען א גוטער שיסער. ער האָט דערשאָסן די כײַע אונ דערקענט אינ איר א וואָלפיכע. איר הייל האָט געמוזט זיכ געפינען ערגעץ דאָ ניט ווײַט. אינ מעשעכ פונ עטלעכע טעג האָט ער ארומגעשנאָרעט איבער דער גאנצער אומגעגנט, אָבער די הייל ניט געפונען.

אינ א פּאָר וואָכן ארום, דורכפאָרנדיק פארבײַ א שכיינישן פעלדזן־שפאלט, האָט דער יעגער דערזען א וואָלפ, וואָס איז ארויס פונ א נאָרע. די שטענדיק גרייטע ביקס איז בליצשנעל צוגעשטעלט געוואָרן צום אקסל, אונ צו זײַן בינטל איז צוגעקומען נאָכ איינ צענדאָלערדיקער סקאלפ. דאָס מאָל האָט ער פאנאנדערגעגראָבן די וועלפישע הייל אונ געפונען זייער א מעשונעדיק געזינדל. דאָס געזינדל איז באשסאנען ניט ווי געוויינלעכ פונ פינפ וועלפעלעכ, נאָר פונ גאנצע עלפ. דערבײַ זײַנען פינפ פונ זיי געווען — מעשונעדיק צו זאָגן, — גרעסער אונ עלטער פונ די איבעריקע זעקס.

האָט ער, הייסט עס, דאָ געפונען צוויי פאמיליעס מיט איינ מוטער. ארופציענדיק די סקאלפן פונ די וועלפעלעכ אפן שטריקל, האָט דער יעגער פלוצלינג פארשטאנען, וואָס דאָס באטײַט. איינע פונ די פאמיליעס האָט אָנ סאָפעק געהערט דער וואָלפיכע, וואָס ער האָט דערהארגעט מיט צוויי וואָכן צוריק. די זאכ איז געווען קלאָר: ווארטנדיק אפ דער מוטער, וועלכער עס איז שוינ קיינמאָל ניט באשערט געווען אומצוקערן זיכ, האָט דאָס קליינוואַרג לאנג אונ ראכמאָנעסדיק געוויעט. א פרעמדע מוטער האָט, דורכגייענדיק פארבײַ, דערהערט די וועלפעלעכ. איר הארצ איז געווען פול מיט צארטקײַט, דערפאר, ווײַל ניט לאנג זײַנען בא איר אליינ געבאָרן געוואָרן קליינינקע וועלפעלעכ. זי האָט זיכ דערבארעמט אפ די יעסוימימלעכ, אריבערגעשלעפט זיי צו זיכ אונ געהאָדעוועט צוויי פאמיליעס.



עס טרעפט אמאָל, אז א וואָלפן-יעגער צעשטערט א וועלפישע וווינונג און געפינט דאָרטן ניט קיינעם. די אַלטע וועלפ, און עפשער אפילע אליין די וועלפעלעך, גראָבן דורך זײַטיקע דורכגענג, און ווען עס רײַסט זיך ארײַן דער סוינע, פארקלײַבן זיי זיך אהינצו, אין די דאָזיקע באהעלטעניש. די ווייכע ערד באַהאלט זיי, און אף אזא אויפן גיט זיך אמאָל די וועלפעלעך אײַנ צו ראטעווען זיך.

אוועקטראָגנדיק זײַנע כקאלפן, האָט דער יעגער ניט כוישעד געווען, אז דאָס גרעסטע פון די וועלפעלעך איז געבליבן גאנצ. עס איז דורך גאנצע דרײַ שאָ, און די זון איז שוין פארגאנגען, ווען אין ווײַטן עק פון דער נאָרע האָט עפעס אָנגעהויבן זיך רודערן. עס האָבן זיך באוויזן אפריִער צוויי גרויע לאפעס, דערנאָך א שוואַרצע נאָז און, ענדלעך, איז ארויסגעקראָכן דאָס וועלפעלע אינגאנצן.

דער אָנפאל אף זײַן היים האָט אים דערשראָקן. אָבער דער אויסזען פון זײַן וווינונג נאָכן אָנפאל האָט אים אינגאנצן צעמישט.

ערשטנס, איז זי געוואָרן דרײַ מאָל גערוימער ווי פריִער און פארלאָרן דעם דאכ. צווייטנס, האָבן זיך ארום אין געוואלגערט זאכן, וואָס זײַנען ענלעך געווען אף זײַנע ברידער און שוועסטער, נאָר זיי האָבן עפעס בא אים ארויסגערופן אן עקל. ווען ער האָט זיי א שמעק געטאָן, האָט אים אָנגעכאפט א שוידער, און ער האָט גענומען אײַליק אָפּטראָגן זיך אין הויכן גראָז ארײַן. איבער זײַן קאָפּ האָט מיט רויש זיך דורכגעטראָגן א באנאכטיקער שפּארבער. א גאנצע נאכט איז ער אָפּגעזעסן פארטײַעט אין גראָז. אומקערן זיך אין דער הייל האָט ער ניט געוואָלט, אָבער קיין אנדער היים האָט ער ניט געהאט. אף מאָרגן אינדערפרי, ווען אף די סויסע קערפּערס זײַנען אָנגעפלויגן צוויי שפּארבערס, האָט דאָס וועלפעלע זיך א וואָרף געטאָן אין וואלד און דורך די סאמע געדיכטש-פארוואקסענע ערטער זיך אראָפּגעלאָזט אין א ברייטן טאָל. פלוצלינג איז פון גראָז אופגעשטאַנען א גרויסע וואָלפיכע, ענלעך צו זײַן מוטער. דאָס וועלפעלע איז אינסטינקטיוו צוגעפאלן צו דער ערד און געפרואווט זיך באהאלטן.

די וואָלפיכע האָט לעכאטכילע אָנגענומען דאָס וועלפעלע פאר רויב, אָבער דער ריח פון זײַן רייעך האָט זי גלײַך זיך געכאפט, אז זי האָט א טאָעס. א מינוט איז זי געשטאנען לעבן אים, עס איז געלעגן בא אירע פיס.

דער פארלאנג צו טויטן עס אָדער כאָטש אָנשרעקן עס איז ביסלעכווײַז פארשוונדן. פון אים האָט געשמעקט מיט וועלפעלע.

איר אייגן געזינדל איז געווען בעערעך אין איין עלטער מיט אים, און ווען



דאָס וועלפעלע האָט, אָנעמענדיק זיך מיט דרייסטקייַט, אויסגעצויגן דאָס מאָרדעלע און א שמעק געטאָן איר נאָז, האָט זי זיך באַגרענעצט בלויז דערמיט, וואָס זי האָט ביין א בורטשע געטאָן. און עס האָט שוין דערווייַל דערפילט דעם רייעך פון איר מילך.

עס איז שוין דורך א גאַנצער מעסלעס זינט ער האָט געגעסן דאָס לעצטע מאָל, און ווען די אַלטע וואָלפיכע האָט זיך אויסגעקערעוועט, קעדיי אוועקצוגיין, האָט ער גענומען נאָכהינקען פוסטריט נאָך איר.

ווען די וווינונג פון דער וואָלפיכע וואָלט געווען ווייַט, וואָלט ער גאַנץ גיך פון איר אָפּגעשטאַנען, אָבער איר הייל איז געווען דאָ נאָענט אין רוי, און דאָס וועלפעלע איז אָנגעקומען צום אַרייַנגאַנג פון דער נאָרע אינגיכן נאָך דער מוטער דער וואָלפיכע.

יעדער פרעמדער איז א פייַנט. די וואָלפיכע האָט זיך א וואָרף געטאָן פאַרטיידיקן די קינדער. דאָ האָט זי ווידער זיך צונויפגעשטויסן מיטן וועלפעלע און ווידער זיך דערבאַרעמט, ווי נאָר זי האָט דערפילט זייַן רייעך. דאָס וועלפעלע האָט זיך איבערגעקערט אפן רוקן, אַלס צייכן פון פולשטענדיקער נאָכגיביקייַט, אָבער דאָס האָט ניט געשטערט זייַן נאָז אַרייַנצושמעקן אין דער נאַשערייַ, וואָס איז איצט געווען אזוי נאָענט. די וואָלפיכע איז אַרייַן אין הייל און זיך אוועקגעלייגט לעבן איר געזינדל. דאָס וועלפעלע איז אייַנגעשפּאַרט נאָכגעגאַנגען נאָך איר. ווען ער איז צוגעגאַנגען צו אירע קינדער, האָט זי ווידער אָנגעהויבן ברילן. אָבער אנטוואָפּענענדיק איר צאָרן מיט זייַן נאַכגיביקייַט און מיט זייַן עלטער, האָט ער ביסלעכווייַז זיך דורכגעשפּאַרט צווישן די איבעריקע וועלפעלעך, דערקליבן זיך ענדלעך צו דעם, וואָס עס האָט אזוי שטאַרק באַדאַרפט, און אפּ אזא אויפן זיך אָנגעבונדן פאַר א קעסטקינד. אין עטלעכע טעג אַרום איז שוין דאָס פרעמדע וועלפעלע געוואָרן אַן עמעסער מיטגליד פון דער פאַמיליע, די מוטער האָט אפילע פאַרגעסן, אַז עס איז א פרעמדס. פונדעסטוועגן האָט ער זיך שטאַרק אונטערשיידט פון די איבעריקע וועלפעלעך, ווייַל ער איז געווען עלטער אפּ צוויי וואָכן, שטאַרקער פון זיי און געהאַט צייכנס אפן האַלדז און אפן רוקן, וואָס זייַנען שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א טונקעלער גריווע.

דאָס קלייַנינקע וועלפעלע האָט געפונען א ווילדע מוטער. די געלע וואָלפיכע איז געווען ניט נאָר א קונציקע און א געשיקטע יעגערן — זי האָט געוווּסט אַלע מאָדערנע מיטלען פון יאַגד. אַלע אַלטע קונצן, ווי פאַרנאַרן צו זיך א סו־



ראָק, ווי אונטערצוהיטן אַן אַנטילאָפּע, ווי אָנצופאַלן אַף אַ בוהײַ פון דער זײַט — דאָס אַלץ איז איר געווען באַוווּסט נאָך פון געבאָרן אָן, לויטן בײַשפּיל, וואָס זי האָט באַקומען פון אירע עלטערן. אָבער — וואָס איז פּונקט אַזוי וויכטיק בא הײַנטיקער צײַט — זי האָט אויך געוווּסט, אַז אַלע מענטשן זײַנען באַוואָפנט מיט ביקסן, אַז די ביקסן זײַנען אומבאַזיגבאַר, אַז דאָס איינציקע מיטל אויסצומײַדן זיי — איז ניט אַרויסשטעקן די נאָז אין פאַרלויף פונעם טאָג, ווײַל באַנאַכט זײַנען זיי ניט געפערלעך. דאָס זעלבע האָט זי געהאַט אַ פולשטענדיק קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן פאַסטקעס, ווײַל אין איינער פון זיי איז איר שוין אויסגעקומען אַליין צו זײַן. אַרויסרײַסנדיק זיך פון דער פאַסטקע, האָט זי איבערגעלאָזט דאָרטן אַ פינגער, אָבער די דערפאַרונג, וואָס זי האָט אַדאַנק דעם באַקומען, איז ווערט געווען מער ווי אַזאַ קלייניקייַט. ניט קאָנענדיק פאַרשטיין דעם געבוי פון די פאַסטקעס, האָט זי דעריבער באַשלאָסן, אַז אײַזן איז אַ געפערלעכע זאַך, וואָס מע דאַרף אומבאַדינגט אויסמײַדן.

איינמאָל, קלײַבנדיק זיך צוזאַמען מיט פינף אַנדערע וועלף צו באַרויבן אַ שעפּסן-שטאַל, איז זי אינעם לעצטן מאָמענט אָפּגעטראָטן בלויז דערפאַר, ווײַל זי האָט באַמערקט דורכגעצויגענע דראָטן. די איבעריקע האָבן זיך נאַריש אַ וואָרף געטאָן, און זיי האָבן ניט נאָר ניט געכאַפּט די שאָף, נאָר אַליין זיך געפּאַקט אין דער טויט-פאַסטקע.

אַף אַזאַ אופן האָט זי זיך באַקענט מיט די פאַרשיידענע נײַע געפאַרן, און כאָטש זי האָט וועגן זיי ניט געהאַט קיין באַוווּסטזיניקע פאָרשטעלונג, אָבער דערפאַר האָט זי באַקומען אַ געזונטן אומצוטרוי צו אַלע ניט באַקאַנטע זאַכן, און צו צוויי אָדער דרײַ פון זיי אַ טיפן עקל, וואָס האָט לאַנג איר געדינט ווי אַ שוץ פון פאַרשיידענע אומגליקן. יעדעס יאָר האָט זי בעשאָלעם אויסגעהאָדעוועט אַ געזינדל, און די צאָל געלע וועלף אין דער אומגעגנט איז געוואַקסן. די ביקסן, די פאַסטקעס, די מענטשן, די הינט זײַנען געווען דערלערנט און אויסגעפאָרשט, אָבער עס האָט זיך געגרייט פאַר איר נאָך אַ נײַע און בעעמעס שרעקלעכע לעקציע.

ווען די שטיפברידער פונעם שוואַרצגריוויקן וועלפעלע זײַנען אַלט געוואָרן אַ כוידעש, האָט די מוטער די וואָלפיכע איינמאָל אומגעקערט זיך אַהיים אין אַ מעשונעדיקן צושטאַנד. פון מויל האָט בא איר געשלאָגן אַ שוים, די פיס האָבן געציטערט, און צוגייענדיק צום אַרײַנגאַנג פון איר וווינונג, איז זי געפאַלן אין



קאָנוווּלסיעס. אָבער אינגיכן איז זי געקומען צו זיך און איז אַרײַן אין הייל. ווען זי האָט געפּרוּווט אַרומלעקן אירע קינדער, האָבן אירע ציינער געציטערט און געקלאַפּט איינער אָן אַנדערן. זי האָט אָנגעכאַפּט אירע אייגענע פאָדערשטע לאַ-פּעס און א ביס געטאָן זיך אַליין, קעדיי ניט א ביס טאָן זיי. אָבער ביסלעכ-ווײַז האָט זי זיך באַרוּיִקט און איז געקומען צו זיך.

באַלד ווי זי איז אַרײַן, האָבן די דערשראָקענע וועלפּעלעך זיך פאַרשלאָגן אין א ווײַטן ווינקל. איצטער האָבן זיי זיך אומגעקערט און אַרומגערינגלט די מוטער, קעדיי צו באַקומען פון איר די געוויינלעכע פּאָרציע מילך. די וואָלפיכע איז געקומען צו זיך, נאָר זי איז געווען שטאַרק קראַנק אין משך פון צוויי — דריי טעג, און דער סאַם אין איר מילך האָט זיך שעדלעך אָפּגערופן אַפן געזינדל. דאָס קליינוואַרג איז שטאַרק קראַנק געוואָרן, און געבליבן לעבן איז בלויז דאָס סאַמע שטאַרקסטע פון זיי, דאָס שוואַרצגריוויקע קעסטקינד. אַף אַזאַ אופן איז עס געוואָרן איר איינציקע זאָרג. אַלע אירע קויכעס זײַנען פון איצט אָן אָפּגעגעבן גע-וואָרן בלויז אים, און דאָס וועלפּעלע איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג, מיט יעדער שאָ.

וועלף האָבן א זעלטענעם זיקאָרן. באַזונדערס גוט פאַרגעדענקען זיי רייכעס. און פון איצט אָן, בא דער סאַמע ווײַטסטער דערמאָנונג וועגן סטריכנין, פלעגט דאָס וועלפּעלע און זײַן שטיף-מוטער אָנכאַפּן א שוידער.

## IV

## די אָנפאַנג־געזעצן פון וועלפישער דערציִונג

שפּײַזנדיק זיך פאַר זיבן, איז דאָס וועלפּעלע געוואַקסן אומגעהייער שנעל, און צו הארבסט צו, ווען די מוטער האָט אים אָנגעהויבן נעמען מיט זיך אַף יאַגד, איז עס שוין געווען אַזוי גרויס ווי זי. איצט האָבן זיי געמוזט א טראַכט טאָן וועגן בײַטן די הייל, ווײַל צו דער דאָזיקער צײַט זײַנען אונטערגעוואַקסן א סאַך יונגע וועלף. אַרום וועכטער־טורעם האָבן געלעבט צופיל גרויסע און שטאַרקע וועלף, די שוואַכערע האָבן געמוזט אָפּטרעטן. צווישן די שוואַכ-סטע זײַנען געווען די געלע וואָלפיכע מיט איר קליינינקן שוואַרצגריוויקן קעסטקינד.

וועלף פאַרמאָגן ניט דאָס, וואָס מיר רופן אָן — שפּראַך. זייער ווערטער-בוך באַשטייט, וואַרשײַנלעך, פון א טוץ קלאַנגען, וואָס דריקן אויס די אור-

שפּרינגלעכע נעשאָמע-באַוועגונגען. דערפאַר פאַרמאָגן זיי אַנדערע מיטלען אויסצודריקן געדאַנקען, און אַפּ צו פאַרשפּרייטן יעדיעס האָבן זיי זייער וועלפישן טעלעפאָן. אין דער געגנט, וואָס זיי באַווינען, זײַנען שטענדיק פאַנאַנדערגעשאָטן עטלעכע „צענטראַלע סטאַנציעס". אַמאָל איז דאָס אַ שטיין, אַמאָל איז דאָס אַן איבערקרייצונג פון עטלעכע שטעגלעך, אַמאָל איז דאָס אַ שאַרבן פון אַ ביזאָן, — מיט איין וואָרט, יעטווידע באַמערקבאַרע זאַך, וואָס ליגט אַפן וועג. די וועלף ווײַזן אַרויס צו אַזאַ אָרט די זעלבע אויפמערקזאַמקײַט, ווי הינט צו אַ טעלעגראַף־סלופּ. דערבײַ לאָזט דאָ איבער יעדערער פון זיי דעם ריח פון זײַן קערפּער, און דערוויסט זיך, וועלכע באַזוכער זײַנען דאָ געווען. ער דערוויסט זיך אויך, פונוואַנען זיי זײַנען געקומען, וווּהין זיי זײַנען אַוועק און וואָס האָט מיט זיי פּאַסירט. צי זײַנען זיי געווען פאַריאָגט, הונגעריק, זאַט, אָדער קראַנק. דער דאָזיקער טעלעפאָן גיט דעם וואָלף די מעגלעכקײַט נאָכצושפּירן נאָך זײַנע פרײַנט און שׂונים. דער שוואַרצגריוויקער האָט דערלערנט אַלע סיגנאַל־סטאַנציעס און זייער באַדײַטונג.

אָט אַזוי האָט דער שוואַרצגריוויקער זיך דערוווּסט וועגן אַלע גרונט־געזעצן פון דער וועלפישער וויסנשאַפט. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז אין געראַנגל מיט הינט דאַרף מען לויפן און אָפּשלאָגן זיך לויפנדיק, בעשומויפן ניט צונויפקלאַמערן זיך מיטן פײַנט, נאָר אָן אויפהער לויפן אין דער ריכטונג צו אַן אָרט, וואָס איז פול מיט גריבער און רויען, און וווּהין די פערד קאָנען ניט ברענגען זייערע רײַטער.



ער האָט זיך אויסגעלערנט נים צו לייגן קיין אַכט אויף די סטעפּישע וועלף,*) וואָס גייען נאָך נאָך די גרויע וועלף אויף דער יאַגד, האָפנדיק צו געניסן אַ שטיקל פון זייער רויב: דעריאָגן וועסטו זיי בעמיילע ניט, און קיין שאָדן ברענגען זיי נים. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז ס'איז ניט קעדײַ צו פאַטערן צײַט, יאָגנדיק זיך נאָך די פייגל, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ אויף דער ערד, און מע דאַרף זיך האַלטן וואָס ווײַטער פון דער קלײַנינקער שוואַרצער כײַע מיטן פוכיקן וויידל, זי איז נים געשמאַק און שטינקט זייער שטאַרק.

*) אין אַמעריקע זײַנען פאַראַן צוויי מינים וועלף: גרויע וואַלד־וועלף און סטעפּישע וועלף, אָדער ווי מע רופט זיי — קאָיאָטן. אַ סטעפּישער וואָלף איז אַ סאַך שוואַכער און קלענער פון אַ גרויען, אָבער דערפאַר קען ער אַ סאַך בעסער לויפן. דער שוואַרצגריוויקער האָט, פאַרשטייט זיך, געהערט צו דעם מין גרויע וועלף.

סאמ! אָ, ער האָט קיינמאָלֿ ניט פארגעסנ דעמ רייעכ פונ סטריכנינ! פונ סאמע יענעמ טאָג אָנ, ווענ פונ דער הייל זײַנענ פארשווונדנ אלֿע זײַנע שטיפ־ברידער.

ער האָט איצטער געוווסט, אז ווענ מע יאָגט זיכ נאָכ שעפסנ, דארפ מענ זיי פאנאנדעריאָגנ, ווײַלֿ א שעפס, ווענ ער איז אלֿיינ, איז ער נארישער אונ לאָזט זיכ גרינגער פאקנ. אויב דו ווילֿסט פארטומלֿענ א טשערעדע בעהיימעס, דארפ מענ אָנשרעקנ א קעלבל.

ער האָט געוווסט, אז אפ א בעהיימע פאלֿט מענ שטענדיק אָנ פונ הינטנ, אפ א שעפס — פונ פאָרנט, אפ א פערד — פונ דער זײַט. אונ אפ א מענטשנ טאָר מענ אינגאנצנ ניט אָנפאלֿנ. מע דארפ אימ אפילֿע זיכ ניט ווארפנ אינ די אויגנ. אָבער צו די אלֿע לֿעקציעס איז צוגעקומענ נאָכ איינע, אנ אומגעהייער וויכטיקע. די מוטער האָט אימ באוווסטזיניק געוואָרנט וועגנ געהיימענ סוינע.

# V

## א לֿעקציע וועגנ פאסטקעס

ווענ מע האָט געשטעמפלט דאָס פי, איז אוועקגעפייגערט א קעלבל. איצטער, מיט צוויי וואָכנ שפעטער, איז דאָס געפייגערטע קעלֿבל, פונ דעמ שטאנדפונקט פונ א וואָלֿפ, באזונדערס געשמאק — ניט צו פריש אונ ניט איבעריק פוילֿ. דער ווינט האָט ווײַט פאנאנדערגעטראָגנ די דאָזיקע נײַס. די געלֿע וואָלֿפיכע אונ דער שווארצגריוויקער האָבנ זיכ גראָד אוועקגעלאָזט זוכנ א וועטשערע, ווענ עס האָט זיכ באקומענ די יעדיִע וועגנ קעלֿבל. זיי האָבנ מיט פולֿנ שפאנ זיכ געלֿאָזט אנטקעגנ חינט. דאָס קעלֿבלֿ איז געלֿעגנ אפ אנ אָפנ אָרט. מע האָט עס געקאָנט בוילֿעט זענ בא דער שײַנ פונ דער לֿעוואָנע. א הונט וואָלֿט זיכ גלֿײַכ א וואָרפ געטאָנ צו דער נעווילֿע. דאָס זעלֿבע וואָלֿט געקאָנט טאָנ אויכ א וואָלֿפ פונ אמאָלֿיקע צײַטנ. אָבער די אומופהערלֿעכע מילֿכאָמע מיט מענטשנ האָט אנטוויקלֿט אינ דער געלֿער וואָלֿפיכע א שטענדיק וואכזאמע פאָרזיכטיקײַט. ניט פארטרויענדיק קיינעמ אונ גאָרניט אכוצ איר נאָז, האָט זי פארלֿאנגזאמט איר שפאנ. עטלֿעכע טריט פונעמ קעלֿבלֿ איז זי געבלֿיבנ שטיינ אונ לאנג געשמעקט מיט דער נאָז, אויספאָרשנדיק די לופט. זי האָט ניט פארטרויט זיכ אלֿיינ אונ געשמעקט ווידער אונ ווידער. אונ אָט זײַנענ די רייכעס, וועגנ וועלֿכע עס האָבנ איר אָפ-

געגעבן א באריכט אירע זיכערע נאָזלעכער.. ·פריִער פאר אלץ דער שטײַפער און שטארקער רייעך פונעם קעלבל — זיבעצן פּראָצענט; די רייכעס פון גראָזן, זשוקלעך, וואלד, קווייטן, זאמד און איבעריקע ניט אינטערעסאנטע זאכן — פופצן פּראָצענט; דער רייעך פון איר וועלפל און איר אייגענער רייעך, וועלכן מע קאָן ניט צווייפלען, אָבער וואָס איז ניט ווערט קיין אופמערקזאמקייט — צען פּראָצענט; דער רייעך פון מענטשישע שפורן — צוויי פּראָצענט; דער רייעך פון רויך — איין פּראָצענט; פון שווייסיקער אויסגעארבעטער פעל — איין פּראָצענט; דער רייעך פון מענטשישן לײַב — א האלבער פּראָצענט און דער רייעך פון אײַזן קוים־קוים וואָס מע שפּירט אים.

די אלטע וואָלפיכע האָט זיך עטוואָס צוגעזוצט, נאָר ווײַטער פאָרגעזעצט איר אינטענסיווע ארבעט מיט די נאָזלעכער. דאָס וועלפל האָט אינסטינקטיוו נאָכגע־טאָן דאָס זעלבע. זי האָט גענומען אָפּרוקן זיך אפּ צוריק. ער איז געבליבן אפן אָרט. זי האָט שטיל א קוויטשע געטאָן. ער האָט ניט גערן נאָכגעטאָן איר. דעמלט האָט זי אָנגעהויבן מאכן א קרײַז ארום דער רייצנדיקער נעווילע. עס האָט זיך דערהערט א נײַער רייעך דער רייעך פון קאָיאָטישע שפורן, צו וועלכן עס איז אינגיכן צוגעקומען דער רייעך פון קאָיאָטישן קערפּער. איצטער, ווען זי איז אריבערגעגאנגען אפ דער צווייטער זײַט, האָבן די רייכעס פונעם ווינט אינגאנצן זיך געענדערט. ס׳איז קימאט אינגאנצן פארשווונדן יעדער סימען פון דער אָנוועזנהײַט פונעם קעלבל. דער רייעך פון מענטשישן שפור איז געבליבן. דער רייעך פון פעל איז פארשווונדן, אין דער צײַט, ווען דער רייעך פון אײַזן האָט זיך פאר־שטארקט קימאט ביז א האלבן פּראָצענט, און דער רייעך פון מענטשישן קערפּער — קימאט ביז גאנצע צוויי.

שטארק באמרויִקט, האָט זי געגעבן צו וויסן דעם וועלפל וועגן דער געפאר מיט איר פארשטיינערטער פּאָזע, אָנגעצויגענער מאָרדע און פארשפּיצטער גריווע.

דערנאָך האָט זי זיך א לאָז געטאָן ווײַטער. אפן שפּיץ בארג האָט דער מענטשי־שער רייעך זיך געלאָזט פילן צוויי מאָל שטארקער. ווען זי האָט זיך אראָפּגעלאָזט אין טאָל אריין, איז ער ווידער געוואָרן שוואכער. ווײַטער האָט דער ווינט גע־בראכט דעם שטארקן רייעך פון נעווילע, געמישט מיטן רייעך פון עטלעכע קאָ־יאָטישע שפּורן און פון פארשיידענע פייגלען. איר כשאד האָט אָנגעהויבן ווערן שטילער, וואָס נעענטער זי האָט זיך גערוקט צום רייצנדיקן קעלבל. זי האָט אפילו געמאכט עטלעכע טריט גלײַך צו אים, נאָר פּלוצלינג האָט איר שטארק א



שלאָג געטאָן אין נאָז אַרײַן דער רייעך פון פעל, און די רייכעס פון רויך און אײַזן האָבן זיך צונויפגעמישט, ווי צוויי שטיקלעך שטאָף פון פאַרשיידענע קאָלירן. אײַנשמעקנדיק אופמערקזאַם די דאָזיקע רייכעס, האָט די מאמע מיטן קינד זיך דערנעענטערט צום קעלבל אפ א מעהאלעך פון צוויי שפרונג. אפ דער ערד איז פאר איר געלעגן א שטיקל רימען — א נײַער באַווײַז פון דער אָנוועזנהײַט פון מענטשן. די רייכעס פון אײַזן און רויך האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיטן אלץ פאַרטויבנדיקן געשטאַנק פון נעווילע. מע וואָלט זיי איצטער געקאָנט פאַרגלײַכן מיטן שפור פון א שלאַנג, וואָס פויזעט נאָך די שפורן פון א גאַנצער טשערעדע פי. די דאָזיקע רייכעס זײַנען געווען אזוי שוואַך, אז דאָס וועלפל, וואָס איז געווען זשעדנע און אומגעדולדיק, ווי געוויינלעך קליינוואַרג, האָט געוואָלט פאַרלויפן דער מוטער דעם וועג און א נאַש טאָן, ניט פאַרלירנדיק קיין איבעריקע צײַט. זי האָט אים א כאַפּ געטאָן פאַרן קאַרק און אָפּגעוואָרפן אפ צוריק. דער שטיין, וואָס האָט זיך דערבײַ א קײַקל געטאָן פאָרויס, האָט זיך אָפּגעשטעלט און מעשונעדיק א קלונג געטאָן. אין דער זעלבער צײַט האָט באַמערקבאַר זיך פאַרשטאַרקט דער רייעך פון געפאַר, און די געלע וואָלפיכע האָט גענומען לאַנגזאַם זיך אָפּרוקן אפ צוריק. דאָס וועלפעלע איז זייער ניט גערן איר נאָכגעגאַנגען.

קוקנדיק מיט בענקשאַפט אפ צוריק, האָט ער דערזען, ווי עס דערנעענטערן זיך די סטעפּישע וועלף — די קאָיאָטן, וואָס האָבן מוירע געהאַט צו באַגעגענען זיך מיט די וואַלד־וועלף. זיי האָבן זיך דערנעענטערט צו דער נעווילע שנעל און אומזיניק. דער קאַלבן־רייעך האָט איצטער זיך געקײַקלט כוואַליעסווײַז געשמאַקער און שטאַרקער, ווײַל די קאָיאָטן האָבן שוין אָנגעהויבן רײַסן אפ שטיקער די נעווילע. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט א הילכיקער קלאַנג און א קוויטש פון א קאָיאָט. אין דער זעלבער צײַט האָט אין דער שטילער נאַכטיקער לופט דורכגעקנאַלט א שאָס און א בלישטשע געטאָן א פײַערל. די שאָסן האָבן זיך א שאָט געטאָן אפן קעלבל און אפ די קאָיאָטן. קוויטשענדיק, ווי געשלאָגענע הינט, האָבן די קאָיאָטן זיך א וואָרף געטאָן אין אלע זײַטן, אויסער איינעם א דערהאַרגעטן און איינעם, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן אין דער פאַסטקע, וואָס די כיטרע יעגער האָבן דאָ פאַרגרייט. איצטער איז די לופט געווען אָנגעזעטיקט מיט די פריערדיקע פאַרהאַסטע רייכעס, צוגעמישט מיט נאָך מער עקלהאַפטע. די געלע וואָלפיכע האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אין רוי, אוועקפירנדיק נאָך זיך דאָס וועלפעלע, אָבער פאר דעם, איידער זיי זײַנען אוועק, האָבן זיי דערזען א מענטשן. דער מענטש

איז ארויסגעלאָפן פון הינטער יענעם זעלבן בערגל, לעבן וועלכן זי האָט מיט עטלעכע מינוט צוריק באַזונדערס שאַרף געפילט דעם מענטשן-רייעך. פאַר זײַן אױגן האָט ער דערהאַרגעט דעם געכאַפּטן קאַיאָט און פאַנאַנדערגעשטעלט נײַע פּאַסטקעס.

## VI

## דער אומקום פון דער געלער וואָלפיכע

די שפּיל פון לעבן איז א גרויזאַמע שפּיל. מיר קאָנען געװינען צען טױזנט מאָל, נאָר פאַלט מען דורך איין מאָל — איז אַלץ פאַרפאַלן. וויפל מאָל האָט די געלע וואָלפיכע אויסגעמיטן פאַסטקעס! וויפל וועלפעלעך אירע האָט זי אויסגעלערנט אויסצומײַדן זיי. פון אַלע געפאַרן האָט זי בעסער פון אַלץ געוווּסט דאַפּקע די געפאַר פון די פּאַסטקעס.

געקומען אָקטיאַבער. דאָס וועלפל איז איצט געווען א סאַך גרעסער, ווי די מיטער. דער וואָלפן-יעגער האָט איינמאָל דערזען זיי ביידע — א געלן וואָלף און א צווייטן, וואָס גייט אים נאָך פוסטריט. לויט די לאַנגע, ניט ריִרעוודיקע לאַפּעס, לויט דעם דינעם האַלדז און אָפּגעקראָכענעם עק האָט דער יעגער דערקענט, אַז דער צווייטער וואָלף איז נאָך זייער יונג. די שפּורן אָפן שטויב און אין זאַמד האָבן אים דערציילט, אַז באַם אַלטן וואָלף פעלט א פינגער אָפּ דער רעכטער לאַפּע און אַז דער יונגער איז זייער א וווקסיקער.

דאָס איז געווען יענער זעלבער וואָלפן-יעגער, וואָס האָט פאַנאַנדערגעשטעלט די פּאַסטקעס לעבן געפּיינעכטן קעלבל. ער איז געווען זייער אַנטוישט, ווען ער האָט באַקומען קאַיאָטן אַנשטאָט וועלף. פונקט דעמאָלט האָט אומעטום זיך אָנגעהויבן די יאַגד מיט פּאַסטקעס, ווײַל אין דעם כּוידעש איז דאָס וועלפישע פוטער באַזונדערס ווערטפול. א יונגער יעגער פעסטיקט צו ניט זעלטן דאָס שטיק פלייש צו דער פּאַסטקע גופא. א דערפאַרענער — קיינמאָל ניט. ער לייגט אָפּטמאָל אַוועק דאָס פלייש אין איין אָרט, און די פאַסטקע שטעלט ער אַוועק מיט צען אָדער צוואַנציק שפּאַן ווײַטער, נאָר אַזוי, אַז דער וואָלף זאָל אומפאַרמײַדלעך מוזן דורכגיין פאַרבײַ איר, ווען ער מאַכט זײַנע קרײַזן. איינער פון די באַליבסטע מעטאָדן פון די יעגער איז פאַרשטעקן דרײַ אָדער פיר פאַסטקעס אַרום אַן אָפן אָרט און פאַנאַנדערוואַרפן עטלעכע שטיק פלייש אין סאַמע מיטן. די



פאַסטקעס ווערנ פאַרשאָטנ מיט זאמד. אָבער פאַר דעמ רייכערט מענ זיי איבערנ שײַטער, קעדיי אָפּשלאָגנ פונ זיי דעמ רייעכ פונ הענט אונ אײַזנ. אנ אנדערש מאָל באַגייט מענ זיכ אפילע אָנ א שטיק פלייש. מע פאַרבײַט עס מיט א ווײַסער שמאַטע אָדער מיט א בינטל פעדערנ. אזא שמאַטקע וואַרפט זיכ דעמ וואָלפ אינ די אויגנ, פאַרטשעפּעט זײַנ נײַגער אונ רופט בא אימ אַרויס א כיישעק צוצוגיינ נעענטער צומ פאַרעטערישנ, בייזנ אָרט. א גוטער יעגער בײַט אָנ אופהער זײַנ סיסטעמ, קעדיי די וועלפ זאָלנ ניט קאָנענ דערלערנענ זײַנע מעטאָדנ. די איינציקע רעטונג פאַר די וועלפ קאָנ זײַנ בלויז שטענדיקע פאָרזיכטיקײַט אונ אומצוטרוי צו אלע רייכעס, וואָס זײַנענ פאַרבונדנ מיט א מענטשנ.

דער וואָלפנ-יעגער איז נאָרוואָס צוגעטראָטנ צו זײַנ הארבסטיקער ארבעט אינעמ פעלדזנ-שפּאַלט פונ די ווירגינער טאָפּאָלנ. ער האָט פאַרגרייט א סאַכ זיכערע שטאָלענע פאַסטקעס. דעמ טײַכ האָט מענ אינ איינ אָרט געקאָנט דורכגיינ צופוס. דאָס איז געווענ אנ אלטער שטעג פונ בופלאָקסנ. דאָס שטעגעלע האָט זיכ געהויבנ ארופ די בערג, צומ גלײַכנ פלאַטשׂ. מיט אזעלכע שטעגעלעכ באַנוצנ זיכ אלע כײַעס: וועלפ, אונ פוקסנ, אונ בעהיימעס, אונ הירשנ. דאָס בופלאָקס-שטעגעלע איז פאַר די כײַעס א דורכפאָר־וועג. ניט ווײַט פונעמ אָרט, ווו דאָס שטעגל האָט זיכ אראָפּגעלאָזט צו דעמ זאמדיקנ טײַכ־בעט, האָט זיכ געפונענ א פּניאָק פונ א טאָפּאָל, וואָס איז געווענ דורכגעקריצט מיט צייכנס, וועלכע האָבנ דערציילט וועגנ דעמ, אז דאָס איז א סיגנאַל-פונקט בא די וועלפ. דאָ איז געווענ אנ אויסגעצייכנט אָרט אפ פאַנאַנדערשטעלנ פאַסטקעס. ניט גופע אפ דער סטעשקע, ווו עס פלעגט דורכגיינ זייער א סאַכ פי, נאָר א טראָט צוואַנציק ווײַטער — אפנ גלײַכנ זאמדיקנ פלאַצ. דאָרטנ האָט דער וואָלפנ-יעגער פאַנאַנדערגעשטעלט פיר פאַסטקעס אפ א פירעק פונ צוועלפ פוס. לעבנ יעדער פאַסטקע האָט ער פאַנאַנדערגעוואָרפנ צו עטלעכע שטיקער פלייש. דרײַ אָדער פיר ווײַסע פעדערנ, צוגעפעסטיקטע צו א שטענגל, האָבנ זיכ געוואַלגערט אינ דער מיט. קיינ שום מענטשיש אויג אונ גאָר ווייניק פונ די כײַיִשע נעזער וואָלטנ געקאָנט דערשפּירנ די געהיימע געפאַר, וואָס איז פאַרשטעקט הינטער דעמ דאָזיקנ זאמד, נאָכדעמ ווי די זונ אונ דער ווינט האָבנ צעווייעט אונ פאַרגלעט יעדנ סימענ פונ דעמ, אז א מענטש האָט זיכ דאָ צוגערירט.

די געלע וואָלפיכע האָט טויזנט מאָל געזענ אונ אויסגעמיטנ אזעלכע געפאַרנ אונ אויסגעלערנט אויכ איר שטיפזונ, ווי זיי אויסצומײַדנ. אינ באַטאָגיקער

היצ האָט א טשערעדע בעהיימעס זיך געלאָזט צום טײַך נאָך א טרונק; אראָפּגעלאָזט זיך מיט דער סטעשקע, ווו אמאָל פלעגנ גײנ די בופלאָקסנ. איבער דער טשערעדע האָבנ זיך געטראָגנ פײגל. זײ האָבנ באגלײט די בעהײמעס מיט א גראגערײַ, ווי זײ פלעגנ אמאָל באגלײטנ די בופלאָקסנ.

אראָפּלאָזנדיק זיך פונ די גרוי-גרינע בערג, זײַנענ די בעהײמעס געגאנגענ זײער סאָליד, פּײַערלעך און גלײַך. די שטיפּעריִשע קעלבלעך זײַנענ מיטאמאָל געוואָרנ שטיל, דערזעענדיק דעמ טײַך. פארבײַגײענדיק די פּאסטקעס, האָט די עלטע פּאָדערשטע בעהײמע פארדעכטיק א צי געטאָנ די לופט, אָבער די פּאסטקעס האָבנ זיך געפונענ אינ א זײַט פונעמ וועג, אניט וואָלט זי אופגעהויבנ אזא טאָפּעריַ און אזא טומל איבער די שטיקער בלוטיק פלײש, אז אלע פּאסטקעס וואָלטנ זײער גיך זיך פארמאכט און וואָלטנ מער ניט געטויגט. זי האָט אוועקגעפירט די טשערעדע צום טײַך. אָנגעטרונקענ זיך צו זאט, האָבנ די בעהײמעס זיך אויסגעלײגט אפ דער נאָענסטער זײַט בארג. אינ אָוונט האָט זיך די בעהײמעס פארוואָלט עסנ. זײ האָבנ זיך אוועקגעלאָזט צוריק צו די פעטע פּאשע־פלעצער.

א צוויי אָדער דרײַ פײגעלעך האָבנ לײַכט א פּיק געטאָנ דאָס פלײש און ארום האָבנ אָנגעהויבנ זשומענ עטלעכע פליגנ. דער זאמד איבער די פּאסטקעס איז ווי פריִער געווענ גלאט און גלײַך.

ווענ די זונ איז פארגאנגענ, האָט אינ הימל זיך באוויזנ א ברוינער זומפּנ־שפּארבער. ער האָט געשוועבט איבערנ ברעגיקנ פלײנ. די דראָסלער האָבנ זיך צעשאָטנ איבער די קוסטעס, לײַכט ארויסדרײענדיק זיך פונ זײַנ ניט רירעוודיקנ אָנבלי. פאר די פלעדערמײַז איז נאָך געווענ צו פרי. אָבער טראָגנדיק זיך נידעריק איבער דער ערד, האָט דאָס שארפע אויג פונעמ שפּארבער באמערקט, ווי עס ציטערנ די פעדערנ לעבנ די פּאסטקעס, און דער רויבערישער פויגל האָט זיך געלאָזט צו זײ. נאָך ניט דערגרײכט די פעדערנ, האָט ער דערזענ, אז צום עסנ טויגנ זײ ניט, אָבער אינ דער זעלבער צײַט האָבנ זיך אימ געוואָרפנ אינ די אויגנ די שטיקער פלײש. דער נאָזיוער פויגל האָט גלײַך זיך אראָפּגעלאָזט אינ געהאלטנ שוינ באמ אופעסנ דאָס צווייטע שטיק פלײש, ווי פלוצלינג — א קנאק! — א שטויב איז אופגעפלויגנ ארופ, און דער שפּארבער האָט זיך גענומענ רײַסנ, א צוגעשמידטער מיט די פיס צו דער מעכטיקער וועלפּישער פּאסטקע. די ברײטע פליגל האָבנ פונ צײַט צו צײַט זיך אופגעהויבנ אינ אומזיסטער אָנשטרענגונג ארויסצורײַסנ זיך אפ דער פרײַ. ניט פילנדיק קײנ שטארקנ






ווייטעק, איז ער געוועג נאָכ מער הילפלאָז, ווי א שפערל אינ א מײַז־
פאסטקע.

אונ ווענ די זונ האָט אָפגעזונגענ איר שוואנענ-ליד אונ איז געשטאָרבנ,
אזוי ווי זי קאָנ שטארבנ בלויז אפנ פלאמענדיקנ, ווײַטנ מײַרעוו, ווענ די שאָטנס
זײַנענ געוואָרנ געדיכטער, דעמלט האָט פונעמ הויכנ פלאטאָ זיכ דערטראָגנ א
דינער, שטײַפער רופ. דערנאָכ פונקט אזא ענטפער.ביידע שטילע, ניט דויערנדיקע.
דער ערשטער געוויי איז געווענ דער רופ פונ דער וואָלפיכע, דער צווייטער —
אנ ענטפער פונ זייער א גרויסנ וואָלפ. דאָס מאָל איז דאָס געווענ א שמועס
ניט פונ א מאנ מיט א ווײַב, נאָר פונ א מוטער מיט א זונ — פונ דער געלער
וואָלפיכע אונ דעמ שווארצגריוויקנ וואָלפ. ביידע האָבנ מיט פלינקנ געלויפ זיכ
אראָפגעלאָזט צו דער בוכלאָקס-סטעשקע. אָפגעשטעלט זיכ באמ טעלעפאָנ אפנ
בארג אונ א צווייט מאָל באמ אלטנ פניאָק, האָבנ זיי שוינ פארקערעוועט צומ
טײַכ, ווענ דער שפארבער אינ דער פאסטקע האָט אָנגעהויבנ שלאָגנ מיט די
פליגל. די וואָלפיכע האָט זיכ אויסגעקערעוועט צו אימ, — ווײַזט אויס, א פאר־
ווונדעטער פויגל אפ דער ערד — אונ ניט געטראכט, א וואָרפ געטאָנ זיכ פאָרויס.
זונ אונ זאמד ברענענ זייער גיכ אויס די רייכעס פונ פארשיידענע שפורנ, אונ
קיינער האָט זי ניט געוואָרנט. זי איז צוגעלאָפנ צומ צאפלענדיקנ פויגל אונ מיט
איינ פאָכע פונ אירע קינבאקנ געמאכט א סאָפ צו זײַנע ליידנ. נאָר דער שרעק־
לעכער קלאנג פונ די ציינער, וואָס האָבנ אָנגעטראָפנ אפ שטאָל, האָט איר גע־
געבנ צו וויסנ וועגנ דער געפאר. זי האָט ארויסגעלאָזט דעמ פויגל אונ איז אָפ־
געשפרונגענ צוריק פונעמ געפערלעכנ אָרט, נאָר ארײַנ מיט א פוס אינ א
צווייטער פאסטקע. א טויט-געפערלעכער רינג האָט הויכ זיכ פארקלעמט ארומ איר
פוס. אָנשטרענגענדיק זיכ ארויסצורײַסנ מיט א מעכטיקנ שפרונג, האָט זי אָנגע-
טראָפנ מיט דער פאָדערשטער לאפע נאָכ אינ א באהאלטענער פאסטקע. קיינמאָל
אינ לעבנ האָט זי ניט געזענ אזא כיטרע פאנאנדערגעשטעלטנ לאָקער. ארויסרײַסנ
זיכ פונ געפענקעניש איז געווענ אומעגלעכ. דאָס הארצ פונ דער אלטער וואָל־
פיכע איז געוואָרנ פול מיט שוידער אונ מיט צאָרנ. זי האָט זיכ אָנגעשטרענגט
אונ געצויגנ אונ געגריזשעט די קייטנ. זי האָט געברילט אונ געשוימט. אָבער
ווי פיל זי האָט זיכ ניט געריסנ, האָבנ אלצ שטארקער די אומראכמאָנעסדיקע צײַ־
נער זיכ אײַנגעגעסנ אינ אירע פיס. זי האָט ווילד געכאפט מיט די ציינער די
לופט, צעריסנ אפ פיצלעכ דעמ טויטנ שפארבער, געוויעט מיט אנ אָפגעריסנ

בילנדיקן געווי פון א מעשוגענעם וואָלף, זי האָט געביסן די פאסטקעס, געביסן זיך אליין, צעפאסעוועס אירע צוגעשמידטע פיס, אין צאָרן געגריזשעט די זייט, אָפגעגריזשעט זיך דעם עק, צעבראָכן אָן שטאָל די ציין און אָנגעפילט איר פארבלוטיקס שוימענדיק מויל מיט ליים און זאמד.

אזוי האָט זי פאָרגעזעצט צו קעמפן, ביז זי איז ניט אנידערגעפאלן, פויזענדיק אפ דער ערד, און געלעגן ווי א טויטע, ביז זי האָט זיך ניט אָנגענומען מיט נייע קויכעס, קעדיי אופשטיין און ווידער רייסן די קייטן.

אזוי איז דורך א נאכט.

און דער שווארצגריוויקער? ווו איז ער געווען אין דער צייט? ער האָט פלוצלינג זיך דערמאָנט אָן יענעם טאָג, ווען זיין מוטער האָט זיך אומגעקערט א פארסאמטע, און א פאכער איז אים באפאלן. די וואָלפיכע, האָט זיך געדאכט, איז געווען באגייסטערט פון קריגערישן צאָרן. דער שווארצגריוויקער איז געשטאנען אין א זייט און לייכט אונטערגעוויעט. ער האָט זיך אָפגעטראָגן א ביסל ווייטער און ווידער אומגעקערט זיך, ווען זי איז שטילער געוואָרן, אָבער בלויז צוליב דעם, קעדיי א וואָרפ טאָן זיך ווידער לויפן, ווי נאָר זי האָט בייז זיך א ריס געטאָן און ווידער אָנגעהויבן קעמפן מיט די פאסטקעס. ער האָט ניט פארשטאנען וואָס קומט דאָ פאָר. ער האָט נאָר געוווסט, אז זי איז ארייַנגעפאלן אין א גרויסן אומגליק. דאָס איז דער זעלבער אומגליק, וואָס האָט זיי אָנגעשראָקן אין דער נאכט, ווען זיי האָבן זיך געגאנוועט צום קעלבל.

דער שווארצגריוויקער האָט די גאנצע נאכט זיך געהאלטן נאָענט, מוירע האָבנדיק צו גיין, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן, אן אומנוצלעכער, אן איבעריקער.

צו באגינען צו האָט דער פאסטעך, וואָס האָט געזוכט א פארבלאָנדזשעטע שאָף, באמערקט פונעם שכייניש בארג די וואָלפיכע. מיט דער הילף פון א סיגנאל־שפיגל האָט ער ארויסגערופן דעם וואָלפן־יעגער. דער שווארצגריוויקער האָט דערזען א נייע געפאר. ער איז געווען נים מער ווי א וועלפעלע. ניט געקוקט אפ זיין גרויסן ווזקס, און נים וואגנדיק צו פארמעסטן זיך מיט א מענטשן, האָט ער זיך געלאָזט לויפן.

דער וואָלפן־יעגער איז צוגעפאָרן רייַטנדיק צו דער פארפייַניקטער, פארבלוטיקטער וואָלפיכע. ער האָט אופגעהויבן די ביקס, און אירע ליידן האָבן זיך געענדיקט.

דער וואָלפן־יעגער האָט אויסגעפאָרשט די ארומיקע שפורן. פארגלייַכנדיק זיי



מיט די סימאָנים, וואָס האָבן זיך אים געטראָפן פריער, האָט ער זיך אָנגעשטויסן, אז ער האָט דאָ צו טאָן מיט דער מוטער פונעם גיגאַנטישן וועלפל, מיט דער וואָלפיכע פון ווערכטער־טורעם.

דער שווארצגריוויקער האָט דערהערט א קנאַל פון א שאָס, ווען ער איז צוגעלאָפן צום וואלד. ער האָט ניט פארשטאנען, וואָס באטייט א שאָס, נאָר פון דעמלט אָן האָט ער שוין מער קיינמאָל ניט געזען זיין אלטע גוטע זויגערן. פון איצט אָן וועט אים אויסקומען צו קעמפן מיט דער וועלט איינס אף איינס.

## VII

## דער שעם פונעם יונגן וואָלף וואקסט

דער ערשטער און בעסטער אָנפירער פון א וואָלף איז אָן ספק, דער אינסטינקט. אָבער קלוגע עלטערן זיינען אויך נוצלעך פארן אָנהייב פון זיין קא־ריערע. דאָס שווארצגריוויקע וועלפל האָט געהאט א מוטער, וואָס האָט פארמאָגט אויסשליסלעכע פייקייטן, און עס זיינען אים צונוץ געקומען אירע לעקציעס. ער האָט פארמאָגט א ביז גאָר פיינעם כושארייעך און ער האָט זיך אויסגעלערנט צו פאר־טרויען אים אבסאָליוט. מענטשן כּארשטייען שלעכט, וואָס פאר א גרויסער קויעך עס שטעקט אין די נאָזלעכער. א גרויער וואָלף קען לייענען דעם אינדערפרייען ווינט, ווי א מענטש לייענט א צייטונג, און דערוויסן זיך פון אים אלע שפּע־טערדיקע נייעס. כּארבייגייענדיק א וועלכ-ניט-איז אָרט, קאָן ער אופזאמלען די מינדסטע יעדיעס וועגן א וועלכער-ניט-איז לעבעדיקער באשעפעניש, וואָס איז דאָ געווען מיט א סאך שאָען צוריק. זיין נאָז טיילט אים אפילע מיט אין א וועלכער ריכטונג די דאָזיקע באשעפעניש איז געלאָפן. מיט איין וואָרט, זי גיט אים אָפּ א באריכט וועגן יעדער כיַיע, וואָס איז אים פארלאָפן דעם וועג, און דערציילט אים פונוואנען זי איז געקומען און וווּהין זי איז אוועק.

דער כושארייעך באַם שווארצגריוויקן איז געווען אן אומגעוויינלעכער אפילע פאר א וואָלף. וועגן דעם האָט איידעס געזאָגט זיין ברייטע פּיַיכטע נאָז. ער איז געווען זייער שטארק און שטאנדהאפטיק. און צו דעם אלעמען האָט ער פון קליינוויַיז אָן דערוואָרבן א טיפן אומצוטרוי צו אלץ, וואָס איז אומפארשטענד־לעך. ווי מע זאָל ניט אָנרופן די דאָזיקע אייגנשאפט — מוירע, פאָרזיכטיקייט אָדער פארדעכטיקייט — איז דאָס פאר אים ווערט געווען מער, ווי זיין גאנצער סייכל, ניט וויניקער, ווי די פיזישע קראפט, האָט דאָס מיטגעהאָלפן זיין דערפאָלג.




קראפט האָט ניט קיין קלענערן ווערט, ווי רעכט אין דער וועלפישער וועלט, און דער שווארצגריוויקער מיט זיינע מוטער זיינען ארויסגעטריבן געוואָרן פונעם וועכטער־טורעם. אָבער דער וועכטער-טורעם איז געווען צו א גוט אָרט, און אים האָט, ניט ווילנדיק, געצויגן צוריק צו זיין אייגענעם בארג. צוויי פון די אָרטיקע גרויסע וועלף האָבן זיך פיינטלעך באצויגן צו זיין צוריקומען. זיי האָבן אים עטלעכע מאָל ארויסגעטריבן, נאָר יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט ווידער זיך אומקערן, איז זיי אלץ געוואָרן שווערער אים ארויסצוטרייבן. ער איז נאָך ניט אלט געווען קיין אָנדערהאלבן יאָר, ווי ער האָט שוין פאנאנדערגעטריבן אלע זיינע קעגנער און ווידער זיך איינגעאָרדנט אין זיין פריערדיקער היים, וווּ ער האָט אָנגעהויבן פירן א לעבן פון א העלדישן רויבער, נעמענדיק צינז פון די רייכע אומגעגנטן.

דער וואָלפן־יעגער קינג ריידער האָט אָפט דורכגעפירט זיין יאגד אין אָט די ערטער, און ער האָט איינגיכן אָנגעשטויסן זיך אפן שפור פון א ריזיקן וואָלף פון פינף מיט א האלבן צאָל. אפ יעדן צאָל וועלפישן שפור מאכט אויס פינף און צוואנציק פונט וואָג און זעקס צאָל וווּקס, הייסט עס, אז דער דאָזיקער וואָלף איז דריי און דרייסיק צאָל די הייך און וועגט בא הונדערט פערציק פונט. אפ אזא אופן איז ער דער גרעסטער פון אלע וועלף, וואָס זיינען באוווּסט דעם וואָלפן-יעגער. קינג האָט פריער געלעבט אין אן אָרט, וווּ מע פארנעמט זיך מיט ציגן-צוכט, און לויט זיינע אָפטער געוווינהייט, האָט ער איצטער אויסגעשריען: אך, א מין געזונטער בילי*)! פון דעמלט אָן האָט מען דעם שווארצגריוויקן אָנגעהויבן רופן „בילי פון בעדלענד“.

קינג ריידער איז געווען גוט באקאנט מיטן רוף-סיגנאל פון די וועלף, מיט אָט דעם צעצויגענעם גרייכן געוווי, אָבער בילי האָט געוויסט גאָר עפעס אנדערש, שטענדיק מיט א מין כאָרכלעריי. קינג ריידער האָט שוין געהערט דעם דאָזיקן כאָרכל אין פעלדזן-שפאלט פון די ווירגינער טאָפּאָלן. און ווען אים האָט ענדלעך זיך איינגעגעבן זען דעם גרויסן וואָלף מיט דער טונקעלער גריווע, האָט ער זיך אָנגעשטויסן, אז דאָס איז טאקע דאָס וועלפל פון דער געלער וואָלפיכע, וואָס ער האָט דערהארגעט.

דאָס אלץ האָט ער מיר דערציילט, זיצנדיק באנאכט באם שייטער. איך האָב

*) די אלטע ציגן־בעק רופט מען אין אמעריקע בילי.

געוווסס, אז אמאָליקע צײַטן האָט יעדערער גאנצ גרינג געקאָנט כאפּן אָדער פארסאמענ א וואָלף. איך האָב אויך געוווסט וועגנ דעם, אז די דאָזיקע צײַטנ זײַנענ שוינ פארבײַ, אז עס זײַנענ ניטאָ שוינ מער די פריִערדיקע נאיִווע וועלף, איך האָב געוווסט וועגנ דעם נײַעמ מינ וועלף, וואָס קענענ אויסמײַדנ פאסטקעס אונ מערנ זיך מיט יעדנ יאָר. צו דעמ אלעמ האָב איך איצטער זיך דערוווסט פונ קינגנ וועגנ פענרופס פרווו-יאגדנ מיט פארשיידענע מינימ הינט: מיט יאגדהינס, וואָס זײַנענ צו דינהויטיק, אז מע זאָל קאָנענ אײַנבײַסנ זיך אינ זיי, מיט דענישע הינט, וואָס זײַנענ צו שווער פאר א בארגיק אָרט, מיט יאגדהינט, וואָס זײַנענ נוצלאָז, ווי נאָר דער וואָלף פארשווינדט פונ אויג אונ, ענדלעך, מיט א טשאטע הינט פונ אלערליי מינימ, ווו ס'איז אָפּטמאָל אויך דאָ א געזונטער בולטעריער.

ער האָט דערציילט וועגנ יאגד נאָך קאָיאָטנ, וואָס איז מערסטנטייל געלונגענ, ווײַל די קאָיאָטנ לאָזנ זיך לויפנ צומ פליינ, ווו די יאגדהינט דעריאָגנ זיי זייער גיך. ער האָט דערציילט, אז מיט אזא טשאטע האָט מענ פאריאָגט עטלעכע ניט קיינ גרויסע וועלף. אָבער גאָר גערנ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אפ די מערקווירדיקע העלדנטאטנ פונעמ „פארשאָלטענעמ שווארצנ וואָלף פונעמ וועכטערטורעמ“. ער האָט מיר געשילדערט א סאך פרווונ צו פארניכטנ אָדער כאפּנ אימ אונ א גאנצע ריי דורכפאלנ. מיט אומדערטרעגלעכער אײַנגעשפארטקײַט האָט דער גרויסער וואָלף פאָרגעזעצט צו שפּײַזנ זיך מיט די בעסטע בעהיימעס פונ פענרופס טשערעדעס, אונ יעדעס יאָר האָט ער געלערנט אלצ נײַע אונ נײַע וועלף, ווי מע מאכט דאָס דורך אומבאשטראָפט.

איך האָב אימ געהערט אזוי, ווי גאָלדזוכער הערנ דערציילונגענ וועגנ וווּנדערבארע שטיקער גאָלד. פענרופס טשאטע איז געלעגנ ארומ אונדזער שײַטער. מיר זײַנענ געגאנגענ אינ אָנגריפ קעגנ בײַדי פונ בעדלענד.

## VIII

## א שטימ אינ דער נאכט אונ א גרויסער שפּור

איינמאָל אינ אָוונט, סאָף סענטיאבער, נאָך דעמ, ווי אפ מײַרעוו איז פארשוווּנדנ דער לעצטער שטראל אונ עס האָבנ אָנגעהויבנ האוקענ די קאָיאָטנ, האָט פלוצלינג זיך דערהערט א געדיכטע, הילכיקע רעווערײַ.

קינג האָט ארויסגענומען פונ מויל די פיפקע, אויסגעקערעוועט דעמ קאָפּ אינ דער זײַט, פונוואַנען עס האָט זיכ געהערט דאָס רעווען, אונ געזאָגט:

— דאָס איז ער, דאָס איז בילי. ער האָט א גאנצנ טאָג וואָכגעשפּירט נאָכ אונדז פונ א הויכ אָרט, אונ איצטער, ווּיסנדיק, אז די ביקסנ זײַנענ ניט געפערלעכ, איז ער געקומענ כויזעקנ פונ אונדז.

צווייַ אָדער דרײַ הינט האָבנ זיכ אופגעהויבנ. די האָר האָבנ זיכ בא זיי אָנגעשפּיצט, ווײַל זיי האָבנ גוט פארשטאנענ, אז דאָס איז ניט קיינ קאָיאָט. זיי האָבנ זיכ א וואָרפ געטאָנ אינ דער פינצטערניש, אָבער ווײַט זײַנענ זיי ניט אוועק. דער קריגערישער געביל האָט אינגיכנ זיכ געביטנ אפ א קלאָגעדיקנ קוויטש, אונ זיי האָבנ אינ איינ אָטעמ זיכ אומגעקערט צומ פײַער. איינער פונ זיי האָט באקומענ אזא ווּנד אינ פּלייצע, אז ער האָט שוינ ניט געקאָנט באטייליקנ זיכ אינ יאגד. דער צווייטער, ווי עס האָט זיכ ארויסגעוויזנ, איז צענעריסט געוואָרנ אינ דיכ. אפ מאָרגנ אינדערפרי האָבנ די יעגער באגראָבנ דעמ דאָזיקנ הונט.

די מענטשנ זײַנענ געווענ אויסער זיכ פונ קאס. זיי האָבנ געשווּירנ אָפּצורעכענענ זיכ, אונ ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבנ שאריִענ, אזוי זײַנענ שוינ אלע געווענ אפ די פיס. די קאָיאָטנ האָבנ געצויגנ זייער באגינענדיקע ליד אונ זײַנענ פארשווּנדנ צווישנ די בערג, ווי נאָר עס איז אופגעגאנגענ די זונ. די יעגער האָבנ ארומגעשנאָרעט אינ אלע זײַטנ, זוכנדיק די שפּורנ פונעמ גרויסנ וואָלפ. זיי האָבנ געהאָפט, אז די הינט וועלנ אָנפאלנ אפ די דאָזיקע שפּורנ אונ וועלנ זיכ דערקלײַבנ צו דער כײַע. אָבער די הינט האָבנ אָדער ניט געקאָנט אָדער סאקע ניט געוואָלט געפינענ דעמ דאָזיקנ שפּור.

אגעוו האָבנ זיי געפונענ א קאָיאָט אונ געמאכט א סאָפ צו אימ. איכ מיינ, אז דאָס האָט געדארפט פארעכנט ווערנ פאר א זיג, ווײַל די קאָיאָטנ פאטערנ אויכ קעלבלעכ אונ שאָפ, נאָר בא אלעמענ איז געקומענ איינער אונ דער זעלבער געדאנק: „דרייסטע יונגען, ווענ מע דארפ פאריאָגנ א קלייניקנ קאָיאָט, אונ פאכדאָנים, ווענ עס שטייט פאָר צו באגעגענענ זיכ מיט א גרויסנ וואָלפ“.

דער יונגער פענרוז האָט, אזוי ווי אָפּרופנדיק זיכ אפ אלעמענס פראגע, פלוצלינג באמערקט:

— ווײַזט אויס, אז דער אלטער בילי האָט געפירט נאָכ זיכ די פאָריקע נאכט א גאנצע מיאסע וועלפ.

— איך האָב געזען נאָר איין שכור, — האָט אָנגעכמורעט זיך אָפּגערופן קינג.

אזוי איז דורך דער גאנצער אָקטיאבער. ארומגעשנאָרעט נאָך צווייפלהאפטע שפורן, נאָך הינט, וואָס האָבן ניט געקאָנט אויסשפּירן דעם גרויסן וואָלף אָדער מוירע געהאט אים אויסצושפּירן, און דערוויַיל — אלץ נייַע יעדיעס וועגן זייַנע העלדנטאטן, וועגן די שפּיצלעך, וואָס ער טוט אָפּ. דאָס קומט צו שפּרינגען א קאָוובוי מיט א באריכט, דאָס שטויסן מיר אליין זיך אָן אָפּ א צעריסענער בע־היימע. די קערפּערס פון דעם פארצוקטן פּי האָבן מיר פארסאמט, כאָטש דאָס איז זייער א געפערלעכע אונטערנעמונג, ווען מע גייט אַפּ יאגד מיט הינט. צום סאָף כוידעש זייַנען מיר פארוואנדלט געוואָרן אין א הייַפל אויסגעמאטערטע מענטשן, אראָפּגעפאלענע בא זיך, מידע פון קעלט און ווינט, מיט פערד, וואָס האָבן זיך ארויסגעשלאָגן פון די קויכעס, און מיט א טשאטע הינקענדיקע הינט. פון צען הינט זייַנען געבליבן לעבן זיבן. ביז איצט האָבן מיר דערהארגעט סא־כאקל איין גרויען וואָלף און דרייַ קאָיאָטן. און בילי האָט פאר דער צייַט דער־הארגעט צוועלף בעהיימעס און דרייַ הינט, וואָס יעדערער פון זיי האָט געקאָסט פופציק דאָלער. א טייל יונגנט האָט באשלאָסן זיך אָפּצוזאָגן פון דער אונטערנעמונג און אומקערן זיך אהיים. קינג האָט זיך באנוצט מיט זייער אוועקפאָר און גע־שיקט מיט זיי א בריוו, אין וועלכן ער האָט געבעטן די פערמערס, זיי זאָלן אים שיקן צו הילף אלע זייערע איבעריקע הינט.

ווארטנדיק אַפּ די הינט, האָבן מיר געגעבן א צווייטאָגיקן אָפּרו די פערד און צוגעגרייט זיי צום סאמע שווערסטן טייל פון אונדזער יאגד. אַפּ מאָרגן, נאָך האלבן טאָג, זייַנען אָנגעקומען די נייַע הינט — אכט שיינהייַטן. איצטער האָבן מיר געהאט פופצן הינט.

דער וועטער איז געוואָרן א סאך קעלטער, און אינדערפרי איז, צו דער גרויסער פרייד פון די יעגער, די ערד באדעקט געוואָרן מיט שניי. אלע האָבן אין דעם איינגעזען א זיכערן סימען פון זיג. דער פלינקער געלויף פון די פערד און פון די הינט אין דער קילער לופט, די נאָענטקייַט פונעם גרויסן וואָלף, — מיר האָבן געהערט זייַן שטים פאָריקע נאכט — דער פארעטערישער שניי, אדאנק וועלכן ער קאָן זיך ניט ארויסדרייען פון אונדז, — דאָס אלץ האָט ווארשייַנלעך געמאכט זייַן אומקום פאר אומפארמייַדלעך.

באגינען זייַנען מיר געווען גרייט. אָבער מיר האָבן נאָך ניט באוויזן אוועק־צולאָזן זיך אין וועג, ווי עס זייַנען געקומען צו פליִען דרייַ רייַטער. דאָס זייַ־

נען געוועז די ברידער פעגרופ. דערזען, אז עס איז אויסגעפאלן א שניי, האָבן זיי באשלאָסן אומקערן זיך. זיי האָבן געוווּסט, אז דער שניי קאָן אונדז ברענגען דערפאָלג.

— איצטער געדענקט, — האָט געזאָגט קינג, זעצנדיק זיך אין זאָטל, — דאָס מאָל גייט אונדז קיינער ניט אָן אויסער בילי פון בעדלענד. קיינע קאַיאָטן! אויב נאָר מיר וועלן פאקן אים, איז כאפט דער רועך אלע איבעריקע! זוכט א שפור פון פינף מיט א האלבן צאָל...—און יעדערער האָט אָפגעמאָסטן אפן הענטל פון דער ביַיטש אָדער אפ דער הענטשקע פינף מיט א האלבן צאָל, קעדיי האָבן מיט וואָס צו פארגליַיכן די שפורן.

עס איז דורך ניט מער ווי א שאָ, ווען דער ריַיטער, וואָס האָט פארקערע־וועט אפ מיַירעוו, האָט אונדז שוין געגעבן א סיגנאל. מיר האָבן דערהערט לע־כאטכילע איין שאָס, וואָס באטיַיט „אופמערקזאמקיַיט". נאָכדעם, נאָך א קליינער פאוזע, האָבן זיך דערהערט איינס נאָכן אנדערן צוויי שאָסן, דאָס הייסט: „קומט אהער".

קינג האָט צונויפגעזאמלט די הינט און א לאָז געטאָן זיך גליַיך צו דער וויַיטער פיגור אפן בארג אלע הערצער האָבן געקלאפט מיט האָפענונג, און אונדז איז ניט אויסגעקומען צו אנטוישן זיך.

דריבנע וועלפישע שפורן האָבן מיר געטראָפן נאָך פריער, נאָר אָט איז, ענדלעך, אָט דער ריזיקער שפור פון קימאט זעקס צאָל די לענג. דער יונגער פען־רופ האָט מיט א געשריי א וואָרף געטאָן זיך פאָרויס. מיר האָבן שוין געגלייבט אין אונדזער גליק. קיין זאך פארשיקערט ניט אזוי א יעגער, ווי א דאַטלעכע ריי פרישע שפורן, וואָס פירן צו דער לאנג פארפאָלגטער וווּנדערלעכער כיַיע.

אך, ווי עס האָבן געברענט קינגס אויגן, ווען זיי האָבן זיך איַינגעגעסן אין די געגארסטע שפורן!

## IX

## ענדלעך געפאקט

ניט אָפט מאכט זיך אזא שווערע ריַיזע. דער אויסשפיר האָט געדויערט א סאך מער, ווי מע האָט זיך געקאָנט ריכטן. די אָנענדלעכע קייט שפורן האָט אונדז אָפגעגעבן א גענויעם באריכט פון אלץ, וואָס דער אלטער וואָלף האָט אָפגעטאָן די פאָריקע נאכט. דאָ האָט ער זיך ארומגעדרייט בא זיַין טעלעפאָן



און דערוווּסט זיך די לעצטע נײַס. דאָרט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט צו באַקוקן אַן אַלטן שאַרבן. דאָ האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אין אַ זײַט און פּאָרזיכטיק פֿאַרקערעוועט אַנטקעגן דעם ווינט, קעדיי אויספֿאָרשן די זאַך, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַן אַלטע בלעכענע פּושקע, דאָרטן, ענדלעך, האָט ער זיך אויפֿגע־הויבן אַף אַ נידעריק בערגל, ווו ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, ווײַזט אויס, קעדיי איבערופֿן זיך, ווײַל פֿון פֿאַרשיידענע זײַטן זײַנען צו אים צוגעגאַנגען צוויי וועלף, און צוזאַמען מיט זיי האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט צום טײַך־פּליין, ווו דאָס פּי באַהאַלט זיך פֿון ווינט. דאָ האָבן זיי זיך אַלע דרײַ אָפּגעשטעלט בא אַ שאַרבן פֿון אַ בופֿלאָקס. ווײַטער זײַנען זיי אַוועקגעלאָפֿן אין איין שורע איינער נאָכן אַנדערן און, ענדלעך, זיך אָפּגעזונדערט, גייענדיק מיט דרײַ פֿאַרשיידענע וועגן צו איין ציל — און אָט איז דער דאָזיקער ציל פֿאַר די אויגן. אָ, וואָס פֿאַר אַ בילד! אַ ווילדע בעהיימע, אַ געקוילעטע, אַ טויטע און ניט קיין אויפֿגעגעסענע. ווײַזט אויס, ניט גענוג געשמאַק פֿאַר זיי, ווײַל אַף אַ מײַל ווײַטער ליגט אַ צווייטע, אַרום וועלכער זיי האָבן געפּראַוועט זייער סודע, ווײַזט אויס, סאַכאַקי מיט זעקס שאָ צוריק. דאָ צעגייען זיך זייערע שפּורן ווידער. אָבער זיי פֿאַרגייען ניט ווײַט. דאָ אַפֿן שניי איז בוילעט צו זען, ווו יעדערער פֿון זיי האָט זיך אַוועקגעלייגט אָפּרוען. בא די הינט האָבן די האָר זיך אָנגעשפּיצט, ווען זיי האָבן באַשמעקט די דאָזיקע ערטער. קינג האָט ביז איצט אײַנגעהאַלטן די הינט, אָבער איצטער זײַ־נען די הינט געווען שטאַרק צערייצט. מיר האָבן דערגרייכט דאָס בערגל, פֿון וועלכן די וועלף האָבן פֿאַרקערעוועט אונדז אַנטקעגן, דערנאָך זיך געלאָזט לויפֿן אין איין אָטעם — וועגן דעם האָבן איידעס געזאָגט די שפּורן — און אונדז איז גע־וואָרן פֿולשטענדיק קלאָר, אַז זיי האָבן אונדז דערזען פֿון דעם דאָזיקן בערגל און געפֿינען זיך איצטער ניט ווײַט.

די טשאַטע הינט האָט זיך געהאַלטן ענג צוזאַמען. מיר האָבן פֿאַרשנעלערט אונדזער טראָט, ווײַל די וועלף האָבן זיך באַוועגט זייער פֿלינק. דראַפּענדיק זיך אַף די בערג, אַראָפּלאָזנדיק זיך אין די טאָלן, האָבן מיר אויפֿמערקזאַם נאָכגע־שפּירט נאָך די הינט. ס'איז ניט מעגלעך אפֿילע אומיסטן צווזוכן אַזאַ אומבאַ־קוועם אָרט פֿאַר רײַטער. איין גרוב נאָך אַ צווייטן, אַ שאָ נאָך אַ שאָ, און דער דרײַפֿאַכער שפּור ציט זיך נאָך אַלץ פֿאַר אונדז. מיר האָבן אַלע אומדערמידלעך זיך געדראַפּעט, געגליטשט, דורכגעשלאָגן זיך דורך קוסטעס און שטיינער. גע־פֿירט האָט אונדז דער ווײַטער געביל פֿון די הינט. איצטער האָבן מיר שוין



נאָכגעיאָגט דעם וואָלף איבער א נידעריקן ברעג-פּליין, ווו עס איז קימאט ניט געווען קיין שניי. אראָפּלאָזנדיק זיך מיט ניט פעסטע טריט פון די בערג, ארי-בערפליִענדיק איבער געפּערלעכע רויען און גליטשיקע פעלדזן, האָבן מיר גע-פילט, אז די קויכעס וועלן אונדז באלד פארלאָזן. פלוצלינג, דערגרייכנדיק א נידעריקן טרו.ענעם פליין, האָט די טשאטשע הינט אומגעריכט זיך צעטיילט: א טייל האָט זיך א לאָז געטאָן ארופ, א טייל — אראָפּ און א טייל — גלײַך. אָ, ווי קינג איז געוואָרן אופגעבראכט! ער האָט גלײַך פארשטאנען, וואָס דאָ איז פאָר-געקומען. די וועלף האָבן זיך אָפּגעזונדערט און דערמיט צעקלאפּט די טשאטשע. דרײַ הינט וועלן גאָרנים מאכן קעגן א וואָלף, אכי'ע פיר וועלן זיך מיט אים ניט ספּראווען, און אויב עס וועלן זײַן נאָר צוויי, וועלן זיי זיכער אומקומען. אָבער גלײַכצײַטיק איז דאָס געווען א סימען, אז די וועלף שלאָגן זיך ארויס פון די קויכעס. מיר האָבן צוגעשמיסן די פערד, קעדיי אָנצויאָגן די הינט און אויסקלײַבן פאר זיי איין אלגעמיינעם וועג, אָבער דאָס האָט זיך ארויסגעוויזן ניט גרינג. קיין שניי איז אפן פליין קימאט ניט געווען. די גרויסע צאָל הינטישע שפּורן האָבן אונדז פארפּלאָנטערט. דאָס איינציקע, וואָס מיר האָבן געקאָנט טאָן, דאָס איז לאָזן די הינט אליין אויסקלײַבן א וועג. ווידעראמאָל האָט דער גע-יעג זיך באנײַט מיט האָפענונג און מוירע. מיר האָבן ניט געוווסט, צי מיר האָבן אויסגעקליבן דעם ריכטיקן שפּור. די הינט זײַנען געלאָפן מונטער, אפילע שנעל. לויט קינגס מיינונג איז דאָס געווען א שלעכטער סימען. מיר האָבן נאָך אלץ ניט געוווסט, איבער וועלכן שפּור מיר טראָגן זיך, ווײַל די הינט, לויפנדיק פון פאָרנט, האָבן פאר אונדז פארגלעט דעם וועלפישן שפּור.

אין צוויי מײַל ארום האָט דער געיעג ווידער גענומען פירן צו א באר-גיק פארשנייט אָרט, נאָר מיר האָבן מיט פארדראָס זיך איבערצײַגט, אז מיר גייען נאָך די שפּורן פונעם סאמע קלענסטן פון די וועלף.

— איך האָב כאקע אזוי געטראכט, — האָט געבורטשעט דער ייִנגסטער פענ-רופ. - קיין צ' האסטיק האָבן די הינט זיך געריסן אין שלאכט: נאָך גוט, וואָס אָנשטאָט א וואָלף האָט זיך ניט ארויסגעוויזן קיין קראָליק.



אין א מײַל ארום האָט דער וואָלף זיך באהאלטן אין א נײַ וועלדל. מיר האָבן דערהערט, ווי ער האָט ארויסגעלאָזן א צעצויגענעם רוף נאָך הילף, און איידער מיר האָבן צוגעריטן צו די הינט, האָט קינג דערזען, ווי זיי זײַנען אָפּ-געטראָטן און צעשאָטן זיך. א ביסל שפּעטער איז פון א ווײַטן ווינקל וואלד

ארויסגעלאָפּן א קליינינקער גרויער וואָלף. לעבן אים איז געלאָפן א גרויסער א שווארצער.

— קוקט! קוקט! דער קליינינקער האָט גערופן צו הילף, און בילי איז גע־קומען צו לויפן אים ראטעווען. נו, איז ער ניט קיין ווילער יונג?! — האָט אויס־געשריִען דער וואָלפן־יעגער.

בא מיר האָט אויך א ציטער געטאָן דאָס הארצ בא דעם געדאנק וועגן דעם ווילן אלטן וואָלף, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אייגענער רעטונג צוליב א כאווער.

די פאָלגנדיקע שאָ איז געווען א שווערע איבערכאזערונג פון דער פריִער־דיקער העצקעריַי איבער גריבער. אָבער איצטער האָבן מיר זיך געפונען אפ א הויך אָרט, וואָס איז דורכויס באדעקט מיט שניי, און ווען די טשאטע האָט זיך ווידער צעשפּאָלטן, האָבן מיר אָנגעווענדט אלע קויכעס, קעדיי צושמידן זי צו דעם שפור „פון פינף מיט א האלבן צאָל”, וואָס האָט שוין באקומען פאר מיר עפּעס א מין פּאָעטישן צויבער. עס איז געווען קלאָר, אז די הינט וואָלטן גערן זיך געלאָזט נאָך יעדן אנדערן פון די וועלף. אָבער, ענדלעך, האָט זיך איַינ־געגעבן זיי אוועקלאָזן אפן ריכטיקן שפור. נאָך א האלבער שאָ שווערן געיעג האָבן מיר זיך אופגעהויבן אפ א הויכן בארגיקן פּלאצ, און דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען דעם גרויסן שווארצן וואָלף פון וועכטער־טורעם.

— לעבן זאָל בילי פון בעדלענד! הורא! — האָב איך אויסגעשריִען, און אלע אנדערע האָבן אונטערגעכאפּט מיַין באגריסונג.

ענדלעך האָבן מיר אים אויסגעשפּירט אדאנק אים אליין. די הינט האָבן זיך אוועקגעלאָזט נאָך אים מיט א הויכן געביל. די יאגדהינט, מיט א האווקעריַי, האָבן זיך א רוק געטאָן גלייַך אפ אים, און די פערד, הירזשענדיק און טאנצנדיק, האָבן זיך אוועקגעלאָזט פאָרויס, מיטגעריסן פון דער אלגעמיינער באגייַסטערונג. בלויז דער שווארצגרויוויקער וואָלף איז געווען שטום. באטראכטנדיק זייַנע לאנגע שווע־רע קינבאקן, האָב איך פארשטאנען, פארוואָס די הינט ווארפן זיך גערן אפ אנ־דערע שפורן.

מיט א נידעריק אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און עק האָט זיך בילי געטראָגן, שפּרינ־גענדיק איבערן שניי. זייַן צונג איז נידעריק אראָפּגעהאנגען. קלאָר, אז עס פאר־לאָזן אים שוין די קויכעס. די הענט פון די יעגער האָבן זיך געכאפּט פאר די רעוואָלווערן, כאָטש ער איז נאָך געווען א דריַי הונדערט שפאן פון זיי. זיי זייַ־



נען געקומען אהער ניט שפּילן זיך, נאָר צוליב בלוט. אָבער אין דער וועלבער־רעגע איז ער פאַרשוואונדן פון אויג אינעם נאָענטסטן שמאָלן פעלדזן־שפּאַלט.

און איצטער — וווהין וועט ער פאַרקערעווען? ארופּ אָדער אַראָפּ איבערן פעלדזן־שפּאַלט? קינג און איך האָבן גערעכנט אז ארופ, דערפאַר האָבן מיר זיך געטראָגן לענגויס דעם קאַם פונעם בארג, אַף מיַרעוו. אָבער די איבעריקע זייַנען אוועקגעפאָרן צו מיזורעך מיט אָנגעלאָדענע ביקסן.

אינגיכן האָבן מיר זיי אופגעהערט הערן. ווייַזט אויס, מיר האָבן א טאָעס געהאט. דער וואָלף האָט פאַרקערעוועט אראָפּ. מיר האָבן אָבער ניט געהערט קיין שיסערייַ. אין דעם אָרט איז דער אראָפּשטייַג געווען ניט שטאַרק מעשו־פּעדיק. מיר האָבן זיך אריבערגעכאַפּט אַף דער קעגניבערדיקער זייַט און אין גאַ־לאָפּ פאַרקערעוועט צוריק, זוכנדיק דעם שפּור פון די לאַפּעס אפן שניי.

„פּיסק, פּיסק“, — האָבן געסקריפּעט די לעדערנע זאָטלען, —„פּופּ, פּופּ“ — האָבן געפּיכעט די פערד, און זייערע פיס האָבן געקלאַפּט „טאָפּ־א־טאָפּ, טאָפּ־א־טאָפּ“.

## X

## וויאזוי בילי האָט זיך אומגעקערט צו זייַן בארג

מיר האָבן שוין דערגרייכט יענץ אָרט, פונוואַנען דער וואָלף האָט זיך אראָפּ־געלאָזט, אָבער דאָרט האָט מען קיינעם ניט געזען. מיר זייַנען געפאָרן ווייַטער מיט א מעסיקן גאַלאָפּ אַף מיזורעך. דורכגעפאָרן א מייַל און מערער, ווען קינג האָט ארויסגעמורמלט: „קוקט“! ווייַט אפן שניי האָט זיך באוועגט א טונקל פּינטל. מיר האָבן פאַרשנעלערט דעם טראָט. נאָכן פּינטל האָט זיך באַוויזן א צווייטס, דערנאָך א דריטס. זיי האָבן זיך באוועגט ניט פלינק. אין פינף מינוט ארום האָבן מיר זיי אָנגעיאָגט און צונויפגעשטויסן זיך פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט דרייַ פון אונ־דוערע אייגענע יאגדהינט. זיי האָבן ארויסגעלאָזט דאָס רויב פון אויג און אופ־געהערט דערפאַר זיך אינטערעסירן מיט דער יאגד. איצטער האָבן זיי געזוכט אונדז. פונדאַנען האָט מען ניט געזען ניט די איבעריקע יעגער, ניט די הינט. אָבער ווען מיר זייַנען צוגעריטן צום צווייטן קאַם פון בארג, האָבן מיר אָנגעטראָפן אפן שפור פונעם גרויסן וואָלף. מיר האָבן געלאָזט זיך נאָכן שפור אזוי האסטיק, ווי מיר וואָלטן געזען פאַר זיך די כייַע אליין. א פעלדזן־שפּאַלט האָט אונדז ווידער איבערגעשניטן דעם וועג, און ביז מיר האָבן געזוכט אן אָרט, ווו אריבערצו־



קלײַבן זיך, האָט פֿון דער טיפֿעניש פֿון שפּאַלט זיך דערהערט א צאָרנדיקער הינטישער געביל. דער טומל האָט זיך צעוואַקסן. די הינט האָבן זיך געטראָגן ארום איבערן פעלדזן־שפּאַלט.

מיר האָבן זיך געלאָזט שפּרינגען איבערן רוקן פֿונעם בארג, האָפֿנדיק צו דערזען דעם וואָלף. פֿונדערווײַטן האָבן זיך באוויזן די הינט. זיי זײַנען געלאָפֿן ניט אלע אינאיינעם, נאָר אויסגעצויגן אין א לאנגער ניט־ריכטיקער ליניע. אין א מינוט פֿינף ארום האָבן זיי זיך אופגעהויבן צום שפּיץ בארג. פֿאר זיי איז געלאָפֿן דער גרויסער שווארצער וואָלף. ער איז געלאָפֿן מיט לאנגע שפּרינגענדיקע טריט און, ווי פֿריִער, מיט אן אראָפּגעהאנגענעם קאָפּ און עק. יעדער מוסקול זײַנער האָט געאָטעמט מיט קראפֿט. און א צווייפֿאכע קראפֿט האָט זיך געפֿילט אין זײַנע קינבאקן און אינעם האלדז. אָבער דאָך האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז זײַן יעדער שפּרונג איז איצטער קירצער און ניט אזוי פֿעסט, ווי פֿריִער. די הינט זײַנען לאנגזאם ארופֿגעלאָפֿן נאָך אים, און דערזעענדיק אים, אופגעהויבן א שוואכן געביף. זיי האָבן שוין אויך אָנגעהויבן ארויסשלאָגן זיך פֿון די קויכעס. דערזעענדיק דעם גײעג, האָבן די יאגדהינט אונדז פֿארלאָזט, אראָפּגעקײַקלט זיך אין רוי, דערנאָך ארופֿגעלאָפֿן אפֿן אנטקעגנדיקן שפּיץ בארג מיט מעשוגענער גיכקײַט, אין דער צײַט, ווען מיר זײַנען נאָך אלץ געלאָפֿן אפֿ דער פֿריִערדיקער זײַט, זוכנדיק א פּאסיק אָרט, וווּ אריבערצוקלײַבן זיך.

ווי אופגערעגט איז געווען דער וואָלפֿן־יעגער, זעענדיק, אז עס גייט שוין צום פֿינאל, און ער אליין איז נאָך פֿון הינטן, פֿונדעסטוועגן איז ער אלץ גע־פֿאָרן פֿאָרויס, זיך געהיצט און געפֿאָרן, ביז דער פעלדזן־שפּאַלט איז געוואָרן שמעלער. דערנענטערט זיך צו א גרויסן פּלאטשיקן בארג, האָבן מיר ווידער דערהערט פֿון דאָרעם־זײַט א שוואכן געביל פֿון די הינט, דערנאָך ווידער א געביל ערגעץ לעבן דעם וועכטער־טורעם. דאָס מאָל א ביסל א העכערן. מיר האָבן אָפּגעשטעלט די פֿערד אפֿן בערגל און אָנגעהויבן זיך אײַנקוקן אינעם שנייִיקן פּליין. עס האָט זיך באוויזן א באוועגלעכ פּינטל, נאָך אים א צווייטס. די הינט זײַנען געלאָפֿן אויסגעצויגן אין א קייט. פֿון צײַט צו צײַט האָט זיך גע־הערט א ניט הויכער, ווײַטער געביל. זיי האָבן זיך דערנענטערט צו אונדז, אָבער ווי לאנגזאם. קיינער האָט שוין ניט געקאָנט לויפֿן אזוי, ווי עס דארף צו זײַן. אָט איז ער, דער בייזער הענקער פֿון די בעהיימעס. ער שפּאנט איבערן שניי, און אָט איז דער ערשטער יאנדהונט ווײַט פֿון הינטן, און נאָך ווײַטער — די



איבעריקע הינט, וואָס שטרענגענ העלדיש אָנ זייערע לעצטע קויכעס. די לאַנגע שאָענ פונ שווערסטנ געיעג האָבנ געטאָנ זייערס.

אומזיסט האָט דער וואָלפ זיכ געפלייכט איבערצושטרייטנ די הינט. זייַנ סאָפ האָט זיכ דערנעענטערט. ער איז געוואָרנ אָפּגעשוואכט, אונ בא זיי איז נאָכ געבליבנ א קליינער רעזערוו קויכעס. זיי האָבנ זיכ אָנגערוקט גלייַכ אפ אים. מיר האָבנ ניט געקאָנט אריבערשפרינגענ צו זיי, דערפאר האָבנ מיר איינגעהאלטנ דעמ אָטעמ אונ פונדערווייַטנ נאָכגעשפירט נאָכ זיי מיט דאָרשטיקע אויגנ. דער מע־האלעכ צווישנ אונדז האָט זיכ איצטער פארקלענערט, אונ דער ווינט האָט דער־טראָגנ שוואכע הינטישע קוילעס. דער גרויסער וואָלפ האָט פארקערעוועט ארופ איבערנ שארפנ אראָפּהאנג. ווייַזט אייכ, דער וועג איז אים געווענ גוט באקאנט, ווייַל ער חאָט זיכ קיינ איינ מאָל ניט ספּאָטיקעט. איכ האָב אים מיטגעפילט, דעמ אלטנ קעמפער, וואָס דאָט זיכ אומגעקערט העלפנ זייַנ כאווער, אונ א גע־פיל פונ ראכמאָנעס האָב איכ פלוצלינג דערפילט, דערזעענדיק ווי ער האָט גע־וואָרפנ ארומ זיכ א בליק אונ ארופגעשלעפט זיכ ארופ, קעדיי שטארבנ אפ זייַנ בארג.

קיינ האָפענונג צו ראטעווענ זיכ איז ניט געווענ. נאָכ אים האָט זיכ געיאָגט א סטאטע פונ פופצנ הינט, אונ נאָכ די הינט האָבנ זיכ געטראָגנ מענטשנ. ער איז שוינ ניט געגאנגענ, נאָר געשלעפט זיכ. די שורע הינט האָט זיכ עטוואָס דערמונטערט אונ געהאלטנ שוינ אינ אָניאָגנ אים. מיר האָבנ שוינ געהערט, ווי זיי אָטעמענ. קיינ געביל איז ניט געווענ — דערופ האָט זיי שוינ אויסגעפעלט אָטעמ. די גרויזאמע פּראָצעסיע האָט זיכ אופגעהויבנ אפנ בארג, ארומגערינגלט א הייכנ פעלדז אונ ארופגעטראָטנ אפ א שטעגעלע, וואָס האָט געפירט ארופ, ארופ. וואָס העכער, אלץ מערער האָט זיכ עס פארשמעלערט, ביז עס איז פאר־וואנדלט געוואָרנ אינ א שמאָלינקנ געזימס איבערנ פעלדזנ-שפּאלט. די פאָדערשטע הינט זייַנענ שוינ צוגעטראָטנ צומ וואָלפ, ווייסנדיק, אז דער סוינע איז אָפּגע־שוואכט אונ ניט מוירע האָבנדיק שוינ פאר אים.

דאָ, אבנ סאמע שמאָלנ אָרט, ווו איינ ניט זיכערער טראָט האָט באטייַט טויט, האָט דער גרויסער וואָלפ זיכ אויסגעקערעוועט אונ איז געבליבנ שטיינ מיט דער מאָרדע צו צאָפנ. פעסט אָנגעשפארט מיט די פאָדערשטע פיס אָנ דער ערד, אראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ אונ עטוואָס אופגעהויבנ דעמ עק, מיט אויסגעשטשי־רעטע פינקלענדיקע ציינ, ניט ארויסלאָזנדיק קיינ איינ קלאנג, האָט ער זיכ אויס־

געקערעוועט צו אונדז מיט דער טאָרדע. זײַנע פיס זײַנען געווען אָפּגעשוואכט פון לויפן, אָבער דער האלדז, די קינבאקן און דאָס הארץ זײַנען נאָך געווען פול מיט קויכעס, און — איצטער איר אלע, וואָס האָבן ליב הינט, פארמאכט בעסער דעם בוך, — פּופּצן אַף איינעם, די שנעלסטע פאָרויס, זײַנען זיי צוגעטראָטן צו אים. מיר האָבן קוים געקאָנט באנעמען, וויאזוי דאָס אלץ איז פאָרגעקומען, נאָר פּונקט אזוי, ווי א שטראָם וואסער, וואָס פאלט אַף א פעלדז, ווערט צעפלויגן אין שפּריצן, אזוי האָט די דאָזיקע לאנגע קייט הינט זיך צעקלאפּט אָן דעם וואָלף. דער שווארצגריוויקער האָט זיי באגעגנט איינעם נאָכן אנדערן. א שוואַכער שפּרונג, אן אנטקעגנדיקער קלאַפּ, א ווּנד, און פאנגאָ פארלירט דאָס גלײַכגעוויכט און פארשווינדט אין אָפּגרונט. נאָך פאנגאָ גרײַפן אָן און פלײַסן זיך אײַנבײַסן אין אים דאנדער און קאָלי. א שטויס, א טרייסל, און ביידע האָבן זיך אראָפּגעקײַקלט פונעם שמאָלן שטעגעלע. אָט רוקן זיך אָן בליוסקאָס מיטן מעכטיקן אָסקאר און דער שרעקלאָזער טיידוש נאָך זיי, אָבער דער וואָלף האלט זיך נאָענט צום פעלדז, און נאָך א קורצן געראנגל בלײַבט ער דאָרט אליין, און די הינט פארשווינדן. אָט לויפן צו די איבעריקע, די הינטערשטע, זיי שטויסן ארויס די פאָדערשטע. זיי טראָגן זיך פאָרויס, פאָרויס — צו זייער אומקום. א קנאַק, א קלאַפּ — און זיי פליִען אראָפּ גרויסע און קליינינקע — אראָפּ. ער האָט זיי אלע אײַנציקווײַז ארָאָפּגעשלײַדערט אין אָפּענעם אָפּגרונט, ווו זיי האָבן זיך צעקלאַפּט אָן די שארפע פעלדזן.

אין פּופציק סעקונדעס איז אלץ געווען געענדיקט. דער פעלדז האָט צעשטויבט א שטראָם וואסער — די פּענרופער טשאטע איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד. בילי פון בעדלענד איז געבליבן אליין, ווי פריִער, אַף זײַן בארג.

א מינוט איז ער געשטאנען אויסוואַרטנדיק, צי וועלן ניט אונטערקומען נאָך, אָבער קיינער איז מער ניט געקומען, ווײַל אונדזער גאנצע טשאטע איז געווען טויט. ער האָט איבערגעכאפּט דעם אָטעם, און צום ערשטן מאָל, אופהייבנדיק דעם קאָפּ און העכערנדיק די שטים, ארויסגעלאָזט א שוואכן דויערנדיקן געוויי פון ניצאָכן. דערנאָך אריבערגעשפּרונגען איבערן נאָענטסטן נידעריקן בארג־רוקן און פארשווונדן פון אויג אין איינעם פון די רויען פונעם ווערכטער-טורעם.

מיר זײַנען געשטאנען ווי פארשטיינערטע, פארגעסן אָן די ביקסן. דאָס אלץ איז פאָרגעקומען אזוי שנעל, אזוי אומדערווארט. מיר האָבן זיך קיין ריר ניט געטאָן פון אָרט, ביז דער וואָלף איז ניט פארשוווּנדן. דערנאָך האָבן מיר זיך

אויפֿקנעלאָזט צופֿוס א קוק טאָן, צי איז נים גאנצ געבליבנ כאָטש איינ הונט. קיינ איינער נים געבליבנ לעבעדיק. מיר האָבנ גאָרנים געקאָנט טאָן, מיר האָבנ גאָרנים געקאָנט זאָגנ.

## XI

## א געוווי באם זונ־פארגאנג

אינ א וואָכ ארום זיינענ מיר געפאָרנ, קינג אונ איכ, איבער א הויכ שטעגעלע. די זונ האָט זיכ באהאלטנ הינטערנ וועכטער-טורעם. עס איז שוינ געווענ גאנצ טונקל, ווענ מיר האָבנ דערגרייכט דאָס אָרט, ווו מע פארקערעוועט צו דיומאָנס פערמע. פונעם בריעג־פלייצ האָט זיכ אויפגעהויבנ א טיפער, כוואליענדיקער געוווי. אימ האָט געענטפערט א כאָר פונ קוויטשענדיקע שטימענ. מיר האָבנ גאָרנים געקאָנט זענ, נאָר מיר האָבנ זיכ צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאמקייט. די ליד האָט זיכ איבערגעכאזערט — דאָס איז געווענ דער יעגערשער רופ פונ די וועלפ. דער געוווי איז פארשטאָרבנ, אָבער אינ א מינוט ארום איז די נאכטיקע לופט אופגעציטערט געוואָרנ פונ א צווייטנ קלאנג. דאָס איז געווענ יענער שארפער געביל, דורכגעריסנ מיט א האסטיקנ געהוי, וואָס באטייט: „כאפ אימ!" עס האָט זיכ דערהערט א מעקערייַ אונ גלייַכ פארשטילט געוואָרנ. קינג האָט אָפגעלאָזט דאָס צוימל פונעם פערד אונ בייז באמערקט:

— דאָס איז ער. דאָס יאָגט ער זיכ ארום מיט זיינ טשאטע. נאָכ מיט איינ בעהיימע געוואָרנ ווייניקער.



## די געשיכטע פונ א בולטעריער

### I

איכ האָב אימ צומ ערשטנ מאָל דערזענ פארנאכט־צייט. גאנצפרי האָב איכ באקומענ א טעלעגראמע פונ מיינ שול־כאווער דזשעק:

„איכ שיק דיר א זעלטנ הינטל. זיי מיט אימ העפלעכ. ניט קיינ העפלעכע האָט ער ניט ליב“.

דזשעק פארמאָגט אזא כאראקטער, אז ער וואָלט געקאָנט מיר צושיקנ א טייוולשע מאשינ אָדער א מעשוגענעמ טכויר אָנשטאָט א הינטל. דערפאר האָב איכ געווארט אפ זיינ מאטאָנע מיט געוויסנ נייגער. אפנ שטייגל, וואָס איז אָנגעקומענ מיט דער פאָסט, האָב איכ דערזענ אנ אופשריפט: „געפערלעכ“. פונ אינעווייניק, בא דער קלענסטער באוועגונג, האָט זיכ געלאָזט הערנ א דינינקער געביל. ארייַנגעקוקט אינ דער לאָכ, וואָס איז געווענ פארקלאפט מיט א גראטע, האָב איכ דערזענ ניט קיינ טיגערל, נאָר סאכאקל א קלייניקנ ווייסנ בולטעריער. ער האָט זיכ געפלייסט, וויארומ מיכ א ביס צו טאָנ אונ די גאנצע צייט בייז געבריזלט. זיינ ברילנ איז מיר געווענ ניט אָנגענעמ. הינט קענענ בילנ אפ צוויי אויפאנימ: מיט א נידעריקער ברוסטיקער שטימ — דאָס איז א העפלעכע וואָרענונג אָדער אנ ענטפער פול מיט ווירדע, אונ מיט א שטארקער הויכער וואָרטשעריי — דאָס איז דאָס לעצטע וואָרט פאר אנ אָנפאל. אלע רייד פונ דעמ בולטעריער זיינענ געווענ פונ דעמ לעצטנ מינ.



ווי א מענטש, וואָס האָט ליב הינט, האָב איכ געמיינט, אז איכ ווייס אלע מיטלענ, ווי מע באגייט זיכ מיט זיי. דערפאר האָב איכ, ווי נאָר איכ האָב אָפּגעלאָזט דעמ טרעגער, ארויסגענומענ מיינ מעסערל, גענומענ א העמערל, א האק, א קאסטנ מיט אינסטרומענטנ, א קאָטשערע אונ ארויפגעריסנ די גראטע. יאָ, איכ

ווייס, ווי מע באגייט זיכ מיט הינט. דער קלײנינקער טײַוול האָט בייז געברילט בא יעדנ קלאפ פונעמ האמער, אונ ווי נאָר איכ האָב א קערעווע געטאָנ דעמ קאסטנ אפ א זײַט, האָט ער זיכ א וואָרפ געטאָנ גלײַכ צו מײַנע פיס. וואָלט זײַנ פיסל זיכ נאָר ניט געווענ פארפלאָנטערט אינ דער דראָטענער גראטע, וואָלט שוינ געווענ א קלאָג צו מיר.

איכ בינ ארופגעשפרונגענ אפנ טיש, ווו ער האָט ניט געקאָנט מיכ דערלאנגענ, אונ איכ האָב זיכ געפרווט אימ עטוואָס אײַנעמענ. איכ האָב פונ שטענדיק אָנ געהאלטנ, אז מיט א כײַע דארפ מענ קענענ ריידנ. איכ באהויפט, אז זיי כאפנ אופ דעמ אלגעמיינעמ זינ פונ אונדזערע רייד אונ אונדזערע פארלאנגענ, כאָטש אפילע זיי פארשטייענ ניט די ווערטער. אָבער דאָס דאָזיקע הינטל האָט, ווײַזט אויס, מיכ געהאלטנ פאר א צווייפענעמדיקנ אונ האָט מיט פאראכטונג זיכ באצויגנ צו מײַנ אונטערכאנפענענ זיכ. לעכאטכילע האָט עס זיכ באזעצט אונטערנ טיש, קיקנדיק וואכזאמ אינ אלע זײַטנ, צי וועל איכ ניט פרווונ אראָפלאָזנ א פיס. איכ בינ געווענ פולשטענדיק זיכער, אז איכ וואָלט געקאָנט אימ מאכנ געהאַרכיאמ מיט איינ קוק, אָבער מיר האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ א קוק צו טאָנ אימ אינ די אויגנ, אונ דערפאר בינ איכ געבליבנ אפנ טיש.

איכ בינ א מענטש א קאלטבלוטיקער. איכ בינ דאָכ א פאָרשטייער פונ א פירמע, וואָס האנדלט מיט אײַזנוואַרג. אונ אונדזערנ א ברודער, ווי מע זאָגט, פעלט ביכלאל ניט קיינ מוט, אינ דעמ פראט קאָנענ מיט אונדז זיכ פארמעסטנ סײַדנ נאָר די הערנ, וואָס האנדלענ מיט פארטיקע קליידער. איז אָט, האָב איכ ארויסגענומענ א סיגאר אונ פארייכערט, זיצנדיק ווי א טערק אפנ טיש, אינ דער צײַט, ווענ דער קלײנינקער דעספאָט האָט געוואַרט פונ אונטנ אפ מײַנע פיס. דערנאָכ האָב איכ ארויסגענומענ פונ קעשענע די טעלעגראמע אונ איבערגעלייענט נאָכאמאָל: „א זעלטנ הינטל. זײַ מיט אימ העפלעכ. ניט קיינ העפלעכע האָט ער ניט ליב".

איכ מיינ, אז מײַנ קאלטבלוטיקײַט האָט אינ דעמ פאל מיט דערפאָלג פארביטנ העפלעכקײַט, ווײַל אינ א האלבער שאָ ארומ איז דאָס ברילנ אײַנגעשטילט געוואָרנ. אינ א שאָ ארומ האָט דאָס הינטל שוינ זיכ ניט געוואָרפנ אפ דער צײַטונג, וואָס איכ האָב פאָרזיכטיק אראָפגעלאָזט פונ טיש, קעדיי אויסצופרווונ זײַנע געפילנ. מעגלעכ, אז די אופרעגונג, וואָס עס האָט בא אימ ארויסגערופנ די טעלעג, איז עטוואָס אריבער. אינ ווענ איכ האָב אָנגעצונדנ דעמ דריטנ סיגאר,

האָט עס זיכ דורכגעשפּאנט צום קאמינ אונ דאָרטנ אוועקגעלייגט זיכ, עפּעס, ניט פארגעסנדיק מיכ, — דערופ האָב איכ זיכ ניט געקאָנט באקלאָגנ. איינ אויג זײַנס האָט די גאנצע צײַט נאָכגעשפּירט נאָכ מיר, אונ איכ האָב מיט ביידע אויגנ נאָכגעשפּירט ניט אזוי נאָכ אימ, ווי נאָכ זײַנ קורצנ וויידעלע. ווענ דער וויידל זאָל כאָטש איינײַנציק מאָל געווענ א צופּ טאָנ זיכ אינ דער זײַט, וואָלט איכ דערפילט, אז איכ האָב געזיגט. אָבער דער ווידל איז געבליבנ אומבאוועגלעכ. איכ האָב גענומענ א ביכל אונ בינ ווידער געבליבנ זיצנ אפנ טיש, ביז די פיס זײַנענ בא מיר פארגליווערט געוואָרנ אונ ביז דאָס פײַער אינ קאמינ האָט אָנגעהויבנ זיכ אויסלעשנ.

צו צענ אזייגער איז געוואָרנ קיל, אונ צו האלב עלפ איז דאָס פײַער אינגאנצנ פארלאָשנ געוואָרנ. מײַנ כאווערס מאטאָנע האָט זיכ געשטעלט אפ די פיס אונ, גענעצנדיק אונ ציִענדיק זיכ, אוועקגעלאָזט זיכ צו מיר אונטערנ בעט, ווו עס איז געלעגנ א פוטערנער טעפּיכ. גרינג אריבערגעשפּאנט פונעמ טיש אפנ בופעט אונ פונ בופעט אפנ קאמינ, האָב איכ אויכ דערגרייכט דאָס בעט אונ שטילערהייט זיכ אויסגעטאָנ אונ אוועקגעלייגט זיכ, ניט באומרויִקנדיק מײַנ הערשער. איכ האָב נאָכ ניט באוויזנ אנשלאָפנ צו ווערנ, ווי איכ האָב דערהערט, עמעצער גראבלט זיכ, אונ גלײַכ דערפילט, אז עמעצער גייט איבערנ בעט, דערנאָכ איבער די פיס. סנאפּ*) האָט, ווי‍ײַזט אויס, אײַנגעפונענ, אז אונטנ איז צו קאלט אונ באשלאָסנ צו באנוצנ זיכ מיט אלע באקוועמלעכקײַטנ פונ מײַנ ווױנונג.

ער האָט זיכ צונויפגעקײַקלט בא מיר צופוסנס אפ א זייער ניט באקוועמענ פאר מיר אויפנ. אָבער אומזיסט וואָלט געווענ די טירכע אײַנצוואָרדענענ זיכ בעסער, ווײַל ווי נאָר איכ האָב געפּרוווט זיכ אָפּרוקנ, אזוי האָט ער זיכ אײַנגעביסנ מיר אינ פוס מיט אזא קאס, אז נאָר די דיקע קאָלדרע האָט מיכ געראטעוועט פונ א שווערער ווונד.

עס איז דורכ א גאנצע שאָ, איידער מיר האָט זיכ אײַנגעגעבנ אזוי אוועקצולייגנ די פיס, איבערוקנדיק זיי יעדעס מאָל אפ א האָר, אז איכ זאָל קאָנענ ענדלעכ אנשלאָפנ ווערנ. מיכ האָט עטלעכע מאָל, אינ מעשעכ פונ דער נאכט, אופגעוועקט דער צאָרנדיקער געבריל פונעמ הינטל. ס'קאָנ זײַנ דערפאר, ווײַל איכ האָב געוואגט א ריר צו טאָנ מיט א פוס אָנ זײַנ דערלויבעניש, אָבער מעגלעכ אויכ פּאָשעט דערפאר, ווײַל איכ האָב זיכ דערלויבט פונ צײַט צו צײַט א כראָפּע טאָנ.

*) סנאפּ (Snap) הייסט: א כאפּ, א ביס.

אינדערפרי בינ איכ געווענ גרייט אופצושטיינ פריִער פאר סנאפנ. איכ האָב איִמ אָנגערופנ סנאפ, אָבער זיַינ פולער נאָמענ איז, פארשטייט איר מיכ, געווענ דזשינ-דזשערסנאפ.*) פאר אייניקע הינט איז זייער שווער צוצוזוכנ א נאָמענ, פאר אנ-דערע, פארקערט, פארשפאָרט מענ לאנג זוכנ, ער קומט אליינ פונ זיכ.

האָב איכ געוואָלט, הייסט עס, אופשטיינ זיבנ אזייגער. סנאפ האָט איַינגעפו-נענ פאר בעסער אָפצולייגנ דאָס אופשטיינ ביז אכט, דעריבער זיַינענ מיר אופ־געשטאנענ אכט. ער האָט מיר דערלויבט איַינצוהייצנ דעמ קאמינ און דערלויבט אויכ זיכ אָנצוטאָנ און קיינ איינ מאָל מיכ ניט פארטריבנ אפנ טיש. ארויסגייענדיק פונ צימער און קלאַַבנדיק זיכ עסנ פרישטיק האָב איכ באמערקט:

— סנאפ, פריַינט מיַינער, אייניקע מענטשנ וואָלטנ זיכ גענומענ דיכ דערציִענ מיט קלעפ, נאָר איכ מיינ, אז מיַינ פלאנ איז בעסער. די מאָדערנע דאָקטוירימ רעקאָמענדירנ אזא הייל־סיסטעמ, וואָס רופט זיכ „איבערלאָזנ אָנ פרישטיק“. איכ וועל די דאָזיקע סיסטעמ אויספרווּונ אפ דיר.

עס איז געווענ, פארשטייט זיכ, אומראכמאָנעסדיק א גאנצנ טאָג ניט געבנ אימ עסנ, אָבער איכ האָב אויסגעהאלטנ כאראקטער. ער האָט צעדראפעט די גאנצע טיר, און איכ האָב דערנאָכ געמוזט זי אויספארבנ אפסניַי. אָבער דערפאר צו אָוונט האָט ער גערנ מאסקימ געווענ נעמענ פונ מיַינע הענט א ביסל שפיַיז. עס איז ניט דורכ קיינ וואָכ צייַט, ווי מיר זיַינענ שוינ געווענ פריַינט. איצטער איז ער געשלאָפנ בא מיר אפנ בעט, ניט פרווּונדיק זיכ מער מיכ צו מאזיקנ באמ מינדסטנ ריר. די היילונג־סיסטעמ, וואָס האָט זיכ גערופנ „איבערלאָזנ אָנ פריש־טיק“, האָט געטאָנ ווּנדער, און אינ דריַי כאדאָשימ ארומ וואָלט מענ אונדז מיט קאלטנ וואסער ניט צעטריבנ.

וויַיזט אויס, אז דער געפיל פונ שרעק איז אימ געווענ אומבאקאנט. ווענ ער פלעגט באגעגענענ א קליינ הינטל, פלעגט ער ניט ווענדנ אפ דעמ קיינ שומ אופמערקזאמקייט. אָבער ווי נאָר עס פלעגט זיכ באוויַיזנ א געזונטער הונט, אזוי פלעגט ער ווי א סטרונע אָנציִענ זיַינ אָפגעהאקטנ עק און פלעגט זיכ נעמענ ארומשפאצירנ ארומ אימ, שארנדיק מיט די הינטערשטע פיס און קוקנדיק אינ הימל, אפ דער ערד, אינ דער וויַיט, וווּהינ איר ווילט אליינ, נאָר ניט אפנ אומ־

* דזשינדזשערסנאפ — א ברעכיק לעקעכל מיט אימבער.

באקאנטן, באצייכענענדיק זײַן אָנוועזנהײַט מיט אָפּטע הויכע געביל. אויב דער אומבאקאנטער פלעגט זיך אזוי גיך ניט אָפּטראָגן, פלעגט אויסברעכן א שלאכט. נאָך דער שלאכט פלעגט דער אומבאקאנטער מערסטנטייל זיך אָפּטראָגן מיט באזונדערער גרייטקײַט. ניט איין מאָל פלעגט אויך סנאפּ קריגן געבראָכענע די ביינער, אָבער קיין שום ביטערע דערפארונג האָט ניט געקאָנט ארײַנקלאפּן אין אים די מינדסטע פאָרזיכטיקײַט. איין מאָל, פאָרנדיק אין א קארעטע, בעשאס דער הינטישער אויסשטעלונג, האָט סנאפּ דערזען ארומשפּאצירן א העלפאנדארטיקן סענבערנאר. זײַן ווּקס האָט ארויסגערופן גרויס באגײַסטערונג באם הינטל. ווי א פײַל פון בויגן האָט עס זיך א לאָז געטאָן פון פענצטער און צעבראָכן זיך א פוס.

ווײַזט אויס, בעשאס מע האָט באשאפן סנאפּן, האָט מען פארגעסן ארײַנטאָן אין אים שרעק. ער איז ניט ענלעך געווען אפ קיין איינעם פון די הינט, וואָס זײַנען מיר באוווסט. צום בײַשפּיל, ווען א יינגל פלעגט אין אים אמאָל ווארפן א שטיין, פלעגט ער גלײַך זיך לאָזן לויפן, אָבער ניט פונעם יינגל, נאָר צו אים. און אויב דאָס יינגל האָט נאָכאמאָל געוואָרפן א שטיין, פלעגט סנאפּ טייקעף זיך אָפּרעכענען מיט אים. דערמיט האָט ער זיך דערוואָרבן גרויס אָפּשײַ מיצאד אלעמען. בלויז איך און דער קוריער פון אונדזער קאָנטאָר האָבן געקאָנט זען זײַנע גוטע מײַלעס. בלויז אונדז צווייען האָט ער געהאלטן, אז מיר זײַנען ווערט זײַן פרײַנטשאפט. ווען עס זײַנען אָנגעקומען די זומער-כאדאָשים וואָלטן קארנעדזשי, וואנדערבילט און אסטאָר*),—אלע דרײַ צוזאמען, ניט געקאָנט צונויפזאמלען גענוג געלט, אפּ אָפּקויפן בא מיר מײַן קליינינקן סנאפּ.



## II

כאָטש איך בין ניט געווען קיין קאָמיוואָיאזשאָר, פונדעסטוועגן האָט מײַן פירמע מיך ארויסגעשיקט הארבסטצײַט אין א רײַזע, און סנאפּ איז איבערגעבליבן מיט דער באלעבאָסטע פון דער וווינונג. זיי זײַנען זיך ניט צונויפגעגאנגען מיט די כאראקטערס. ער האָט זי פאראכטעט, זי האָט פאר אים מוירע געהאט, און ביידע האָבן ניט געקאָנט אָנקוקן איינער דעם אנדערן.

*) דרײַ רײַכסטע אמעריקאנישע מיליארדערן.

איך בין געווען פארנומען מיט אָפּזועצן דראָט אין די צאָפּן-שטאטן. די בריוו, וואָס פלעגן זיך באקומען אפ מײַן נאָמען, פלעגן מיר צוגעשטעלט ווערן איין מאָל אין וואָך. אין די דאָזיקע בריוו האָט מײַן באלעבאָסטע שטענדיק זיך באקלאָגט פאר מיר אפ סנאפן.

געקומען קיין מענדאָזע, אין צאָפּן-דאקאָט, האָב איך דאָרטן געטראָפן א גוטן פלאצ אפ אָפּזועצן דראָט. פארשטייט זיך, מײַנע הויפּט-געשעפטן פלעג איך מאכן מיט די גרויסע הענדלער. אָבער איך האָב זיך ארומגעדרייט אויך צווישן פערמערס, קעדיי צו באקומען פון זיי פראקטישע אָנווײַזונגען, און אפ אזא אויפן האָב איך זיך באקאנט מיט דער פערמע פון די ברידער פענרופ.

עס איז אומעגלעך אָפּצווײַזן א געוויסע צײַט אין אן אָרט, ווו עס ווערט געפירט א סיסטעמאטישע פיצוכט, און ניט אָנהערן זיך דאָרטן וועגן די מערדע-רײַען פון א וועלכן-ניט-איז געפערלעכן און בייזן גרויען וואָלף. עס איז שווין דורך יענע צײַט, ווען מע פלעגט קאָנען פארסאמען די וועלף פעקלעכווײַז. די שאָדנס, וואָס זיי ברענגען די פערמערס, איז ניט אָפּצושאצן.

די ברידער פענרופ, ווי אלע דערפארענע פיציכטלער, האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון סאם און פון פאסטקעס און האָבן זיך גענומען דרעסירן פארשיידענע מינים הינט, וואָס זאָלן טויגן צו דער יאגד אפ וועלפ. דערמיט האָבן זיי געהאָפט ניט נאָר באפרײַען די אומגעגנט פון סאָנים, נאָר אויך פארווײַלן זיך.

עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז די יאגדהינט זײַנען צו ווייכהארציק פאר אן אנטשיידענעם קאמפ. די דענישע הינט זײַנען צו ניט-רירעוודיק, און די יאגדהינט קאָנען ניט פארפאָלגן די כײַע, ביז זיי זעען זי ניט מיט די אויגן. יעדער מין האָט געהאט זײַן גרינטלעכן כיסאָרן. די קאָווביעס האָבן געהאָפט צו דערשלאָגן זיך עפּעס וואָס מיט דער הילף פון א געמישטער טשאטע. און ווען מע האָט מיך אײַנגעלאדן אפ יאגד, האָט ניט ווייניק פארגעניגן מיר פאר-שאפט בלויז די פארשיידנארטיקײַט פון די הינט, וואָס האָבן זיך אין דער יאגד באטייליקט. דאָרט זײַנען געווען ניט ווייניק פארזעעניש, נאָר עס האָבן ניט גע-פעלט אויך ריינבלוטיקע הינט, — אגעוו אויך עטלעכע רוסישע וועלפ-ווערגער, וואָס האָבן זיכער געקאָסט א סאך געלט.

הילסאָן פענרופ, דער עלטערער פון די ברידער, האָט זייער שטאָלצירט מיט זיי און געוואָרט פון זיי גרויסע העלדנטאטן.

— די יאגדהינט זײַנען צו דינהויטיק פאר יאָגד אפ וועלפ, די דענישע

לויפֿנ צו לאנגזאמ, נאָר אָט וועט איר זענ, שטיקער וועלנ פליִענ, ווענ עס וועלנ זיכ ארײַנמישנ מײַנע רוסישע.

אזויארומ האָבנ די יאגדהינט באדארפט בלויז יאָגנ דעמ וואָלפ, די דענישע— זײַנ אינ רעזערוו, אונ די רוסישע זײַנענ געווענ באשטימט פאר דער גענעראל־שלאכט. אויסער דעמ, האָט מענ נאָכ צוגעגרייט א צוויי—דרײַ יאָגהינט, וואָס האָבנ באדארפט מיט זייער פײַנעמ כוש אויסשפּירנ די כײַע, אויב מע וועט זי פארלירנ פונ אויג.

עס איז געווענ א פײַנער ספּעקטאקל, ווענ מיר האָבנ זיכ אוועקגעלאָזט אינ וועג צווישנ די בערג פונ בעדלענד אינ א לויטערנ אָקטיאבער-טאָג. די לופט איז געווענ דורכזיכטיק אונ ריינ, אונ ניט געקוקט אפ דער שפּעטער צײַט פונ יאָר, איז נאָכ ניט געווענ ניט קיינ שניי אונ ניט קיינ פראָסט. די פערדלעכ האָבנ עטוואָס זיכ געהיצט אונ א פּאָר מאָל מיר באוויזנ, וויאזויארומ די פערד פונ די קאָוובויעס ווערנ פּאָטער פונ זייערע רײַטער.

די הינט זײַנענ געווענ פול מיט דראנג, אונ מיר האָבנ באמערקט אפנ פליינ איינעמ אָדער צוויי גרויע פלעקנ. דאָס זײַנענ געווענ, ווי הילטאָנ האָט געזאָגט, וועלפ אָדער קאָיאָטנ. די טשאטע האָט זיכ א לאָז געטאָנ מיט א הויכנ געביל, אָבער כאפנ האָט זיכ זיי ניט אײַנגעגעבנ קיינעמ, כאָטש זיי האָבנ זיכ געטראָגנ ביזנ סאמע אָוונט. בלויז איינער פונ די יאגדהינט האָט דעריאָגט דעמ וואָלפ, באַ־קומענ א וווּנד אינ פלייצע אונ איז אָפּגעטראָטנ.

— מיר דאכט זיכ, הילט, אז פונ דײַנע רוסישע וועט גאָרניט ארויסקומענ,— האָט געזאָגט הארווינ, דער קלענסטער פונ די ברידער.—איכ בינ גרייט צו שטעלנ אפנ קליינינקנ שווארצנ דענעמערקער קעגנ אלע איבעריקע הינט, כאָטש ער איז פּאָשעט א פארזוענייש.

— איכ הייב ניט אָנ פארשטיינ,— האָט א ברומ געטאָנ הילטאָנ,— אפילע די קאָיאָטנ פלעגט זיכ קיינמאָל ניט אײַנגעבנ ארויסדרייענ זיכ פונ די דאָזיקע יאגדהינט. די יאגדהינט זײַנענ אויכ אויסגעצייכנטע—זיי קאָנענ אויסשפּירנ אפילע א דרײַטאָגיקנ שפור. אונ די דענעמערקער קאָנענ זיכ ספּראווענ אפילע מיט א בער.

— איכ לייקנ ניט,— האָט געזאָגט דער פּאָטער,— דײַנע הינט קאָנענ יאָגנ, קאָנענ אויסשפּירנ אונ קאָנענ זיכ ספּראווענ מיט א בער,— נאָר די גאנצע זאכ באשטייט אינ דעמ, וואָס זיי האָבנ קיינ כיישעק ניט אָנצוהייבנ מיט א גרויענ



וואָלף. די גאנצע הינטישע טשאטע האָט פּאַשעט מוירע. איך וואָלט זייער וועלן באקומען צוריק דאָס געלט, וואָס איך האָב פאר זיי אָפּגעצאָלט.

אזוי האָבן זיי געשמועסט, ווען איך האָב זיך מיט זיי אָפּגעזעגנט און בין אוועקגעפאָרן ווײַטער.

די יאגדהינט זײַנען געווען קרעפטיקע און פלינק-פיסיקע, אָבער דער אויס-זען פון א גרויען וואָלף, ווײַזט אויס, ווארפט אָן א שרעק אף אלע הינט. בא זיי קלעקט ניט קיין מוט צו פארמעסטן זיך מיט אים אין קויכעס און ניט ווילנדיק האָט מײַן זיקאָרן מיך אריבערגעטראָגן צום שרעקלאָזן הינטל, וואָס האָט געטיילט מיט מיר מײַן געלעגער אין מעשעכ פונעם לעצטן יאָר. אך, ווי שטארק עס האָט זיך מיר געוואָלט, אז עס זאָל איצט זײַן דאָ, און די ניט רי-רעוודיקע גיגאנטן זאָלן באקומען אן אָנפירער, וואָס ווייסט ניט וואָס הייסט שרעק.

מיט דער נאָענטסטער פּאָסט האָב איך באקומען א פּאקעט מיט צוויי בריוו פון מײַן באלעבאָסטע. אינעם ערשטן בריוו האָט זי געמאָלדן, אז „דער דאָזיקער נידערטרעכטיקער הונט פירט זיך מיעס אוף אין מײַן צימער". דער צווייטער בריוו, נאָך א מער היציקער, איז געווען מיט א פאָדערונג „טייקעף צונעמען סנאפּן". „פּארוואָס טאקע ניט אויסרײַבן אים קיין מענדאָזע? — האָב איך א טראכט געטאָן. — סאכאקל צוואנציק שאָ פאָרן. די פענרופס וועלן זײַן צופרידן, ווען זיי וועלן באקומען מײַן סנאפּן".

## III

מײַן פאָלגנדיקע באגעגעניש מיט דזשינדזשערסנאפּן האָט זיך גאָר ניט אזוי ווײַט אונטערשיידט פון דער ערשטער, ווי דאָס האָט מען געקאָנט דערווארטן. ער האָט זיך א וואָרף געטאָן אף מיר, געמאכט אן אָנשטעל, אז ער וויל א ביס טאָן, אָן אופהער געוואָרטשעט, אָבער דאָס וואָרטשען איז געווען ברוסטיק, בא-טאָנט, און דער אָפּגעהאקטער ווידל האָט שטארק געצוקט בא אים.

פאר דער צײַט, וואָס איך האָב בא זיי געוווינט, האָבן די פענרופס עטלעכע מאָל פאָרגענומען א יאגד אף וועלף און זיי זײַנען געווען אויסער זיך פון די שטענדיקע דורכפאלן. די הינט האָבן קימאט יעדעס מאָל אופגעהויבן א וואָלף, נאָר בעשומויפן ניט געקאָנט מאכן א סאָף צו אים, און די יעגער האָבן קיין איין מאָל זיך ניט געפונען בענוג נאָענט, קעדיי צו דערווישן זיך, פארוואָס זיי האָבן מוירע.

דער אלטער פּענרופּ איז איצטער געווען פולשטענדיק איבערצייגט, אז „אין דער גאנצער נישטיקער טשאטע איז ניסאָ קיין איין הונט, וואָס זאָל זיין פייִק זיך פּארמעסטן אפילע מיט א קראָליק".

אפ מאָרגן זיינען מיר ארויסגעטראָטן, ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן שאריִען אפ טאָג. די זעלבע ווילע פערד, די זעלבע אויסגעצייכנטע רייטער, די זעלבע גרויסע רויך־קאָלירענע, געלע און ראבע הינט. נאָר אויסער דעם, איז מיט אונדז געווען א קליין ווייס הינטל, וואָס איז די גאנצע צייט ניט אָפּגעשטאנען פון מיר און האָט באקאנט געמאכט מיט זיינע ציין ניט נאָר די הינט, נאָר אויך די פערד, וואָס האָבן געוואגט זיך דערנעענטערן צו מיר. דאכט זיך, אז סנאפּ האָט זיך איבערגעקריגט מיט יעדן מענטשן, הונט און פערד, וואָס איז געווען דאָ נאָענט.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אפן שפּיץ פון א גרויסן פלאכקעפּיקן בארג. הילטאָן, וועלכער האָט באקוקט די אומגעגנט אין בינאָקל, האָט פלוצלינג אויסגעשריִען:

— איך זע אים! אָט גייט ער צום טייכל, סקעל. דאָס מוז זיין א קאָיאָט.

איצט האָט מען געמוזט צווינגען אויך די יאגדהינט צו דערזען דאָס רויב. דאָס איז ניט קיין גרינגע זאך, ווייל זיי קענען ניט קוקן אין בינאָקל, און דער פליין איז באדעקט מיט קוסטעס, וואָס זיינען העכער פון א הונט.

דעמלט האָט הילטאָן א רופ געטאָן: „דאנדער, אהער!" און ארויסגעשטעלט א פוס פאָרויס. מיט איין קונציקן שפּרונג איז דאנדער ארופגעשפּרונגען אפן זאָטל, געשטעלט זיך, באלאנסירנדיק, אפן פערד, און הילטאָן האָט געהאלטן אין איין צייגן אים:

— אָט איז ער, דאנדער, קוק! בייס! בייס אים! דאָרט! דאָרט!

דאנדער האָט שטארק זיך איינגעקוקט אין פינטל, וואָס דער באלעבאָס האָט אים אָנגעוויזן, דערנאָך, ווייזט אויס, עפּעס דערזען, ווייל ער איז מיט א לייכטן געביל אראָפּגעשפּרונגען אפ דער ערד און געלאָזט זיך לויפן. די אנדערע הינט האָבן נאָכגעפאָלגט נאָך אים. מיר האָבן זיך אוועקגעלאָזט נאָך זיי, אָבער מיר זיינען היפּש אָפּגעשטאנען, ווייל דער באָדן איז געווען אופגעריִעט מיט גריבער און נאָרעס און באדעקט מיט שטיינער און קוסטעס. אן איבעריק גיכער געיעג האָט זיך געקאָנט ענדיקן טרויעריק.

איז אָט זיינען מיר אלע אָפּגעשטאנען, און איך, א מענטש, וואָס איז ניט געוווינט צו א זאָטל, בין אָפּגעשטאנען מער פון אלעמען. פון צייט צו צייט האָבן



געשוועבט פאר די אויגן די הינט. אָט זײַנען זיי געשפּרונגען איבער א גלײַכן פלײן, אַט זײַנען זיי אראָפּגעשפּרונגען אין א רוי, קעדיי גלײַך באווײַזן זיך אף דער צווייטער זײַט. דער אָנערקענטער פירער איז געווען דער יאגדהונט דאנדער. אינגיכן האָבן מיר דערזען דאָס גאנצע בילד פון דער יאגד: א קאָיאָט איז געפלויגן אין איין אָטעם. די הינט זײַנען אים נאָכגעלאָפן אף א פערטל מײַל הינטן, אָט־אָט, ווײַזט אויס, יאָגן זיי אים שוין אָן. ווען מיר זײַנען צוגעקומען נעענטער, איז שוין דער קאָיאָט געלעגן א טויטער, און די הינט, סאָפּענדיק, זײַנען געזעסן ארום אים, אויסער צוויי יאגדהינט און דזשינדזשער סנאפּן.

— פארשפּעטיקט צו דער סודע, — האָט באמערקט הילטאָן, א קוק געבנדיק אף די אָפּגעשטאנענע יאגדהינט. דערנאָך האָט ער מיט שטאָלץ א גלעט געטאָן דאנדערן: — פונדעסטוועגן, ווי איר זעט, באגייען זיי זיך אָן אײַער הינטל.

— וואָס זאָגט איר אף דער העלדישקײַט! צען גרויסע הינט זײַנען אָנגעפאלן אף א קליינינקן קאָיאָט, — האָט שפּאָטנדיק באמערקט דער פאָטער. — ווארט אויס, לאָמיר באגעגענען א גרויסן וואָלף.

אם מאָרגן האָבן מיר ווידער אוועקגעלאָזט זיך אין וועג.

אופגעהויבן זיך אף א בערגל, האָבן מיר דערזען א באוועגלעך גרוי פינטל. א באוועגלעך ווײַס פינטל באטײַט אן אנטילאָפּ, א רויט פינטל — א פוקס, א גרוי פינטל — א וואָלף אָדער א קאָיאָט. צי איז דאָס א וואָלף אָדער א קאָיאָט, באשטימט מען לויטן עק; א הענגענדיקער — געהערט א קאָיאָט, אן אופגעהויבענער א פארהאסטן גרויען וואָלף.

פונקס ווי נעכטן האָט מען דאנדערן באוויזן דאָס רויב, און ער האָט ווי נעכטן אוועקגעפירט נאָך זיך די טשאַטע—יאגדהינט, וואָלף־ווערגער, יאָגהינט, דאָגן, דעם בולטעריער און אויך די רײַטער. אף איין רעגע האָבן מיר דערזען דעם געיעג: אָן סאָפעק, דאָס איז געווען א גרויער וואָלף, וואָס האָט זיך באוועגט מיט לאנגע שפּרינגענדיקע טריט פאָרויס די הינט. איך ווייס ניט פארוואָס מיר האָט עפּעס אויסגעוויזן, אז די פאָדערשטע הינט לויפן ניט אזוי שנעל, ווי דעמלט, ווען זיי האָבן זיך געיאָגט נאָכן קאָיאָט. וואָס איז געווען ווײַטער, האָט קיינער ניט געזען. די הינט האָבן זיך אומגעקערט צוריק איינער נאָכן אנדערן, און דער וואָלף איז פארשוואונדן. אלע האָבן איצטער גענומען אָפּלאכן און שפּעטן פון די הינט.



— עכ, פאכדאָנים, דערשראָקנ זיכ! — האָט מיט פאראכטונג געזאָגט דער פאָטער. — געקאָנט אימ גרינג דעריאָגנ. אָבער ווי נאָר ער האָט זיכ אויסגעקערעוועט צו זיי, האָבנ זיי געמאכט פלייטע. טפו!

— אונ וווּ איז געווענ אײַער אומפארגלײַכלעכער, שרעקלאָזער טעריער? — האָט מיט פאראכטונג געפרעגט הילטאָנ.

— איכ ווייס ניט, — האָב איכ געזאָגט, — גיכער פאר אלצ האָט ער אפילע ניט געזענ דעמ וואָלפ, נאָר אויב ער וועט אימ אמאָל דערזענ, גיי איכ אינ געוועט, אז ער וועט אויסקלײַבנ אָדער ניצאָכנ אָדער טויט.

באנאכט האָט ניט ווײַט פונ דער פערמע דער וואָלפ צעריסנ עטלעכע בע־היימעס, אונ מיר האָבנ ווידער זיכ אָנגעגורט אפ יאגד.

אָנגעהויבנ האָט זיכ בעערעכ אזוי ווי נעכטנ. שוינ א סאכ שפעטער, נאָכ האלבנ טאָג, האָבנ מיר דערזענ דעמ גרויענ כעוורעמאנ מיטנ אופגעהויבענעמ עק, ניט ווײַטער ווי א האלבע מײַל פונ אונדז. הילטאָנ האָט אוועקגעזעצט דאנדערנ אפנ זאָטל. איכ האָב געוואָלט טאָנ דאָס זעלבע, אונ האָב צוגערופנ סנאפנ. זײַנע לאפקעס זײַנענ געווענ אזוי קורצ, אז ארופשפרינגענ דעמ פערד אפ דער פלייצע האָט ער ניט געקאָנט. ענדלעכ האָט ער זיכ ארופגעדראפעט מיט דער הילפ פונ מײַנ פוס. איכ האָב אימ באוויזנ דעמ וואָלפ אונ איבערגעכאזערט: „בײַס, בײַס!" ענדלעכ האָט ער באמערקט די כײַע אונ א וואָרפ געטאָנ זיכ מיטנ גאנצנ האסט נאָכ די יאגדהינט, וואָס זײַנענ שוינ אהינ געלאָפנ. דער געיעג איז איצטער געגאנגענ ניט אינ געדיכטע קוסטעס לענגויס דעמ טײַכ, נאָר אפ אנ אָפענעמ פעלד. מיר האָבנ זיכ אופגעהויבנ אלע צוזאמענ אפ א פלאטאָ אונ דערזענ דעמ געיעג פונקט אינ דער מינוט, ווענ דאנדער האָט אָנגעיאָגט דעמ וואָלפ אונ א האווקע געטאָנ בא אימ הינטער דער פלייצע. דער גרויער האָט זיכ אויסגעקערעוועט צו אימ, קעדיי געבנ אימ א שלאכט, אונ פאר אונדז האָט זיכ אנטפלעקט א מערקווירדיק בילד: די הינט זײַנענ אלצ צוגעלאָפנ צו צוויי אונ צו דרײַ, ארומרינגלענדיק דעמ וואָלפ אונ בילנדיק אפ אימ, ביז עס איז ניט אָנגעפלויגנ דאָס לעצטע קלײנינקע ווײַסע הינטל. סנאפ האָט ניט געפאטערט קיינ צײַט אפ האווקערײַ, נאָר א וואָרפ געטאָנ זיכ גלײַכ צומ וואָלפס גאָרגל, ניט געטראָפנ, אָבער באוויזנ אײַנצובײַסנ זיכ אימ אינ דער נאָז. דעמאלט האָבנ צענ גרויסע הינט זיכ אײַנגעקלאמערט אינעמ וואָלפ, אונ אינ צוויי מינוט ארומ איז ער שוינ געווענ טויט. מיר זײַנענ געפלויגנ גאלאָפ, קעדיי ניט דורכצולאָזנ דעמ פינאל, אונ כאָטש מיר



זיַינען געווען פונדערוויַיטן, אָבער מיר האָבן קלאָר געזען, אז סנאפ האָט בארעכ-טיקט מיַין רעקאָמענדאציע.



איצטער איז געקומען מיַין ריי צו באַרימען זיך. סנאפ האָט זיי באוויזן, ווי מע כאפט וועלפ. און ענדלעך האָט די מענדאָזער טשאטע אויעקגעלייגט א וואָלף אָן דער הילף פון מענטשן.

צוויי אומשטענדן זיַינען געווען, וואָס האָבן א ביסל פארטונקלט די פיַיער־לעכקיַיט פון דעם ניצחון: ערשטנס, איז דאָס געווען א יונגער וואָלף, קימאט א וועלפל. אָט פארוואָס ער האָט זיך נארישערהייט געלאָזט לויפן איבערן פליין. און, צווייטנס, איז סנאפ אליין ארויס פון שלאכט מיט א ווּנד — ער האָט באקומען א טיפן שניט אפ דער פלייצע.

ווען מיר האָבן פיַיערלעך זיך געלאָזט צוריק, האָב איך באמערקט, אז ער הינקט אונטער.

— אהער! — האָב איך א געשריי געטאָן, — אהער, סנאפ!

ער האָט צוויי מאָל געפרווט ארופשפרינגען אפן זאָטל, אָבער ניט געקאָנט.

— דערלאנגט מיר אים אהער, הילטאָן. — האָב איך א בעט געטאָן.

— א דאנק איַיך, א שיינעם דאנק איַיך, האָט אליין צו טאָן מיט איַיער שלאנג, - האָט געענטפערט הילטאָן, וויַיל אלעמען איז איצטער געווען באוווסט, אז אָנהייבן זיך מיט סנאפן איז א סאקאָנע.

— אהער, סנאפ, נעם, — האָב איך געזאָגט, אויסשטרעקנדיק אים דאָס בייטש-שטעקל.

ער האָט זיך אָנגעכאפט פאר דעם מיט די ציין, און אפ אזא אופן האָב איך אים אופגעהויבן אפן זאָטל און געבראכט אהיים.

איך בין ארומגעגאנגען ארום אים, ווי ארום א קינד. ער האָט באוויזן די דאָזיקע קאָווביען, ווי מען זיי וואָלט ניט געשאט צו האלטן אין זייער טשאטע. די יאָגהינט פארמאָגן זעלטענע נעזער, די יאגדהינט — פלינקע פיס, די וועלפ-ווערגער און די דאָגן זיַינען גיבוירים, אָבער זיי אלע טויגן אפ גאָרניט, וויַיל מוט איז פאראן בלויז באם בולטעריער.

אין דעם טאָג האָבן די פיציכסלער געלייזט די וועלפישע פראגע, ווי איר יעס אליין קאָנען זען, אויב איַיך וועט אויסקומען זיַין אין מענדאָזע. יעדע פון די אָרטיקע טשאטעס הינט האָט איצטער איר בילטעריער, מערסטנטייל פון סנאפ־מענדאָזער בלוט.

## IV

אפ מאָרגנ איז געוואָרנ פונקט א יאָר, זינט סנאפּ איז צו מיר אָנגעקומענ. דער וועטער איז געווענ א קלאָרער, א זוניקער. קיינ שניי איז נאָכ ניט געווענ. די קאָוובויענ האָבנ ווידער זיכ געקליבנ אפ יאגד נאָכ וועלפ. צו אלעמענס אנטוישונג האָט די ווונד בא סנאפּנ נאָכ אלצ ניט געוואָלט זיכ פארהיילנ. ער איז געשלאָפנ, ווי געווײנלעכ, בא מיר צופוסנס, אונ אפ דער קאָלדרע פלעגנ בלײַבנ שפּורנ פונ בלוט. ער האָט, פארשטייט זיכ, ניט געקאָנט באטײליקנ זיכ אינ יאגד. מיר האָבנ באשלאָסנ אוועקלאָזנ זיכ אָנ אים. מע האָט אים פארנארט אינ שפּײַכלער ארײַנ אונ דאָרטנ פארשלאָסנ. דערנאָכ האָבנ מיר זיכ אוועקגעלאָזט אינ וועג. אלעמענ איז עפּעס געווענ אומרויִק אפנ הארצנ. איכ האָב געוווּסט, אז אָנ מײַנ הונט וועלנ מיר האָבנ א דורכפאל, אָבער מיר איז ניט געקומענ אפנ זינענ, ווי גרויס דער דאָזיקער דורכפאל וועט זײַנ.

מיר האָבנ זיכ שוינ פארקליבנ גאנצ ווײַט, ארומבלאָנקענדיק צווישנ די בערג, ווי פלוצלינג, שוועבנדיק צווישנ די קוסטעס, האָט אונדז אָנגעיאָגט עפּעס א ווײַסער קנויל. אינ א מינוט ארום איז צו מײַנ פערד צוגעלאָפנ סנאפּ, וואָרטשענדיק אונ פאָכנדיק מיט זײַנ אָפּגעהאקטנ ווײדל. איכ האָב אים ניט געקאָנט אָפּשיקנ צוריק, ווײַל ער האָט מיכ בעשומויפנ ניט געפאָלגט. זײַנ ווונד האָט אויסגעזענ זײער ניט גוט. איכ האָב אים צוגערופנ, אויסגעשטרעקט צו אים דאָס בײַטש-שטעקעלע אונ אופגעהויבנ אפנ זאָטל. „דאָ — האָב איכ א טראכט געטאָנ, — וועסטו בא מיר אָפּזיצנ, ביז מיר וועלנ זיכ אומקערנ אהיימ". אָבער באקומענ האָט זיכ אנדערש. הילטאָנס געשריי — „אטו, אטו!" — האָט אונדז געגעבנ צו וויסנ, אז ער האָט דערזענ א וואָלפ. דאנדער אונ רײַל, זײַנ קאָנקורענט, האָבנ זיכ בײדע א וואָרפ געטאָנ פאָרויס, צונויפגעשטויסנ זיכ אונ געפאלנ צוזאמענ אויסגעצויגנ אפ דער ערד. אינ דער צײַט האָט סנאפּ שארפ זיכ אײַנגעקוקט אונ אויסגעפונענ מיטנ בליק דעמ וואָלפ. איכ האָב ניט באוויזנ צו כאפּנ זיכ, ווי ער איז שוינ אראָפּגעשפּרונגענ פונעמ זאָטל אונ אוועקגעטראָגנ זיכ זיגזאגארטיק ארופ, אראָפּ, איבער די קוסטעס, אונטער די קוסטעס, גלײַכ אפנ סוינע, פירנדיק נאָכ זיכ אינ מעשעכ פונ עטלעכע מינוט די גאנצע טשאטע. ניט לאנג, פארשטייט זיכ. די גרויסע יאגדהינט האָבנ דערזענ דאָס באוועגלעכע פּינטל, אונ איבערנ פליינ האָט זיכ אויסגעצויגנ א לאנגע קייט הינט. די יאגד האָט אויסגעוויזנ צו זײַנ זײער אינטערעסאנט, ווײַל דער



וואָלפ איז געווענ זייער נים ווייַס, אונ אַלע הינט זייַנענ געלאָפנ אינ איינ אָטעמ.

— זיי האָבנ פארקערעוועט אינעמ בערנ-רוי! — האָט אויסגעשריִענ הארווינ. — נאָכ מיר! מיר קאָנענ זיי פארלויפנ דעמ וועג.

מיר האָבנ פארקערעוועט צוריק אונ שנעל אוועקגעריטנ איבער דער צאָפנדי-קער זייַט בארג, אינ דער צייַט, ווענ די הינט זייַנענ ווארשייַנלעכ געלאָפנ לענג-ויס דער דאָרעמדיקער זייַט.

מיר האָבנ זיכ אופגעהויבנ אפנ קאמ פונעמ בארג קעדער אונ געווענ שויִנ גרייט אראָפצולאָזנ זיכ, ווענ הילטאָנ האָט אויסגעשריִענ:

— ער איז דאָ! מיר האָבנ זיכ אָנגעשטויסנ גלייַכ אפ אימ!

הילטאָנ איז אראָפגעשפרונגענ פונ פערד, אָפגעלאָזט די צוימ אונ אוועקגע-לאָפנ פאָרויס. איכ האָב געטאָנ דאָס זעלבע. אנטקעגנ אונדז איז איבערנ אָפע-נעמ פליינ געלאָפנ א גרויסער גרויער וואָלפ. זייַנ קאָפ איז געווענ אראָפגעלאָזט, דער עק אויסגעצויגנ אינ א גלייַכער ליניע. פופציק שפאנ פונ אימ איז געלאָפנ דאנדער, טראָגנדיק זיכ ווי א שפארבער איבער דער ערד צוויי מאָל שנעלער, איידער דער וואָלפ. אינ א מינוט ארומ האָט ער אימ אָנגעיאָגט אונ א האוקע געטאָנ, נאָר אָפגעטראָטנ צוריק, ווי נאָר דער וואָלפ האָט זיכ אויסגעקערעוועט צו אימ. זיי האָבנ איצטער זיכ געפונענ פונקט אונטער אונדז, אפ א מעהאלעכ פונ פופציק פוס, ניט מער. הארווינ האָט ארויסגענומענ דעמ רעוואָלווער, אָבער הילטאָנ האָט, צומ אומגליק, אימ אָפגעשטעלט.

— ניינ, ניינ, לאָמיר זענ, וואָס וועט זייַנ.

אינ א רעגע ארומ איז געקומענ צו פליִענ דער צווייטער יאגדהונט, דער-נאָכ איינער נאָכנ אנדערנ אַלע איבעריקע הינט. יעדערער פונ זיי האָט זיכ דורכ-געטראַגנ, אָטעמענדיק מיט צאָרנ אונ בלוט-דאָרשט, גרייט צערייַסנ דעמ גרויענ אפ שטיקער, אָבער יעדערער איז איינער נאָכנ אנדערנ אָפגעטראָטנ אינ א זייַט אונ גענומענ בילנ, בלייַבנדיק שטיינ אפ א גאנצ געפארלאָזנ מעהאלעכ. אינ א מינוט צוויי ארומ זייַנענ אָנגעלאָפנ אויכ די רוסישע וועלפ-ווערגער — ווילע, שיינע הינט. פונדערווייַטנ האָבנ זיי אָנ סאָפעק געוואָלט א לאָז טאָנ זיכ גלייַכ אפנ אלטנ וואָלפ, אָבער דער שרעקלאָזער אויסזענ זייַנער, זייַנ מוסקולדיקער האלדז, זייַנע טויטגעפערלעכע קינבייַנער האָבנ אפ זיי אָנגעוואָרפנ א שרעק נאָכ ווייַט ביז דער באגעגעניש מיט אימ, אונ זיי זייַנענ אויכ צוגעשטאנענ צומ אלגעמיינעמ

קריַיז, אין דער צײַט, ווען דער פּאַריאָגטער באַנדיט האָט זיך געקערעוועט דאָס אין איין זײַט, דאָס אין דער צווייטער, גרייט צו שלאָגן זיך מיט יעדערן פון זיי און מיט אַלעמען צוזאַמען. אָט האָבן זיך באַוויזן די דענעמערקער דאָגן, שווערע כײַעס. יעדע האָט געוועגט פּונקט אַזויפיל, וויפל דער וואָלף. זייער שווערער אָטעם איז אַריבער אין אַ דראָענדיקן קלאַנג, ווען זיי האָבן זיך אָנגערוקט, גרייט צערײַסן דעם וואָלף אַף שטיקער. אָבער ווי נאָר זיי האָבן אים דערזען פון דער נאָענט, — אַ בייזן, אַ שרעקלאָזן, מיט מעכטיקע קינביינער, מיט קרעפטיקע לאַפּעס, גרייט צו שטאַרבן, אויב מע דאַרף, נאָר זיכער אין דעם, אַז שטאַרבן וועט ער ניט אַליין,—האָבן די גרויסע דענעמערקער, פּונקט ווי די איבעריקע, פּלוצלינג דערפילט אַ גרויסן צופלוס פון בושע: יאָ, יאָ, זיי וועלן זיך אַ וואָרף טאָן אַף אים אַ ביסעלע שפּעטער, ניט איצטער, עטוואָס שפּעטער, ווי נאָר זיי וועלן איבערכאַפּן דעם אָטעם. פאַרן וואָלף, פאַרשטייט זיך, האָבן זיי קיין מוירע ניט. זייערע שטימען האָבן געקלונגען מיט מוט. זיי האָבן גוט געוווסט, אַז קיין גוטס דערוואַרט ניט דעם ערשטן, ווער עס וועט זיך אַ רוק טאָן אַף אים. אָבער דאָס איז אַלציינס, אבי ניט איצטער. זיי וועלן נאָך אַ ביסל אונטערבילן, קעדיי אונטערגעבן זיך מוט.

און אין יענער צײַט, ווען צען גרויסע הינט האָבן לײַדיקגייעריש זיך געשטויסן אַרום דער שווײַגנדיקער כײַע, האָט צווישן די ווײַטע קוסטעס זיך דערהערט אַ שאָרך. דערנאָך האָט מיט שפּרינגענדיקע טריט זיך דורכגעטראָגן אַ שניי-ווײַס קײַקעלע, וואָס איז אינגיכן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קליינינקן בולטעריער. סנאַפּ, דער סאַמע לאַנגזאַמער און קלענסטער פון דער טשאַטע, איז געקומען צו יאָגן שווער אָטעמענדיק, אַזוי שווער, אַז עס האָט געדאַכט, ער וועט דערשטיקט, ער איז צוגעפלויגן גלײַך צום רינג, וואָס האָט זיך געוואַקלט אַרום דעם רויבער, מיט וועלכן קיינער האָט ניט געוואָגט אָנצוהייבן אַ שלאַכט. צי האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן? אַף קיין איין רעגע ניט. דורכן רינג האוקענדיקע הינט האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צום אַלטן דעספּאָט פון די בערג, צילנדיק גלײַך אין גאָרגל אַרײַן. און דער גרויער וואָלף האָט אים מיטאַמאָל אַ קלאַפּ געטאָן מיט זײַנע צוואַנציק מעסערס. אָבער דער קליינינקער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַף אים אַ צווייט מאָל און, וואָס איז פאָרגעקומען דעמלט, איז שווער צו זאָגן. די הינט האָבן זיך צונויפגעמישט אין איין אויפגערודערטן קנויל. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך האָב דערזען די קליינינקע ווײַסע באַשפּעניש, אײַנגע-



קלאמערט אינ דער נאָז פונעם וואָלפ. די גאנצע טשאטע איז איצטער געווענ אפ אימ. מיר האָבנ זיי ניט געקאָנט העלפנ, אָבער זיי האָבנ זיכ ניט געניייטיקט אינ אינדז. בא זיי איז געווענ א פירער, וואָס האָט פארמאָגט ניט־באזיגבארע דרייסטקייט. אונ ווענ די שלאכט איז ענדלעכ געקומענ צומ סאָפ, איז פאר אונדז אפ דער ערד געלעגנ דער גרויער וואָלפ — א מעכטיקער ריז — אונ דאָס קליינע ווייסע הינטל, איינגעקלאמערט אינ זיינ נאָז.

מיר זיינענ געשטאנענ אפ א מעהאלעכ פונ פופצנ פוס, גרייט ארייננצומישנ זיכ, אָבער מיר האָבנ דאָס ניט געקאָנט טאָנ. ס'איז שוינ געווענ נאָכ אלעמענ. דער וואָלפ איז געלעגנ טויט. איכ האָב א רופ געטאָנ סנאפנ, נאָר ער האָט זיכ קיינ ריר ניט געטאָנ. איכ האָב זיכ אָנגעבויגנ צו אימ.

— סנאפ! סנאפ! אלצ געענדיקט, דו האָסט אימ דערהארגעט! — אָבער דאָס הינטל איז געווענ אומבאוועגלעכ: ערשט איצטער האָב איכ דערזענ צוויי טיפע ווינדנ אפ זיינ לייב. איכ האָב געפרווט אימ אופהייבנ. — לאָז אָפ, מיינ פריינט, שוינ נאָכ אלעמענ.

ער האָט שוואכ א וואָרטשע געטאָנ אונ אָפגעלאָזט דעמ וואָלפ. די פארגרעבטע פיציבטער זיינענ געשטאנענ ארומ אימ אפ די קני, אונ דער אלטער פענרופ האָט ארויסגעמורמלט מיט א ציטערנדיקער שטימ:

בעסער וואָלטנ בא מיר אומגעקומענ צוואנציק בוהייעס.

איכ האָב גענומענ סנאפנ אפ די הענט, אָנגערופנ אימ באמ נאָמענ אונ א גלעט געטאָנ איבערנ קאָפ. ער האָט עטיאָס א וואָרטשע געטאָנ אונ, ווייזט אויס, אפ געזעגעניש, א לעק געטאָנ מיר די האנט אונ אנשווייגנ געוואָרנ אפ אייביק.

טרויעריק האָבנ מיר זיכ אומגעקערט אהיימ. מיט אונדז איז געווענ די פעל פונעמ שרעקלעכנ וואָלפ, אָבער זי האָט אונדז ניט געקאָנט טרייסטנ. מיר האָבנ באגראָבנ דעמ שרעקלאָזנ סנאפ אפנ בערגל הינטער דער פערמע. איכ האָב דערביי געהערט, ווי דער אלטער פענרופ, וואָס איז דאָ געשטאנענ, האָט ארויסגעמורמלט:

אָט דאָס איז ווירקלעכ א העלד!



# דזשעק שלאכט־פערדל

## די געשיכטע פון א קראָליק

### I

דזשעק שלאכט־פערדל איז געווען באקאנט מיט אלע הינט אין שטאָט. ערשטנס, איז געווען איינער א גרויסער ברוינער הונט, וואָס האָט א סאך מאָל זיך געיאָגט נאָך אים און פון וועלכן ער פלעגט זיך שטענדיק ראטעווען, דורכשלייכנדיק זיך אין דער שפּארונע פונעם הילצערנעם פלויט. כוץ דעם איז געווען א קליין, פלינק הינטל, זייער א רירעוודיקס. דאָס דאָזיקע הינטל האָט געקאָנט דורכקריכן אין דער שפּארונע. מע האָט אָבער געקאָנט פון דעם אנטלויפן — אריבערשפּרינגענדיק די גרויסע קאנאווע מיט די הויכע ברעגן פון פלינקן שטראָם. דאָ האָט שוין דאָס קלײנינקע הינטל ניט געקאָנט אים נאָכיאָגן, אזא שפּרונג וואָלט פארן הינטל באטײַט א זיכערן טויט. די יינגלעך רופן נאָך ביז איצט דאָס דאָזיקע אָרט „דער שפּרונג פונעם אלטן דזשעק“. ס'איז געווען אָבער אין שטאָט אויך א יאגדהונט, וואָס האָט געקאָנט שפּרינגען בעסער פון דזשעקן אליין. כאָטש ער האָט ניט געקאָנט דורכקריכן נאָך אים אין דער שפּארונע פון פלויט, דערפאר האָט ער אָבער געקאָנט זייער לײַכט אריבערשפּרינגען אריבערן פלויט. ניט ווייניק בלוט האָט ער געצאפּט באם שלאכט־פערדל. אָבער דזשעק פלעגט גאנץ רירעוודיק זיך ארויסדרייען פון אים און ניט איין מאָל זיך באהאלטן אינעם געפלעכט פון שטעכיקע קוסטעס. דער הונט האָט מוירע געהאט פאר די שטעכלקעס און פלעגט אָפּשטיין.

כוץ די דאָזיקע דרײַ סאָנים איז אין שטאָט געווען נאָך א גאנצע ארמיי הינט, אָבער אלץ אזעלכע, וואָס זײַנען אינגאנצן ניט פייִק געווען צו פארמעסטן זיך מיטן קראָליק.



אינ דאָרפ זײַנענ אויכ געװענ א סאכ הינט. אונ אײנער פונ זײ איז ווירקלעכ געוועג שרעקלעכ פאר דזשעקנ. דאָס איז געוועג א לאנגפיסיקער בייזער שוואַרצער הויפּהונט. א האסטיקער, אנ אײַנגעשפּארטער. אנטלויפנדיק פונ אימ, איז שלאכט־פערדל ניט אײנ מאָל געוועג אפּ א האָר פונ טויט.

די שטאָטישע קעצ האָבנ בא אימ קיינ מוירע ניט ארויסגערופנ. בלויז א פּאָר מאָל זײַנענ זײ געוועג געפערלעכ פאר אימ. איינמאָל אינ א לעוואָנע־נאכט האָט זיכ אונטערגעגאַנוועט צו אימ, דאָרט, ווו ער האָט זיכ געפּאשעט, א ריזיקער קאָטער, א שטאָלצער מיטנ באוויסטזײַנ פונ זײַנע אָנצאָליקע ניצחוינעס. דזשעק האָט דערזענ א שווארצע כײַע מיט פינקלענדיקע אויגנ. אונ איידער דער קאָטער האָט באוויזנ א שפרונג צו כאָנ, האָט דזשעק זיכ ארויסגעקערעוועט צו אימ מיט דער מאָרדע, הויכ אויסגעשריִענ „טשורר־טשורר” אונ א שפרונג געטאָנ פאָרויס גלײַכ אפנ קאָטערס קאָפּ אונ ארײַנגעשטאָכנ אינ אימ די שארפע נעגל פונ זײַנע הינטערשטע פיס. דער אלטער קאָטער איז אינ שרעק אנטלאָפנ פונעמ וונדערלעכנ ריז.

דזשעק האָט ניט אײנ מאָל געלאָזט אינ גאנג דאָס דאָזיקע שפיצל, אונ שטענדיק מיט דערפאָלג. אָבער צוויי מאָל האָט זיכ עס אויסגעלאָזט פאר אימ מיט א טרויעריקנ דורכפאל: דאָס ערשטע מאָל, ווענ ער האָט אָנגעטראָפנ אפּ א קאצ מיט קעצעלעכ, — פונ איר האָט ער זיכ קוימ אָפּגעטראָגנ א לעבעדיקער, — אונ צומ צווייטנ מאָל, ווענ ער האָט פונקט אפּ אזא אויפנ זיכ א וואָרפ געטאָנ אפּ א טכויר.

אָבער דער געפערלעכסטער פײַנט זײַנער איז פונדעסטוועגנ געבליבנ דער יאגדהונט, אונ שלאכט־פערדל וואָלט זיכער אומגעקומענ בא אימ אינ די ציינ, ווענ ניט א גליקלעכער צופאל, וואָס האָט אימ געראטעוועט.

געוויינלעכ פלעגט ער ארויסגיינ אפּ יאגד באנאכט, ווענ ארומ זײַנענ ווייניקער פײַנט אונ ס׳איז גרינגער צו באהאלטנ זיכ. אָבער איינמאָל ווינטער־צײַט האָט ער זיכ פארזאמט ביז באגינענ בא א סטויג היי. קעדיי דערקלײַבנ זיכ אהיימ, האָט ער געמוזט דורכגיינ א גאנצ היפּשע לאָנקע. צומ אומגליק, האָט אימ באגעגנט דער יאגדהונט, וואָס האָט דאָ ארומגעשנאָרעט אינ די אומגעגנטנ פונ שטאָט. דער שניי אונ דער באגינענ האָבנ אימ ניט געגעבנ די מעגלעכקײַט זיכ באהאלטנ, איז אימ געבליבנ בלויז איינס: לאָזנ זיכ אינ איינ אָטעמ לויפנ איבערנ ווײַסנ שניי. אָבער א הונט איז לײַכטער צו לויפנ איבערנ שניי, איידער א קראָליק.



אָט האָבן ביידע אויסגעצייכנטע לויפער זיך אוועקגעלאָזט אין א מעשוגענעם גאלאָפּ. זיי האָבן זיך געטראָגן איבערן פוכיקן שניי, אופשטויבנדיק אים מיט יעטווידן שפרונג. אהין־אהער, רעכטס־לינקס — ווי א פייַל איז געפלויגן דער פארפאָלגער. אלץ איז געווען אפ דער זייַט פונעם הונט: א ליידיקער מאָגן, דער קאלטער וועטער און דער ווייכער שניי. און דער קראָליק איז געווען זאט און שווערלייַביק. ניט געקיקט דערופ, האָבן זייַנע פיס אזוי אָפּט אופגעריסן דעם שניי, אז אינדערלופטן זייַנען געשטאנען גאנצע טוצנ קליינינקע שניי־שטראָמען. דער געיעג איז פאָרגעקומען אפ אן אָפן אָרט. דזשעק האָט אין ערגעץ פאר זיך ניט געזען קיין צאם פון שטעכלקעס, וואָס וואָלטן געקאָנט אים ראטעווען, און צום פלויט האָט דער יאגדהונט אים ניט צוגעלאָזט. דזשעקס אויערן האָבן אָנגעהויבן פארלירן זייער פארשייַטן בייג ארופ — דער ערשטער סימען, אז ער הייבט אָן פארלירן דעם מוט און די קויכעס. און פלוצלינג האָבן זיי ווי פענדלעך זיך ווידער א הייב געטאָן ארופ, ווי פון אן אומגעריכטן מוט-צופלוס. שלאכט-פערדל האָט אָנגעשטרענגט אלע זייַנע קויכעס, אָבער ניט קעדיי דערגרייכן דעם פלויט, וואָס איז אפ צאָפן, נאָר קעדיי אריבערלויפן דעם פליין צו מיזרעך. דער יאגדהונט האָט זיך געלאָזט נאָך אים. דורכגעלאָפן א פופציק שפאן, האָט דער קראָליק פלוצלינג זיך א נעם געטאָן אין א זייַט, ארויסדרייענדיק זיך פון זייַן בייזן פארפאָלגער. דערנאָך ווידער זיך פארקערעוועט צו מיזרעך. אפ אזא אופן, אָן אופהער לאווירנדיק און ארויסדרייענדיק זיך, האָט ער אָבער קעסיידער געהאלטן דעם קורס אפ דער נאָענטסטער פערמע, ווו עס איז געווען א הויכער הילצערנער פלויט מיט א שפארונע פאר הינער, און ווו עס האָט געוווינט זייַן צווייטער פארהאסטער סוינע — דער גרויסער שווארצער הונט. דער פלויט האָט אפ א רעגע פארהאלטן דעם יאגדהונט און געגעבן דזשעקן צייַט דורכצושפרינגען דורך דער הינערשער שפארונע אין הויף אריַין, ווו ער האָט זיך פארטייַעט אין א ווינקעלע. דער יאגדהונט האָט זיך א וואָרפ געטאָן צו דעם נידעריקן טירל אין פלויט, אריבערגעשפרונגען איבער דעם און איז אריַינגעפאלן גלייַך אין א קופּע הינער, וואָס האָבן זיך צעשאָטן אין אלע זייַטן מיט געפילדער און קוואָקערייַ. עטלעכע שאָפ האָבן הויך זיך צעמעקעט. און זייער היטער, דער גרויסער שווארצער הונט, איז ארויסגעלאָפן זיי ראטעווען. דעמלט האָט זיך דאָס שלאכט-פערדל ארויסגעשלייַכט צוריק דורך דער שפארונע. הינטער זיך האָט ער דערהערט מוירעדיקע קלאנגען פון א הינטישן געשלעג און דערנאָך מענטשישע אויסרופן. מיט



וואָס דער געשלעג האָט זיך געענדיקט, האָט דזשעק ניט געוווסט און ניט געוואָלט וויסן, אָבער פון דעמלט אָן האָט דער יאַגדהונט מער קיינמאָל זיך נאָך אים ניט געיאָגט.

## II

דער בײַט פון שלעכטע צײַטן און גוטע איז שוין לאַנג געוואָרן א געוויינלעכע דערשײַנונג. אָבער די לעצטע יאָרן האָבן געבראַכט פאַר די קראָליקעס א ריי אויסערגעוויינלעכע ענדערונגען אין שטאַט קאַסקאַדאָ. אמאָליקע צײַטן האָבן די קראָליקעס געפירט אומופהערלעכע קאַמפן מיט די רויבערישע חיות און פויגלען, מיט היץ און קעלט, מיט פאַרשיידענע פליגן, וואָס זייער ביס פאַרשפּרייט אָנשטעקנדיקע קרענק. און דאָך האָבן זיי געקענט זייערס באַשטיין. אָבער דאָס אַרײַנדרינגען פון די פערמערס אין דעם לאַנד האָט אַרײַנגעטראָגן א סך פאַרשיידנאַרטיקייט אינעם לעבן פון די קראָליקעס.

די גרויסע צאָל הינט און ביקסן האָבן שטאַרק שיטער געמאַכט די רייען פון די קאָיאָטן, פוקסן, וועלף, באַרסוקן און שפּאַרבער — די בלוטיקע סאָנים פון די קראָליקעס. און אין משך פון עטלעכע יאָר האָבן די קראָליקעס זיך פאַנאַנדערגעפלאָדיעט אין אן אומגעהייערער צאָל. נאָר דאָ איז אויסגעבראָכן א מאַגייפע, וואָס האָט אוועקגעלייגט זייער א סך פון זיי. גאַנץ געבליבן זײַנען בלויז די סאַמע געזינטסטע און שטאַנדהאַפטיקסטע. איין צײַט זײַנען די קראָליקעס געוואָרן א זעלטנהייט. פאַר דער צײַט איז פאָרגעקומען נאָך איין ענדערונג. די קוסטעס, שטעכלקעס, וואָס מע האָט אומעטום פאַרפלאַנצט, זײַנען געוואָרן א נײַע שוץ פאַר די קראָליקעס. דער פאַרפאָלגטער קראָליק האָט איצט אָפטער גענומען זוכן א רעטונג אין א קלוגן אײַנפאַל, איידער אין דער שנעלקייט פון זײַנע פיס. די קלוגערע פון זיי, ווען עס האָט זיך געיאָגט א קאָיאָט אָדער א הונט נאָך זיי, האָבן זיך געוואָרפן צו די נאָענסטע שטעכלקעס און פאַרקראָכן דאָרטן אין א קליינער שפּאַרונע, אין דער צײַט, ווען דער סוינע האָט געזוכט א ברייטערן אַרײַנגאַנג. די קאָיאָטן סטעפּישע וועלף האָבן אינגיכן פאַרשטאַנען אין וואָס דאָ גייט אין, אָנגעהויבן זיך יאָגן נאָך זיי פּאָרווײַז. איין קאָיאָט שטעלט זיך אפ איין פעלד, דער צווייטער אפן צווייטן, און דער קראָליק, ווי נאָר ער שפּרינגט ארויס פון די שטעכלקעס, באַגעגענען אים די סאָנים פון ביידע זײַטן. דעם קראָליק גייט זיך אײַן צו ראַטעווען זיך נאָר אין דעם פאַל, אויב ער האָט באַצײַטנס

באמערקט דעם צווייטנ קאָיאָט, אונ אָנשטאָט צו קריכנ אינ די שטעכלקעס, אנטלויפט ער בעסער פונעמ ערשטנ סוינע, ווי ווייַט זייַנע פלינקע פיס טראָגנ אים.

אפ אזא אויפנ האָבנ די קראָליקעס נאָכ דער מאגייפע ווידער געגומענ זיכ שטארק פארמערנ. די גאנצ געבליבענע האָבנ נאָכ געהאט די מייַלע, וואָס זיי זייַנענ געווענ פארהארטעוועט אינ הונדערטער שווערע פאלנ אונ זיי זייַנענ איצטער געווענ אימשטאנד צו פילנ זיכ גוט דאָרטנ, ווו זייערע עלטערנ וואָלטנ ניט אויסגעהאלטנ קיינ עטלעכע כאדאָשים. זיי האָבנ ניט ליב געהאט די ברייטע אָפענע פליינענ פונ די גרויסע פערמעס. זיי זייַנענ געווענ מערער צומ הארצנ די איבערגעצוימטע פעלדער פונ די קליינע פערמעס, וואָס ליגנ נאָענט איינע פונ דער אנדערער אונ וואָס שאפנ מיט זיכ גאנצ היפשע דערפער.

איינס אזא דאָרפ איז אויסגעוואקסנ ארומ דער אייַזנבאנ־סטאנצ׳יע ניוטשוזענ. די גאנצע אומגעגנט פונעמ דאָזיקנ דאָרפ, אפ א גאנצער מייַל ארומ, איז געווענ פול מיט קראָליקעס פונ א נייַעמ אָפגעקליבענעמ מינ. צווישנ זיי האָט זיכ געפונענ די קליינינקע קראָליקיכע, וואָס מע האָט זי גערופנ „העל-אויגיקע" — פאר די גלאנצנדיקע אויגנ. זי איז געווענ זייער רירעוודיק צומ לויפנ אונ האָט געקענט אויסגעצייכנט אָפנארנ די קאָיאָטנ. אפ אייַנצוואָרדענענ איר נאָרע האָט זי אויסגעקליבנ אנ אָפנ שטיק פאשע־פעלד. דאָ איז געבאָרנ געוואָרנ אונ אויסגעוואקסנ איר געזינדל. איינס פונ די קינדער איז געווענ אינגאנצנ געראָטנ אינ דער מוטער — מיט זייַנע פלינקע אויגנ אונ זילבער-גרויענ פעלצל, אָבער דער כאראקטער איז בא אימ געווענ ניט דער מוטערס. דערפאר באמ צווייטנ זונ אירנ האָבנ זיכ פאראייניקט אלע בעסטע מייַלעס פונ דער מוטער מיט די פייִקייַטנ פונ דעמ נייַעמ קראָליקישנ מינ.

דאָס איז געווענ טאקע יענער זעלבער קראָליק, נאָכ וועמעס פאסירונגענ מיר שפירנ איצט נאָכ, — דער זעלבער, וואָס האָט מיט זייַנע העלדנטאטנ שפעטער זיכ פארדינט דעמ נאָמענ שלאכט־פערדל אונ א שעמ אפ דער גאנצער וועלט.

ער האָט באנייַט איינִיקע פארגעסענע אייַנפאלנ פונ זייַנע ברידער, אונ קעדייַ אָפנארנ די אלטע פייַנט, האָט ער אליינ דערפונדנ א סאכ נייַע קאמפ-מיטלענ.

ווענ ער איז נאָכ געווענ גאָר א קליינינקער, האָט ער צוגעטראכט א שפאָגלנייַע כיטרעקייַט, מיט וועלכער עס וואָלט געקאָנט ניט שעמענ זיכ דער קליגסטער קראָליק אינ קאסקאדאָ. אימ האָט נאָכגעיאָגט א שרעקלעכער געלער הונט. אומזיסט האָט ער געפרווט פאָטער ווערנ פונ אים, לאווירנדיק צווישנ די פלויטנ

און פֿערמעס. די פּלויטן און די פֿערמעס העלפֿן דעמלט, ווען די אַנטלויפֿסט פֿון קאַיאָטן. די פֿערמערס און די הינט נעמען אויף, צום אַלעם ערשטן, דעם ניט געבעטענעם גאַסט דעם קאַיאָט. דער קראָליק גייט זיי שוין דעמלט אָן גאַנץ ווייניק. אָבער דאָס מאָל איז דזשעקן, נעבעך, ניט געגאַנגען. דער הונט איז געווען ניט איבעריק גרויס און אים האָט זיך אײַנגעגעבן דורכצוקריכן איין פֿאַרצוימונג נאָך דער צווייטער. און דזשעק שלאַכט-פֿערדל, נאָך גאָר אַ קלייניקער און אַ שוואַכער, האָט אָנגעהויבן אָפּצושטיין. זײַנע אויערן זײַנען שוין ניט געווען פֿאַרשפּיצט אַרויף, נאָר פֿאַרבראָכן אין אַ זײַט און צײַטנווײַז שוין גאָר אינגאַנצן אַראָפּגעהאַנגען. ענדלעך האָט ער זיך נאָכאַמאָל אַרײַנגעשמוגלט אין אַ קלענער שפּאַרונע. אָבער זײַן רירעוודיקער סוינע איז אויך דורכגעקראָכן דורך דער שפּאַרונע. אינמיטן פֿעלד איז גראָד געשטאַנען אַ קליינע טשערעדע קי מיט איין קעלבל.

ווילדע חײַעס פֿאַרמאָגן אַ משונהדיקן אינסטינקט צו פֿאַרטרויען זיך דעם ערשטן, ווער עס טרעפֿט זיך זיי אין אַ מינוט פֿון פֿאַרצווייפֿלונג. זיי ווייסן זייער גוט, אַז דער סוינע, וואָס יאָגט זיך הינטער זיי, באַטײַט טויט. דערפֿאַר איז שטענדיק פֿאַראַן אַ שוואַכע האָפֿענונג, אַז דער אומבאַקאַנטער קאָן זיך אַרויסווײַזן פֿאַר אַ פֿרײַנט. און אָט די דאָזיקע לעצטע פֿאַרצווייפֿלטע האָפֿענונג האָט געהייסן דזשעקן לויפֿן צו די קי.

עס איז קיין ספֿק ניט, אַז די קי וואָלטן גאַנץ רויִק צוגעקוקט, ווי דער קראָליק ראַנגלט זיך מיטן הונט, ווען דאָ וואָלט געגאַנגען בלויז אין אַ קראָליק. אָבער אין זיי לעבט טיף דער אײַנגעבאָרענער האַס צו אַ הונט, און ווען זיי האָבן דערזען דעם געלן, האָבן זייערע נעזער און עקן זיך אויפֿגעהויבן אַרויף. זיי האָבן צאָרנדיק צונויפֿגעשלאָסן זייערע רייען, און אין דער שפּיץ מיט דער מוטער פֿונעם קעלבל זיך אַ לאָז געטאָן אַנטקעגן דעם הונט. דזשעק האָט אין דער צײַט זיך באַהאַלטן אונטער אַ נידעריקן קוסט שטעכלקעס. דער הונט האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין אַ זײַט. די עלטסטע קו האָט פֿאַרשטאַנען די דאָזיקע באַוועגונג, ווי אַן אַטענטאַט אויפֿן קעלבל, און זי האָט אַזוי בייז גענומען פֿאַרפֿאָלגן דעם הונט, אַז יענער האָט קוים-קוים זיך אָפּגעטראָגן אַ לעבעדיקער.

דער פּלאַן איז בעמעס געווען אַן אויסגעצייכנטער — ווײַזט אויס, ער איז פֿאַרבליבן נאָך פֿון יענער צײַט, ווען אַ בופֿאַקס און אַ קאַיאָט האָבן געשפּילט די ראָליעס פֿון אַ קו און אַ הונט. דזשעק האָט ניט פֿאַרגעסן וועגן דעם פֿאַל און אַ סך מאָל דערנאָך מיט אים זיך באַנוצט.





שלאכט־פערדל האָט זיך אויסגעצייכנט צווישן אנדערע קראָליקעס ניט נאָר מיט זײַן סייכל, נאָר אויך מיט דער באַפארבונג.

די באַפארבונג פון כײַעס אָדער זי מאכט זיי אומבאמערקבאר און העלפט זיי אויסבאהאלטן זיך — דאָס איז א „שוץ־באַפארבונג", אָדער, פארקערט, זי מאכט זיי באמערקבאר און דעמלט הייסט דאָס „ריכטנדיקע" באַפארבונג. די קראָליקעס צייכענען זיך אויס דערמיט, וואָס זייער באַפארבונג איז מיטאמאָל סײַ א באשיצנדיקע סײַ א ריכטנדיקע. ווען זיי זיצן אין זייער נאָרע צווישן די גרויע קוסטעס, זעט מען בלויז ארויס די ווייכע גרויע באַפארבונג פון זייערע אויערן, קעפּ, פּלייצעס און זײַטן. דעמלט גיסן זיי זיך צונויף מיט דער ערד, און באמערקן זיי קאָן מען בלויז פון דער נאָענט. אָבער ווי נאָר דזשעקן ווערט קלאָר, אז דער סוינע, וואָס דערנעענטערט זיך, וועט אומפארמײַדלעך אים דער־קענען, אזוי גלײַך שפּרינגט ער אויף און לאָזט זיך לויפן. איצטער האָט ער אראָפּ־געוואָרפן די מאסקע, — די גרויע באַפארבונג גלײַך ווי ניט געווען — עס קומט פאָר א בליצשנעלע ענדערונג. די אויערן, ווײַזט זיך ארויס, זײַנען שוין ווײַסע מיט שווארצע שפּיצן; די פיס ווײַס; דאָס ווײדעלע טיילט זיך אויס, ווי א קליינער שווארצער פלעק, אפן פאָן פונעם ווײַסן רוקן. איצט איז דאָס שוין ניט קיין גרויער קראָליק, נאָר א שווארצער, געמישט מיט ווײַס. זײַן באַ־פארבונג איז געוואָרן א ריכטנדיקע. ווי איז דאָס פאָרגעקומען? גאנץ פּאָשעט. דער שפּיץ פונעם אויער — גרוי, דער אונטערשלאק א ווײַסער מיט שווארצן גע־מישט. דער גרויער מאנטל איז אָנגעצויגן אפ אראָפּ און פאנאנדערגעלאָזן, קאָלזמאן ער זיצט, אָבער ווי נאָר דער קראָליק שפּרינגט אויף, אזוי קנוילט ער זיך צונויף, און אלע שווארצע און ווײַסע צייכנס טרעטן שארף ארויס אויבנוף.



פריִער האָבן זײַנע פארבן פארטרויט: „איך בין א הויפן ערד", און איצט שרײַען זיי מיט אלע קויכעס: „איך בין א קראָליק!"

צו וואָס טויג דאָס אים? אָט דאָס שרעקעוודיקע כײַעלע, וואָס זײַן גאנצע רעטונג ליגט אין זײַן פלינקײַט, פארוואָס האלט עס פאר נייטיק צו מעלדן וועגן זיך דער גאנצער וועלט, אָנשטאָט פלײַסן זיך באהאלטן. עס מוז דאָ זײַן א וויכ־טיקע סיבע. די זאך באשטייט אָט אין וואָס: אויב דעם קראָליק האָט דערשראָקן אן אנדער קראָליק, אנדערש געזעדס, אויב דער אליארעם איז א פאלשער, דעמלט מאכט ער אין א מאָמענט צונישט דעם טאָעס, באווײַזנדיק זײַנע נאטירלעכע קאָ־לירן. פארקערט, אויב עס האָט אים אָנגעשראָקן א קאָיאָט, א פוקס אָדער א

הונט — זעען זיי גלײַכ, אז זיי האָבנ צו טאָנ מיט א קראָליק, הייסט עס, יאָגנ זיכ נאָכ אים איז אומזיסטע מי. אונ ווירקלעכ זאָגנ זיי צו זיכ: „דאָס איז א קראָליק, אונ א קראָליק וועט זיכ ניט אײַנגעבנ כאפנ אפ אנ אָפענעמ פליינ". דאָס פארהיט דזשעקנ פונ א סאכ איבעריקע זאָרג אונ לויפעניש. די ווײַסע אונ שווארצע פלעקנ זײַנענ פאר די קראָליקעס א מינ נאציאָנאלער מונדיר אונ א פלאג. בא שוואכע קראָליקעס זײַנענ די ווײַסע אונ די שווארצע פלעקנ וויינ־יק באמערקבאר, אָבער בא שטארקע אונ ראסעווע קראָליקעס ווארפנ זיי זיכ גלײַכ אינ די אויגנ. אינ שלאכט־פערדל, א גרויער, ווענ ער איז געזעסנ פארשטעקט, האָט געפינקלט ווי קויל אונ ווי שניי, ווענ ער האָט לײַכט געלאָזט זיכ לויפנ פונ א פוקס אָדער פונ א קאָיאָט — צוערשט א בונטער קראָליק, דערנאָכ — א ווײַסער פלעק אונ ענדלעכ — א ווײַס שנייעלע, וואָס ווערט גיכ פארשווונדנ אינ אײנעמ רוימ.

א סאכ פונ די פערמערישע הינט האָבנ פארשטאנענ, אז א גרוילעכנ קראָליק קאָנ מענ נאָכ ווענ־עס־איז כאפנ, אָבער כאפנ א בונטנ קראָליק איז קימאט ניטאָ קיינ האָפענונג. פארשטייט זיכ, אנ אנדערש מאָל פלעגנ זיי ארײַנגעצויגנ ווערנ אינ א געיעג, אָבער מערער צוליב א שפאס. די זיכערקײַט אינ זײַנ קויעכ האָט ניט זעלטנ ארויסגערופנ בא שלאכט־פערדל א פארלאנג צו פארפירנ מיט זיי א שפיל. דאָס האָט ער געזוכט יענעמ זעלבנ געפיל פונ געפאר, וועלכנ עס האָבנ אזוי אויסגעמיטנ די וויינקער פייקע.

דזשעק, ווי אלע ווילדע באלעכײַמ, האָט געהאלטנ פאר זײַנ אייגנטומ א באשטימטע געגנט אונ פלעגט זעלטנ פארלאָזנ אירע גרענעצנ. די דאָזיקע געגנט איז געווענ צעוואָרפנ אפ דרײַ מײַל, אָנהייבנדיק פונעמ מיט דאָרף. אינ אָט דער גאנצער געגנט זײַנענ געווענ צעזייט זײַנע פילצאָליקע ווינונגענ, די נאָרעס אָדער „געלעגערס", ווי מע רופט זיי דאָ. דאָס זײַנענ געווענ פאָשעטע גריבלעכ אונטער א קיסט אָדער אונטער א הײַפל גראָז, ארומגעלייגטע מיט בלעטער. אָבער באקוועמלעכקײַטנ זײַנענ דאָ ניט געווענ אויסגעמיטנ. אייניקע נאָרעס זײַנענ געייענ אָנגעגרייט פאר א הייסנ וועטער - זיי זײַנענ געווענ געווענדט מיטנ פּאָנעמ צו צאָפנ אונ האָבנ געדינט דעריקער ווי א שוץ פונ דער זונ. די ווינטערדיקע נאָרעס, פארקערט, האָבנ פאָרגעשטעלט מיט זיכ טיפע גריבער מיט אנ ארויסגאנג אפ דאָרעמ. אונ די נאָרעס, וואָס זײַנענ געווענ פארגרייט פאר א נאסנ וועטער, זײַנענ געווענ באזאָרגט מיט א פארצוימונג פונ גראָז, אונ זײַנענ גע-



ווען געוועגדט צו מייַרעוו. דעם טאָג פלעגט ער פארברענגען אין איינער פון די דאָזיקע נאָרעס, און באנאכט פלעגט ער ארויסגיין זיך פאשען צוזאמען מיט זייַנע ברידער. די קראָליקעס האָבן זיך געקוליעט און געשפילט בא דער שייַן פון דער לעוואָנע, ווי א שארע הינטלעך, אָבער באגינען שטענדיק זיך אומגעקערט צו זייערע געלעגערס, וואָס זייַנען געווען צוגעפאסט פאר דעם געגעבענעם וועטער.

די אמערסטן זיכערע פאשע-פלעצער פאר די קראָליקעס זייַנען געווען די פלעצער צווישן די פערמעס. קיין איין סוינע האָט זיי ניט געקאָנט כאפן דאָ, צווישן די פלויטן און שטעכיקע דראָטן. אָבער די בעסטע שפייַז געפינט זיך לעבן די ווינונגען צווישן די היי־שייַערן, — די בעסטע שפייַז און די סאמע גרויזאמע געפאר. דאָ האָבן אף די קראָליקעס געלאָקערט ניט קיין וועלף און פוקסן, נאָר מענטשן, ביקסן און הינט. פונדעסטוועגן, ווער עס האָט געקענט דאָס שלאכטפערדל, וואָלט אף קיין האָר זיך ניט פארוונדערט פון דעם, וואָס ער האָט זיך פארגרייט א באהעלטעניש גראָד לעבן א בייט מיט דיניעס אינמיטן א גאָרטן. דאָ האָבן אים ארומגערינגלט צענדליקער געפארן, אָבער עס זייַנען דאָ געווען פאר אים אָפן צענדליקער פארגעניגנס. ער האָט געוווסט א סאך שפארונעס אינעם פלויט, וואָס האָט ארומגערינגלט דעם גאָרטן, און שטענדיק אויסגערעכנט אף זייער הילף.

## III

ניוטשוזען איז געווען אן אויסגעשפראָכן מייַרעוו־אמעריקאניש שטעטל. אלץ איז דאָ געווען אומגעלומפערט. אָנשטאָט גאסן — גלייַכע וועגן אָן ראָגן. דאָס אויג האָט ניט אף וואָס אָפצורוען. די הייַזער — ביליקע און נישטיקע געבייַדעס פון שלעכטע ברעטער, געדעקט מיט טאָל. בא זיי האָט אפילע ניט געקלעקט קיין דרייסטקייַט ערלעך זיך מודע זייַן אין זייער מיִעסקייַט. יעדעס הויז האָט זיך געפלייַסט אויסצוזען בעסער, ווי עס איז אינדערעמעסן. אָט איז צו איין הויז צוגעקלאפט א פאלשער פאסאד, וואָס דארף שאפן די איליוזיע, אז דאָ איז ניט איינער, נאָר צוויי שטאָקן. דאָס צווייטע הויז איז געמאכט פון פאלשע ציגל, דאָס דריטע מאכט אן אָנשטעל, אז עס איז א טעמפל פון מירמלשטיין.

נאָר אלע צוזאמען זייַנען זיי געווען די סאמע אומגעלומפערטע הייַזער אין דער

וועלט. אונ אפ יעדנ פונ זיי האָט מענ געקאָנט איבערלייענענ דעמ באהאלטענעמ־מיינ פונ זייער באלעבאָס: אָפּקומענ דאָ א יאָר, צוויי, אונ דערנאָכ אוועקלאָזנ זיכ ערגעצ אינ אנ אנדער אָרט.

די איינציקע שיינקייַטנ פונ דער שטאָט זייַנענ געווענ די לאנגע רייענ ביימער, וואָס מע האָט פארפלאנצט בלויז צוליב שאָטנ. זיי זייַנענ אויכ, ווי ווייַט מעגלעכ, געווענ צעקאליעטשעט: די שטאמענ - אויסגעווייַסט, די קרוינענ — ארומגעשוירנ. אָבער דאָ זייַנענ זיי געוואקסנ, געווענ לעבעדיק אונ ווערט געווענ, מע זאָל זיי ליב האָבנ.

די איינציקע מער ווייניקער שיינע געבייַדע אינ שטאָט איז געווענ דער טוזע-עלעוואטאָר. ער האָט זיכ ניט ארויסגעשטעלט ניט פאר א גריכישנ טעמפל, ניט פאר א ווילע אינ דער שווייצ, נאָר פּאָשעט פאר א שטארקנ, פארגרעבטנ, ערלעכנ טוזע-עלעוואטאָר. אינ עק פונ יעדער גאס איז געווענ אָפנ א פאנאָראמע אפ דער פרעריע מיט אירע פערמעס, מיט אירע ווינטמילנ אונ לאנגע רייענ צאמענ פונ שטעכלקעס. דאָ איז כאָטש געווענ אפ וואָס צו פארקוקנ זיכ. די גרוי־גרינע צאמענ, שטארקע, דיקע אונ הויכע, האָבנ געפינקלט מיט גאָלדענע אויבסנ, וואָס האָבנ נימ געטויגט צומ עסנ, נאָר וואָס זייַנענ דאָ געווענ מערער אָנגעלייגט, איידער א רעגנ אינ דעמ מידבער, ווייַל די דאָזיקע אויבסנ זייַנענ געווענ שיינ אונ, אראָפּהענגענדיק פונ די לאנגע הארטע צווייַגנ, האָבנ זיי געפריימ דאָס אויג.

אז מע פאלט ארייַנ אינ אזא שטאָט, טראכט מענ, ווי אנטלויפט מענ שוינ גיכער. אלנפאלס אזוי האָט געטראכט איינער א רייַזנדער, וואָס איז דאָ געבליבנ שטעקנ אפ א פּאָר טעג אינ שפּעטנ ווינטער. ער האָט זיכ פאנאנדערגעפרעגט, וואָס לוינט דאָ א קוק צו טאָנ אינעמ אָרטיקנ מוזיי. א פודעלע פונ א ווייַסער פימזע אונטער א גלאָז, דער אלטער בעקי בולינ, וואָס די רויטהויטיקע האָבנ אימ סקאלפירט מיט א יאָר פערציק צוריק, אונ א ליולקע־ציבעק, פונ וועלכנ עס האָט איינמאָל געריייכערט קימ קארסאָנ. דאָס אלצ איז געווענ זייער ווייניק אפ פארטרייַבנ זייַנ לאנגווייַל. אונ ער האָט אנטשיידנ זיכ געלאָזט שפּאנענ צו דער פארשנייטער פרעריע.

צווישנ די פילצאָליקע הינטישע שפּורנ האָט אימ איינמאָל זיכ געוואָרפנ אינ די אויגנ א שפּור פונ א גרויסנ קראָליק. ער האָט געפרעגט א דורכגייער, צי זייַנענ אינ שטאָט פאראנ קראָליקעס.



— איך מיין, אז ניט, איך האָב קיינמאָל ניט געזען קיין איינעם. — האָט יענער געענטפערט.

אן ארבעטער פון דער מיל האָט געענטפערט דאָס זעלבע. אָבער דאָס יינגל מיטן פעקל צײַטונגען האָט געזאָגט:

— די פרעריע איז פול מיט זיי, און זיי פארקלײַבן זיך גאנץ אָפט אויך אין שטאָט ארײַן. אָט דאָ, ניט ווײַטער ווי אף יענעם גאָרטן, הינטער דער בײַם מיט דיניעס, לעבט א גרויסער קראָליק, א געזונטער כעוורעמאן און אינגאנצן א גע־שטופלטער, ווי א שאָכברעט.

דער „געזונטער כעוורעמאן״ — דאָס איז געווען ניט קיין אנדערער, ווי אליין דזשעק שלאכט-פערדל. אָבער געלעבט האָט ער ניט אפן גאָרטן. ער פלעגט בלויז פון צײַט צו צײַט אהין ארײַנקוקן. איצטער איז ער דאָרטן ניט געווען. ער האָט זיך פארקליבן אין זײַן נאָרע, וואָס האָט געהאט אן ארײַנגאנג פון מיִרע־זײַט, ווײַל עס האָט זיך אופגעהויבן א נאסער מיזרעכ-ווינט.

דערזעג אן אומבאקאנטן, האָט דער קראָליק גענומען נאָכשפירן נאָך אים. קאָלזמאַנ דער מענטש האָט זיך געהאלטן באם וועג, איז דזשעק געווען רויִק, אָבער דער וועג פארקערעוועט אף צאָפן, און דער מענטש האָט עפעס גענומען פארקערעווען פון דאָרט און אוועקגעלאָזט זיך גלײַך צו זײַן נאָרע. דעמלט איז דזשעק געוואָרן אומרויִק. ער איז ארויסגעשפרונגען פון זײַן באהעלטעניש און אוועקגעלאָזט זיך איבערן פליין צו מיזרעכ.

א קראָליק, וואָס אנטלויפט פון א סוינע, מאכט געוויינלעך צו אכט—צען פוס מיט יעדן שפרונג. נאָך יעדע פינף אָדער זעקס שפרונג גיט ער א שפרונג אין דער הייך, קעדיי אופצוהייבן זיך איבערן גראָז און די קוסטעס און גוט ארומ־קוקן זיך. דאָס איז אן אויסשפיר־שפרונג. ניט קיין דערפארענער קראָליק שפרינגט אין דער הייך נאָך יעדן פערטן שפרונג און פארלירט דערמיט א סאך צײַט. א קלוגער שפרינגער באנוגנט זיך מיט איין הויכן שפרונג אף אכט — נײַן. דאָס איז פולשטענדיק גענוג פאר באאָבאכטונג. אָבער דזשעק שלאכט־פערדל האָט גע־קאָנט באקומען אלע נייטיקע יעדיִעס, אופליִענדיק ארופ נאָך יעדע צוועלף שפרונג, און יעדער שפרונג זײַנער האָט געדעקט פון צען ביז צוועלף פוס. דער שפור, וואָס ער פלעגט נאָך זיך איבערלאָזן, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט נאָך איין באזונדערקייט. אנדערע מינים קראָליקעס אָדער האָזן, ווען זיי לויפן, פארדרייען זיי שארף דעם עק און רירן מיט אים ניט אָן דעם שניי. ווען עס לויפט א גרוי־

סער צאָפּנ־קראָליק, האָט ער דעם עק אראָפּגעהאנגען. באַ איינ־יקע איז ער אָנגעשטעלט גלײַך אראָפּ און אזויארום לאָזט ער אָפּטמאָל איבער א שטריכ אפנ שניי, הינטער די שפּורנ פונ די פיס. דער גלאַנצנדיקער שווארצער עק פונעם שלאכטפערדל איז געווענ אומגעווײנלעכ לאנג, אינ באַ יעדנ שפּרונג האָט ער איבערגעלאָזן אפנ שניי א לאנגנ שפּור — אזא לאנגנ, וואָס דאָס אלײנ איז געווענ קימאט גענוג, קעדיי אויסצוטײלנ דישעקס שפּור פונעם שפּור פונ יעדנ אנדערנ קראָליק.



פיל קראָליקעס וואָלטנ זיכ ניט דערשראָקנ, דערזעענדיק א מענטשנ אָנ א הונט, אָבער דאָס שלאכט-פערדל האָט גוט געדענקט, ווי עס האָט אים אנומלטנ אָפּגעבריט א שאָס פונ א ביקס. צולאָזנדיק דעם סוינע אפ פינפ און זיבעציק שפּאנ, האָט ער זיכ געלאָזט לויפנ צום פּלויט, האלטנדיק זיכ נידעריק באַ דער ערד. אריבערגעקליבנ זיכ אריבערנ פּלויט, איז ער אוועקגעפלויגנ, ווי א ניועריק שוועבנדיקער שפּארבער, ביז ער האָט דערגרייכט איינע פונ זײַנע געהיימע באַהעלטענישנ, וואָס האָט זיכ געפונענ א מײַל ווײַטער. דאָרט האָט ער זיכ באַהאלטנ, ניט פארגעסנדיק אפריער א שפּרונג צו טאָנ אינ אויסשפּירנ דעם ארום.

אָבער ניט לאנג האָט ער אָפּגערוט. אינ צוואנציק מינוט ארום האָבנ זײַנע גרויסע וואכזאמע אויערנ געכאפּט א ריטמישנ קלאנג - כרוסט, כרוסט, כרוסט - דעם סקריפּ פונ א מענטשישנ פוס איבערנ - שניי. ער איז אופגעשפּרונגענ און דערזענ א מענטשנ מיט א גלאנצנדיקנ שטעקנ. דאָס מאָל שוינ א סאכ נעענטער.

שלאכט־פערדל איז ארויסגעשפּרונגענ פונ זײַנ באהעלטעניש און אוועקגעלאָזט זיכ צום פּלויט. ער האָט קײנ אײנ מאָל זיכ ניט דערלויבט א שפּרונג צו טאָנ אינ דער הייכ, קעדיי א קוק צו טאָנ, ביזוואנענ ער האָט זיכ ניט אָפּגעטײלט פונעם סוינע מיטנ דראָט: דאָס איז געווענ, אגעוו, אנ איבעריקע פּאָרזיכטיקײַט, ווײַל דער מענטש האָט געזוכט בלויז דעם שפּור, און דעם קראָליק האָט ער אפילע ניט באמערקט.

אָבער דזשעק האָט זיכ געטראָגנ אלץ ווײַטער, שפּרייטנדיק זיכ איבער דער ערד און היטנדיק זיכ פאר נײַע סאָנים. ער האָט איצט געוווסט, אז דער מענטש איז אָנגעפאלנ אפ זײַנ שפּור, און דער אלטער אינסטינקט האָט אים געצוווּנגענ צו מאכנ א שלייפ. ער איז צוגעלאָפּנ צום ווײַטנ פּלויט, ארומגעלאָפּנ ארום אים, דערנאָכ פארקערעוועס צוריק צום פריערדיקנ שפּור און געלאָזט זיכ לויפנ אינ א נײַער ריכטונג, ביז ער האָט ניט דערגרייכט צו דער צווייטער באהעלטעניש זײַנער. ער

איז די גאנצע נאכט געווען אפ די פיס און וואָלט זייער גערן איצטער אָפּגערוט, ווייַל די זון האָט העף געשייַנט. אָבער ווי נאָר ער האָט באוויזן עטוואָס זיך אָנוואַרעמען, אזוי האָט דער ריטמישער „כרוסט, כרוסט, כרוסט“, אים ווידער געגעבן צו וויסן וועגן דער דערנעענטערונג פונעם סוינע, און ווידעראַמאָל האָט דזשעק געלאָזט זיך לויפן.

דורכגעלאָפן א האלבע מייַל, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. איבערצייַגט זיך, אז דער מענטש שפּירט נאָך אלץ נאָך אים נאָך, האָט ער דורכגעמאכט איבערן שניי א גאנצן פּלאָנטער פון קאָמפּליצירטע זיגזאגן, וואָס וואָלטן אראָפּגעשלאָגן פון וועג ניט קיין איינעם אויסשפּירער. דערנאָך איז ער דורכגעלאָפן פארבייַ זייַן באַליבטער באהעלטעניש, אומגעקערט זיך צו איר פון דער פארקערטער זייַט און אוועקגעלייגט זיך אָפּרוען, זייַענדיק זיכער, אז איצטער האָט ער ענדגילטיק אראָפּגעשלאָגן דעם סוינע פונעם שפּור.

לאנגזאמער, ווי פריִער, נאָר אָט הערט זיך שוין ווידער דער „כרוסט, כרוסט, כרוסט“.

דזשעק האָט זיך אופגעכאפּט, נאָר פון אָרט זיך ניט גערירט. דער מענטש האָט פאָרגעזעצט גיין נאָכן שפּור. זעענדיק, אז ער שטעלט זיך ניט אָפּ, איז דזשעק אומבאמערקט ארויסגעשפּרונגען פון דער באהעלטעניש, פארשטייענדיק, אז ער האָט צו טאָן מיט זייער א כיטרען סוינע. דער מענטש און דער קראָליק האָבן איצטער דורכגעמאכט א ברייטן קרייַז ארום דער געגנט, וואָס האָט געהערט דעם שלאכט־פערדל, און אין דער מינוט האָבן זיי זיך געפונען א האלבע מייַל פון דער פערמע, וווּ עס האָט געלעבט דער גרויסער שווארצער הונט. דאָרטן איז אויך געווען א וווּנדערבארער הילצערנער פּלויט מיט באקוועמע שפּארונעס פאר די הינער. דער קראָליק האָט זיך דערמאָנט אָן דעם אָרט און זיך דערפרייט. דאָ האָט ער א סאך מאָל אָפּגעהאלטן ניצכוינעס. דאָ האָט ער געלאָזט צום נאר דעם גרויסן יאגדהונט.

און דאָס שלאכט-פערדל האָט אָפּן זיך אוועקגעלאָזט איבערן שנייִקן פּלייַן צום פּלויט פונעם גרויסן שווארצן הונט.

די הינערשע שפּארונע, האָט זיך ארויסגעוויזן, איז פארשטעלט. דער קראָליק, ניט ווייניק פארוווּנדערט, האָט זיך א וואָרף געטאָן צוריק און פאָרויס, זוכנדיק אן אנדער דורכגאנג. אָבער אומזיסט. פארקערעוועט הינטערן ראָג, האָט ער פּלוצלינג דערזען א טירל, וואָס איז געווען אינגאנצן אָפן. דאָרטן אינווייניק אפ א

שטאבל ברעטער איז געלעגנ דער גרויסער שווארצער הונט אונ רויִק געשלאָפנ. די הינער זײַנענ געזעסנ צונויפגעטוליעט אינעמ סאמע ווארעמענ ווינקל פונעמ הויפ, אונ די היימישע קאצ איז אריבערגעלאָפנ פונעמ שפײַכלער צו דער קיכ. שלאכט־פערדל איז געבליבנ שטיינ באמ טויער. די שווארצע פיגור פונ זײַנ פארפאָלגער האָט געפויזעט איבערנ שנייִקנ פליינ. רויִק אונטערשפרינגענדיק, איז דזשעק ארײַנ אינ הויפ. א לאנגפיסיקער האָנ האָט, אָנשטאָט צו פארנעמענ זיכ מיט זײַנע אייגענע געשעפטנ, אָנגעהויבנ צו קרייענ, ווי נאָר ער האָט דערזענ דעמ קראָליק. דער הונט, וואָס איז געלעגנ אפ דער זונ, האָט אופגעהויבנ דעמ קאָפ אונ איז אופגעשטאנענ. דזשעק איז ארײַנגעפאלנ אינ דער גרעסטער געפאר. ניט לאנג טראכטנדיק, איז ער צוגעפאלנ צו דער ערד, פארוואנדלט זיכ אינ א גרויִ הײַפל ערד. געטאָנ האָט ער דאָס קונציק, נאָר, פונדעסטוועגנ, ווענ ניט די קאצ, וואָלט ער זיכ צעשיידט מיטנ לעבנ. ניט ווילנדיק אונ אומבאוווסטזיניק האָט זי אימ געראטעוועט. דער שווארצער הונט האָט געמאכט דרײַ שפאנ צומ קראָליק, כאָטש ער האָט נאָכ ניט באמערקט, אז ער איז דאָ, אונ פארצוימט מיט זיכ דעמ אײַנציקנ ארויסגאנג פונ הויפ. אָבער דאָ האָט פונ הינטערנ ראָג הויז זיכ באוויזנ די קאצ. זי איז ארופגעשפרונגענ אפנ פענצטער אונ אראָפגעוואָרפנ פונ דאָרט א בלומענ־טאָפ — דאָס איז געווענ גאנצ גענוג אפ צעשטערנ די באוואָפנטע נייטראליטעט, וואָס האָט עקזיסטירט צווישנ איר אונ דעמ הונט. זי האָט זיכ געלאָזט לויפנ צומ שפײַכלער. אונ עס איז דאָכ גוט באוווסט, ווי א הונט ווערט אופגעקאָכט, אז ער זעט א לויפנדיקע קאצ. זיי האָבנ זיכ פארבײַגעטראָגנ דרײַסיק פוס פונעמ קראָליק. זיי האָבנ ניט באוויזנ פארשווינדנ, ווי דזשעק האָט זיכ אויסגעקערעוועט, ניט זאָגנדיק אפילע „א דאנק דיר, קעצעלע", אונ איז ארויסגעשפרונגענ פונ הויפ.

די באלעבאָסטע פונ הויז האָט אָפגעראטעוועט די קאצ פונעמ הונט, אונ ער איז שוינ ווידער געלעגנ אויסגעצויגנ אפ די ברעטער, ווענ עס איז אונטערגעקומענ דער מענטש, וואָס האָט פארפאָלגט דעמ קראָליק. אינ די הענט בא אימ איז געווענ ניט קיינ ביקס, נאָר א שווערער אונטערגעשמידטער שטעקנ, אונ אדאנק אימ האָט דער הונט זיכ אָפגעהאלטנ פונ אָנצופאלנ אפ אימ.

ווײַזט אויס, ווײַטער נאָכצושפירנ איז געווענ אוממעגלעכ. צי האָט דאָס דער קראָליק אומיסטנ געטאָנ, צי ניינ, אָבער זײַנ אײַנפאל איז געקרוינט געוואָרנ מיט פולשטענדיקנ דערפאָלג — דזשעק איז פאָטער געוואָרנ פונ זײַנ פארפאָלגער.

אפ מאָרגנ האָט דער אומבאקאנטער זיכ ווײַטער אוועקגעלאָזט זוכנ דזשעקנ,

און געפונענ האָט ער ניט אים, נאָר זײַנ שפור. ער האָט דערקענט דעם דאָזיקנ שפור לויטנ אָפּצוג פונ עק, לויט די לאנגע שפרונגענ און די זעלטענע „אויס-שפיר״-שפרונגענ אינ דער הייך. אָבער לעבנ דעם שפור האָט איצטער זיך געצויגנ א שפור פונ עטוואָס א קלענערנ קראָליק. אָט דאָ האָבנ זיי זיך באגעגנט, דאָרטנ האָבנ זיי זיך געיאָגט איינער נאָכנ אנדערנ, ווײַזט אויס, שפּילנדיק זיך, ווײַל קיינ שפורנ פונ א געשלעג האָט מענ ניט געזענ; דאָ האָבנ זיי זיך געפּאשעט אָדער אָפּגערוט צוזאמענ אפ דער זונ, דאָרטנ זײַנענ זיי געלאָפנ איינער לעבנ אנדערנ, און דאָ ווידער זיך געשפּילט אפנ שניי, ווי פריִער, ניט צעשיידבארע. דער אומבאקאנטער האָט אלצ פארשטאנענ. עס איז געווענ יענע צײַט פונ יאָר, ווענ די קראָליקעס באזאָרגנ זיך מיט א פאמיליע: דער צווייענדיקער שפור האָט געהערט דעם שלאכט-פערדל און זײַנ כאווערטע.

## IV

דער ווײַטערדיקער זומער האָט געבראכט פאר די קראָליקעס א סאך נײַס. דער אומגעלומפּערטער געזעצ האָט באשטימט א באלוינונג פאר יעדנ דערהארגעטנ שפּארבער און סאָווע. די דאָזיקע פליגלדיקע היטער פונ די פליינענ האָט מענ אָנגעהויבנ פארניכטנ אָנ ראכמאָנעס. און די קראָליקעס האָבנ זיך אזוי פאנאנדערגעפּלאָדיעט, אז זיי האָבנ איצטער געדראָעט כאָרעוו מאכנ דאָס לאנד.

די פּערמער, וואָס האָבנ מער ווי אלע געליטנ פונעם געזעצ, וועלכנ זיי אליינ האָבנ דערפונדנ, האָבנ דעמלט פאָרגענומענ א גראנדיִעזע באלאגערונג אפ די קראָליקעס. די גאנצע אָרטיקע באפעלקערונג איז אײַנגעלאדנ געוואָרנ קומענ אינ א באשטימטנ פרימאָרגנ צום צאָפּנדיקנ גרויסנ וועג. פונ דאָרט האָט מענ באדארפט זיך אוועקלאָזנ איבער דער גאנצער ארומיקער געגנט, אינ דער ריכטונג, וווּהינ דער ווינט בלאָזט, און פאריאָגנ די קראָליקעס אפ איינ גרויסנ פלאצ, וואָס איז פונ פריִער ארומגעצויגנ געוואָרנ מיט א געדיכטנ דראָטענעמ שטאכעט. די הינט האָבנ זיך ניט באטייליקט אינ דער יאגד, ווײַל זיי זײַנענ צו היציק. קיינ ביקסנ האָט מענ אויך ניט גענומענ, ווײַל אז מע האָט צו טאָנ מיט א האמוינ, זײַנענ זיי געפערלעכ. יעדער מאנצבל און יִינגל האָט זיך באזאָרגט בלויז מיט א פּאָר לאנגע שטעקנס און מיט א זאק שטיינער. די פרויענ זײַנענ נאָכגעפאָרנ נאָכ זיי רײַטנדיק אָדער אינ וועגעלעכ. א סאך פונ זיי זײַנענ געווענ באוואָפנט מיט גראגערס, מיט יאגד-



האָרנס און מיט רוישיקע טאצן. צו אייניקע וועגעלעך זײַנען געווען צוגעבונדן אלטע בלעכענע פושקעס, וואָס האָבן געשאָבן איבער די ספּיצעס פון די רעדער און פארשטארקט די גרילצערײַ. אויב מע זאָל נעמען אין אכט דעם שארפן געהער פון די קראָליקעס, איז גרינג צו פארשטיין, אז דער טומל, וואָס האָט געקאָנט פארטויבן אפילע א מענטשן, האָט געמוזט ארויסרופן צווישן זיי א פולשטענדיקע צעמישונג.

דער וועטער איז געשטאנען א לויטערער. און אכט אזייגער אינדערפרי האָט מען געגעבן א סיגנאל זיך לאָזן אין וועג ארײַן. די ליניע פון די יעגער האָט לעכאטכילע זיך צעצויגן אפ פינף מײַל. אפ יעדע דרײַסיק — פערציק שפאן איז געווען א מענטש. די וועגעלעך און די רײַטער האָבן ניט ווילנדיק זיך געהאלטן אויסשליסלעך בא די וועגן, אָבער די פארטרײַבער זײַנען געגאנגען גלײַך מיטן פעלד. די מענטשן זײַנען געווען פאנאנדערגעשטעלט בעערעך אפ דרײַ זײַטן פון א קווארדאט. יעדערער האָט זיך געפלײַסט וואָס מערער טומלען און ארומגעשארט מיטן שטעקן אלע קוסטעס. פון אומעטום האָבן אָנגעהויבן ארויסלויפן קראָליקעס. אייניקע האָבן זיך א וואָרפ געטאָן צו די פארטרײַבער, נאָר זיי זײַנען באגעגנט געוואָרן מיט א האָגל שטיינער, און א סאך פון זיי זײַנען אוועקגעלייגט געוואָרן גלײַך אפן אָרט. בלויז איינעם אָדער צוויי קראָליקעס האָט זיך אײַנגעגעבן דורכשפּרינגען פארבײַ און ראטעווען זיך. די באלאגערונג האָט, ווי א בעזעם, צונויפגעראמט די קראָליקעס אין איין הויפן. לעכאטכילע איז געווען נים קיין סאך קראָליקעס, אָבער אינגיכן האָט מיט זיי שוין געשווימלט יעדער קוסט. ווען די באלאגערונג איז דורך פינף מײַל — דאָס האָט אָפּגענומען דרײַ שאָ — איז אָפּגעגעבן געוואָרן א באפעל צונויפירן ביידע פלאנגען. דער מעהאלעך צווישן די פארטרײַבער האָט זיך פארקירצט ביז צען פוס, און די גאנצע באלאגערונג האָט זיך שוין גערוקט צום אָפּגעצוימטן פלאץ. די קראָליקעס האָבן זיך געפּאקט, ווי אין א פּאסטקע. די מענטשן האָבן פארשנעלערט זייער שפאן, הארגענענדיק צענדליקער קראָליקעס, וואָס זײַנען צוגעלאָפן צו זיי צו נאָענט. די ערד איז געווען באדעקט מיט טויטע קראָליקעס, און זייער צאָל איז נאָך, דאכט זיך, אלץ געוואקסן. און איידער די קאָרבאָנעס זײַנען ענדגילטיק ארײַנגעשפּארט געוואָרן אין דער פארצוימונג, האָט דער ארומגעצוימטער שטעך פון צוויי אקר ערד פאָרגעשטעלט מיט זיך א דורכויסיקע צאפלענדיקע מאסע פון שפּרינגענדיקע, לויפנדיקע, צעטומלטע קראָליקעס. זיי האָבן זיך געדריים און געשפּרונגען, זוכנ־





דיק א רעטונג, אָבער דער אומראכמאָנעסדיקער האמינג איז געוואָרן אלץ געדיכ־טער. דער רינג איז געוואָרן אלץ שמעלער, און די גאנצע כאָפּטע קראָליקעס איז אריַינגעפּאקט געוואָרן אין דער ענגער פּארצוימונג, ווו אייניקע האָבן טעמפּ זיך אויסגעזעצט אין דער מיט. אייניקע זיַינען צעטומלטע ארומגעלאָפן לענג־ויס דער גראטע, אנדערע האָבן נאָך אלץ זיך געפּרוּווט באהאלטן אין די ווינ־קלען אָדער איינער אונטערן אנדערן.

און שלאכט־פּערדל, — וואָס האָט ער געטאָן בעשאס דער באלאגערונג? די באלאגערונג האָט אים אופגעהויבן צוזאמען מיט אלע איבעריקע, און ער איז איינער פון די ערשטע אריַינגעלאָפן אין דער פּארצוימונג. מע דארף זאָגן, עס איז געווען באשלאָסן אלע בעסערע קראָליקעס אָפּצוקליַיבן.

די פּארצוימונג האָט באטיַיט א סויט פאר אלע קראָליקעס, אויסער די שע־נערע און געזינטערע. א סאך זיַינען דאָ געווען אזעלכע, וואָס האָבן אפ גאָרניט ניט געטויגט. דער, וואָס שטעלט זיך פאָר אלע ווילדע באלעכיַים, ווי א מוסטער פון פולקומענהיַיט, וואָלט געווען פארוונדערט, ווען ער וואָלט דערזען, אז דאָ, אין דער פּארצוימונג, זיַינען געווען פיל קרומע, לאָמע און שוואכע.

דאָס איז געווען א ניצאָכן, וואָס האָט דערמאָנט די רוימישע ניצכוינעס — דאָס גאנצע קליינוואַרג פון די געפאנגענע איז געווען פארורטיילט אפ פארניכטונג. די אָפּגעקליבענע קראָליקעס זיַינען געווען באשטימט פאר דער ארענע. ארענע? יאָ, פאר דער ארענע פונעם קלוב פון הינט־ליבהאָבער.

אין דער דאָזיקער ריזיקער פּאסטקע, וואָס איז געווען פארגרייט פון פריִער, זיַינען בא די ווענט געשטאנען קליינינקע קעסטלעך. ניט ווייניקער, ווי פינף הונדערט שטיק.



יעדעס קעסטל איז געווען אויסגערעכנט אפ איין קראָליק.

די סאמע פלינקע פון די קראָליקעס זיַינען די ערשטע אריַינגעלאָפן אין דער פארצוימונג. אייניקע זיַינען געווען פלינק און נאריש. אריַינגעלאָפן אינווייניק, האָבן זיי אָנגעהויבן דול ארומלויפן. אנדערע זיַינען געווען רירעוודיק און קלוג. די דאָזיקע האָבן סייכל געהאט גליַיך צו באנוצן זיך מיט די קאסטנס און באהאלטן זיך אין זיי. אלע קאסטנס זיַינען געווען פול. אזויארום האָט מען אָפּגעקליבן די פלינקסטע און די קליגסטע. דאָס מיטל, וואָס איז דערביַי אָנגעווענדט געוואָרן, איז, פארשטייט זיך, ניט גאָר קיין זיכערס, נאָר דערפאר זייער א פּראָסטס און באקוועמס. אפ די דאָזיקע פינף הונדערט שטיק, איז באשטימט געוואָרן,

וועלנ זיכ טרענירנ די יאגדהינט. די איבעריקע העכער פיר טויזנט שטיק זײַנענ אומראכמאָנעסדיק פארניכטעט געוואָרנ.

אונ פינפ הונדערט קאסטנס מיט פינפ הונדערט העל־אויגיקע קראָליקעס זײַנענ נאָכ אינ דעם זעלבנ טאָג אָפּגעשיקט געוואָרנ מיטנ צוג. צווישנ זיי האָט זיכ געפונענ דזשעק שלאכט-פערדל.

# V

קראָליקעס באציִענ זיכ גאנצ לײַכט צו פארשיידענע לעבנס־פאסירונגענ, אונ מע דארפ ניט מיינענ, אז די געפאנגענע האָבנ געפילט גרויס שרעק נאָכ דעם, ווי עס האָט זיכ אײַנגעשטילט דער טומל פונ דער שכיטע. אונ ווענ זיי זײַנענ אָנגעקומענ צומ קלוב פונ די הינט־ליבהאָבער, וואָס אינ דער גרויסער שטאָט, אונ זײַנענ שטילערהייט איינער נאָכנ אנדערנ ארויסגענומענ געוואָרנ פונ די קאסטנס, האָבנ זיי ניט געהאט אפ וואָס צו באקלאָגנ זיכ — מע האָט זיי ארויסגעלאָזט אפ א געראמענ אָפּגעצוימטנ פלאצ, ווו עס איז געווענ א סאכ געשמאקע שפּײַז אונ ניט געווענ קיינע סאָנים.

די טרענירונג האָט זיכ אָנגעהויבנ גלײַכ פונעמ ערשטנ פרימאָרגנ אָנ. מע האָט אופגעעפנט א ריי טירלעכ, וואָס פירנ צו א ברייטנ קײַלעכדיקנ לויפ־פלאצ.

נאָכ דעם, ווי די מערהײַט קראָליקעס איז זיכ פאנאנדערגעגאנגענ איבער דעמ דאָזיקנ פלאצ, איז אָנגעקומענ א גאנצע כאָפּטע ייִנגלעכ אונ גענומענ זיכ מיט טומל אונ געשריי יאָגנ זיי, ביז אלע קראָליקעס האָבנ זיכ ווידער באהאלטנ אינ דער פריִערדיקער פארצוימונג, וואָס האָט זיכ גערופנ האפנ. די דאָזיקע איבונגענ האָבנ געדויערט עטלעכע טעג, אונ די קראָליקעס האָבנ פארשטאנענ, אז א רעטונג פונ די פארפאָלגונגענ דארפ מענ זוכנ נאָר אינ האפנ.

איצט האָט זיכ אָנגעהויבנ די צווייטע לעקציע. דורכ א זײַטיקער טיר איז די גאנצע טשערעדע קראָליקעס ארויסגעטריבנ געוואָרנ אפ א לאנגער סטעשקע, וואָס האָט ארומגעכאפּט דעמ לויפ־פלאצ פונ דרײַ זײַטנ אונ וואָס האָט זיכ געענדיקט בא א צווייטער פארצוימונג אינ עק פלאצ. דאָס איז געווענ די פארצוימונג פונעמ סטארט. מע האָט אופגעעפנט די טיר אפ דער ארענע, ארויסגעטריבנ אהינצו אלע קראָליקעס, אונ א כאָפּטע ייִנגלעכ אונ הינט, וואָס זײַנענ ביז איצט געווענ באהאלטנ, האָבנ זיכ א וואָרפ געטאָנ נאָכ זיי איבערנ אָפענעמ פעלד. די גאנצע טשערעדע קראָליקעס האָט זיכ געלאָזט לויפנ, שפּרינגענדיק אונ טוקנ־

דיק זיך. אייניקע פון די ייִנגערע האָבן, לויט דער געוווינהייט, געמאכט אַן אויסשפּיר-שפּרונג, שוועבנדיק נידעריק איבער דער ערד. אין שפּיץ פון דער גאַנ־צער טשערעדע איז געשפּרונגען אַ גרויסאַרטיקער, שוואַרצער ווייס-געפלעקטער קראָליק. זיינע שלאַנקע פיס און גלאַנצנדיקע אויגן האָבן צוגעצויגן אַלעמענס אופמערקזאַמקייט, ווען ער האָט זיך נאָך געפונען אין דער פאַרצוימונג. און איצ־טער, אַפן פעלד, האָט ער געפירט נאָך זיך די גאַנצע אַרמיי, שוועבנדיק אי־בער דער ערד מיט יענעם לופטיקן געלויף, וואָס האָט איבערגעלאָזט ווייט הינטער זיך אַלע זיינע איבעריקע ברידער פונקט אַזוי, ווי זיי, האָבן איבערגעלאָזט הינ־טער זיך די הינטישע טשאַטע.

— קוקט! קוקט אים אָן, דעם דאָזיקן. נו, איז דאָס ניט קיין שלאַכט־פערדל?— האָט אויסגעשריִען דער קאַניוך, אַ פּאַשעטער אירלענדער. און די דאָזיקע צו־נעמעניש — שלאַכט-פערדל — האָט זיך ווי צוגעקלעפּט צום קראָליק. דורכגעלאָפן אַ העלפט פלאַץ, האָבן די קראָליקעס פּלוצלינג זיך דערמאָנט וועגן האפן און אַ וואָרפּ געטאָן זיך אהין, ווי אַ שנייִיקער וויכער.

אָט אין וואָס עס איז באַשטאַנען די צווייטע לעקציע — לאָזן זיך גלייך צום האַפן, ווי נאָר מע וועט זיי אַרויסלאָזן פון דער סטאַרט־פאַרצוימונג. אין אַ וואָך אַרום האָבן אַלע קראָליקעס באַוויזן אויסצולערנען די דאָזיקע לעקציע און זיי זיינען געווען גרייט צום פייערלעכן געוועט פונעם רייסן-קלוב. דאָס שלאַכט־פערדל האָבן איצטער גוט געקענט סיי די קאַניוכעס סיי די באַזוכער. עס האָט זיך אויסגעטיילט שוין בלויז מיט זיין באַפאַרבונג. אויסער דעם האָט די לאַנג־אויער־דיקע טשערעדע אַליין אים אָנערקענט פאַר איר פירער. די באַזוכער פונעם קלוב פלעגן זיך פאַרוועטן און שטעלן ניט נאָר אַף די הינט, נאָר אויך אַף אים.

— איך בין נייגעריק צו וויסן, צי וועט דער אַלטער דיגנאַם הייִנטיקס יאָר אַרויסלאָזן אַף דער אַרענע זיין מינקע?

— אויב יאָ, קאָן איך זיך פאַרוועטן, אַז דאָס שלאַכט-פערדל וועט אַריבער־יאָגן אַפילע אַזאַ גוטן הונט, ווי מינקע.

— איך שטעל דריי קעגן איינס, אַז מיין דזשעם וועט כאַפּן דאָס שלאַכט-פערדל, ניט דערגייענדיק אַפילע ביז דער גרויסער טריבונע.

— און איך קאָן זיך פאַרוועטן מיט דיר ניט אַבי אַזוי, נאָר אַף דאָלאַרן, — האָט זיך אָפּגערופן דער אירלענדער מיקי, — ווייניק נאָך: איך שטעל אַ כוידעש־דיקן געהאַלט — אַז אין דער טשאַטע איז ניטאָ קיין איין הונט, וואָס קאָן אַראָפּ־



קערעווען דאָס שלאכט-פערדל פון וועג כאָטש איין מאָל אין פארלויף פונעם גאנצן געווען-לויף.

אזוי האָבן זיי געשמועסט און געשפּארט זיך, אָבער מיט יעדן טאָג איז גע-וואקסן די צאָל מענטשן, וואָס האָבן זיך איבערצײַגט אין די גרויסע פֿײַקײַטן פונעם שלאכט-פערדל. שלאכט־פערדל האָט געצווּונגען די בעסטע יאגדהינט צו שפּרינגען פונעם סטארט ביז דער גרויסער טריבונע און ווײַטער ביז האפן.

## VI

דער ערשטער פּרימאָרגן פון דער יאגד איז געווען לויטער און פול מיט האָ-פענונג. די גרויסע טריבונע איז געווען געפּאקט מיט שטאָטישן עולם. דאָ און דאָרט האָט מען געקאָנט זען הינט־אופזעער, וואָס האָבן געפירט זייערע יאגד־הינט איינציקווײַז און פּאָרווײַז. די רוקנס פון די הינט זײַנען געווען צוגעדעקט מיט פּאָפּאָנעס, אָבער דאָס האָט ניט געשטערט צו זען זייערע אָדעדיקע פיס, שלאנגען־העלדזער, שיינע קעפּ מיט לאנגע קינבאקן און גלאנצנדיקע באוועגלעכע נעלע אויגן. די דאָזיקע הינט זײַנען געווען די וואונדערבארסטע עקזעמפּלארן צום גע־לויף, געמאכט פון פליייש און בלוט. די הינט־אופזעער האָבן זיי געהיט, ווי דאָס אויג אין קאָפּ, נאָכגעגאנגען נאָך זיי, ווי נאָך קינדער, און זייער שטרענג נאָכ-געשפּירט, זיי זאָלן ניט עסן אבי וואָס, ניט באשמעקן קיין ניט געוויינלעכע זאכן און זאָלן ניט צוגיין נאָענט צו אומבאקאנטע מענטשן. אף די דאָזיקע הינט פלעגט מען שטעלן גרויסע סומעס געלט, און עס זײַנען געווען פאלן, ווען א שטיק באזונדערס צוגעריכט פליייש אָדער א קונציק קאָמבינירטער ריעכ פלעגט פאר־וואנדלען א גרויסארטיקן הונט אין א קוים לעבעדיקן קריכער, און דאָס פלעגט פולשטענדיק רויִנירן זײַן באלעבאָס. די הינט לאָזט מען ארויס אף דער ארענע פּאָרווײַז, ווײַל יעדער געווען איז אין דער זעלבער צײַט אויך א דועל. פון די הינט, וואָס געווינען, ווערן דע־נאָך צונויפגעשטעלט נײַע פּאָרן. בא יעדן פּרווּוו לאָזט מען ארויס פון דער ספּארט־פארצוימונג איינעם פון די קראָליקעס. און דאָ דערנעבן ווארטן צוויי קאָנקורירנדיקע הינט. ווי נאָר דער קראָליק לויפט אָפּ אף א געוויסן מעהאלעך, אזוי גלײַכט אויס דער מענטש ביידע הינט און לאָזט זיי אָפּ מיטאמאָל. אפן פעלד ווארטן שוין, רײַטנדיק אף א גוטן פערד, א ריכטער אין א רויטן סורדוט. ער פאָלגט נאָך נאָכן געיעג.

געדענקענדיק דעם דורכגעמאכטן קורס לעקציעס, טראָגט זיך דער קראָליק אי-



בערנ פעלד גלײַכ צום האפנ, פאר די אויגנ פונ דער גרויסער טריבונע מענטשנ. די הינט לויפנ נאָכ אים. ווענ דער ערשטער הונט לויפט צו נאָענט, הייבט דער קראָליק אָנ זיכ ארויסדרייענ פונ אים. יעדעס מאָל, ווענ דער קראָליק קערעוועט אראָפּ פונ וועג, ווערט דעמ הונט פארעכנט נאָכ א פּאָר אייגלעכ, אונ ווענ דער הונט לייגט אוועק דעמ קראָליק, ווערט דאָס פארעכנט פאר זײַנ ענדגילטיקנ זיג.

אָפטמאָל טרעפט, אז דער מאָרד קומט פּאָר א הונדערט שפּאנ פונעמ סטארט. הייסט עס, אז דער קראָליק איז א טויגעניכץ. אָפטער ווערט דער קראָליק געפאקט בא דער גרויסער טריבונע. אָבער אינ אויסשפּיסלעכע פאלנ גיט זיכ דעמ קראָליק אײַנ זיכ פאנאנדערלויפנ אפ א גוטער האלבער מײַל איבערנ פרײַענ פעלד אונ באצײַטנס זיכ ארײַנכאפנ אינ האפנ. עס זײַנענ מעגלעכ פיר פינאלנ: דער קראָליק ווערט דערהארגעט גלײַכ אפנ אָרט; ער קערט זיכ גיכ אומ צוריק אינ האפנ; מע בײַט די הינט, וועלכע עס דראָעט א הארצשלאָג פונ א צו דויערנדיקנ געלויפ אונטער דער ברענענדיקער זונ; אונ, ענדלעכ, פאר יענע קראָליקעס, וועלכע האלטנ אינ איינ ארויסדרייענ זיכ אונ פארמאטערנ צופיל די הינט, אָבער האָבנ קיינ סייכל ניט אומצוקערנ זיכ אינ האפנ — פאר די דאָזיקע האלט מענ אינ רעזערוו אנ אָנגעלאָדענע ביקס.

אינ די קראָליקעס־געלויפנ קומענ פאָר אזויפיל גענארערײַענ, פּונקט ווי אינ פערד־פארמעסטונגענ. דערפאר שאט ניט אויכ דאָ צו האָבנ א ריכטער אונ א סטארטער, וועלכע זײַנענ אויסער יעדנ כשאד.

ערעוו דעמ פאָרשטייענדיקנ געוועט איז פאָרגעקומענ א „צופעליקע“ באגעגעניש צווישנ דעמ אירלענדער מיקי אונ איינעמ א רײַכנ בריליאנטנ־הענדלער.

דער הענדלער האָט מעכאבעד געווענ מיקינ מיט א סיגאר. וואָלט מענ געקאָנט מיינענ, וואָס איז דאָ אזעלכעס אומגעוויינלעכס? אָבער דער סיגאר איז געווענ אײַנגעוויקלט אינ א גרינ פאפירל*). מיקי האָט זייער קונציק אראָפּגענומענ דאָס פאפירל, איידער ער האָט פארייכערט. דערנאָכ האָבנ זיי זיכ איבערגעוואָרפנ מיט עטלעכע ווערטער.

— ווענ עס טרעפט, אז מאָרגנ נאָכ דעמ, ווי מע וועט אראָפּלאָזנ די הינט, זאָל דיגנאמס מינקע איבערבלײַבנ הינטער דער פאָנ, וואָלט איכ אײַכ געגעבנ נאָכ איינ סיגאר.

*) אמעריקאנישע דאָלארנ זײַנענ געדרוקט אפ גרינ פאפיר.



— אויב איך וועל זײַן באַם סטאַרט, קאָן איך אַזוי אַ קער טאָן די זאַך אַז מינקע וועט ניט באַקומען קיין איין אייגל, און זײַן כאַוועך אויך גאָרניט.

— אַזוי גאָר? — דער ברייליאַנטן־הענדלער האָט, ווײַזט אויס, זיך שטאַרק פאַרינטערעסירט; — זייער גוט. מאַכט דאָס טאַקע אַזוי. איר וועט באַקומען צוויי סיגאַרן.

דער סטאַרטער סלײַמען איז געווען אַ מענטש, וועמען ס'איז שווער געווען אונטערצוקויפן. דאָס אַלץ איז געווען זייער גוט באַוווּסט. אַ סאַך האָבן אים פאַרטרויט. עס זײַנען אָבער געווען אויך עטלעכע אומצופרידענע. און ווען צום אָרדענונג־האַלטער פונעם לויף־פּלאַץ איז צוגעגאַנגען איינער אַ הער מיט אַ מאַסיווער גאָלדענער קייט אויפן בויך און דאָס דערקלערט, אַז ער איז כּוישעד סלײַמענען אין זשוליקערײַ, אַז ער פאַרטרויט ניט סלײַמענס ערלעכקײַט, האָט מען, חילנדיק ניט ווילנדיק, געמוזט אים באַזײַטיקן צײַטווײַליק פון זײַנע פליכטן, און זײַן אָרט האָט פאַרנומען מיקי דו.

מיקי איז געווען אָרעם און ניט איבעריק איבערקלײַבעריש. אים איז אויסגעפאַלן אַ צופאַל צו פאַרדינען אַ יערלעכן געהאַלט אין איין מינוט, ניט טוענדיק דערבײַ קיינעם קיין בייז — ניט קיין הונט, ניט קיין קראָליק.

איין קראָליק אונטערשיידט זיך זייער ווייניק פון אַ צווייטן. אַלע ווייסן דאָס. די גאַנצע פראַגע באַשטייט אין דעם, אַז מע דאַרף וויסן, וועלכן קראָליק אויסצוקלײַבן.

דער פאָרלויפיקער געיעג האָט זיך פאַרענדיקט. עס זײַנען אַראָפּגעלאָזט און דערהאַרגעט געוואָרן פופציק קראָליקעס. מיקי האָט גלענצנד געטאָן זײַן זאַך. יעדע פּאָר הינט האָט דערהאַרגעט איין כײַעלע.

איצט האָט באַדאַרפט פאָרקומען דער פינאַל — דער שלוס־געיעט אפן גרויסן פּריז.

## VII

שלאַנקע צוגעפּוצטע יאַגדהינט האָבן געוואַרט אפן זייער ריי. פּאָרויס פון אַלע איז געשטאַנען מינקע און זײַן קאָנקורענט. ביז איצט איז די גאַנצע זאַך געפירט געוואָרן געוויסנהאַפט, און ווער קאָן דערוויזן, אַז ווײַטער איז פאָרגעקומען עפּעס אַ פעלשונג? מיקי האָט געהאַט דאָס רעכט אַראָפּצולאָזן אַוועלכן קראָליק ער האָט אַליין געוואָלט.

— נומער דרײַ! — האָט ער אויסגערופן צו זײַן געהילף.

פונעם קאסטן איז ארויסגעשפרונגען דאָס שלאַכט-פערדל מיט די שווארצ-גרויע אויערן. זײַן יעדער שפרונג האָט באַטראָפֿן פינף פוס. ווילד ארומגעקוקט דעם אומגעוויינלעכן פאר אים האמוינ מענטשן, האָט ער דורכגעמאכט א וואונדער־באר הויכן אויסשפיר-שפרונג.

— גר — ר — ר! — האָט זיך צעשריִען דער סטארטער, און זײַן געהילף האָט גענומען פויקן מיט א שטעקן איבער דער גראטע. די שפרונגען פונעם שלאַכט־פערדל האָבן זיך פארגרעסערט ביז אכט — נײַן פוס.

— גר — ר — ר! — און זיי זײַנען אויסגעוואקסן ביז צען, ביז צוועלף. ווען ער איז אָפּגעלאָפֿן א שפאן דרײַסיק, האָט מען אראָפּגעלאָזט די הינט. דרײַסיק שפאן — דאָס איז א פולשטענדיק דערלאָזבארער שעטעכ, כאָטש א סאך האָבן אײַנגעפּונען, אז עס וואָלט גענוג געווען אויך צוואנציק.

— גר — ר — ר! גר — ר — ר! — און דאָס שלאַכט־פערדל איז שוין געשוואומען מיט פערצן־פוסיקע שפרונגען, ניט מאכנדיק קיין איין אויסשפיר-שפרונג אין דער הייך.

— גר — ר — ר! — וואונדערבארע הינט! ווי זיי האָבן זיך עס געטראָגן איבערן פעלד! אָבער ווײַט פאָרויס, ווי א ווײַסע מעווע, ווי א וואָלקנדל, האָט זיך גע־טראָגן דאָס שלאַכט-פערדל. ווײַטער, פארבײַ דער גרויסער טריבונע! צי האָט זיך פארקלענערט דער מעהאלעך צווישן דעם קראָליק און די הינט? — ניין, פארגרע-סערט! אין וויניקער ציַיט, ווי עס פאָדערט זיך דאָס צו באשרײַבן, איז דאָס שווארצ־ווײַסע פוכעקל ארײַנגעפלויגן אין דער טיר פונעם האפן — די טיר, וואָס איז אזוי ענלעך געווען אפ דער גוטער אלטער הינער־שפארונע אינעם פלויט. די הינט זײַנען געבליבן שטיין אונטער א דונער פון געלעכטער. דער האמוינ האָט געשריִען „הורא" דעם שלאַכט-פערדל. מיקי האָט זיך געקײַקלט פון געלעכ־טער. ווי געזידלט האָט זיך דזגנאם! און די צײַטונגס-מענטשן האָבן געשריבן, געשריבן, געשריבן!

אפ מאָרגן האָט אין אלע צײַטונגען זיך באוויזן א נאָטיץ: „א וואונדערבארע העלדנטאט פון א קראָליק". „א קראָליק מיטן נאָמען שלאַכט־פערדל האָט באזיגט צוויי וועלטבארימטע ספּאָרט־הינט".

צווישן די באלעבאטים פון די הינט איז פאָרגעקומען א שטארקע קריגערײַ. מע האָט אָנערקענט, אז די שפּיל האָט זיך געענדיקט אפ גלײַך, און די הינט



האָט מען דערלאָזט צו א צווייטן גייעג, אָבער נאָך דער ערשטער שפּרינגערײַ זײַנען זיי געווען מיד, און דאָס מאָל זײַנען זיי געלאָפן שוואַך.

אפן צווייטן טאָג האָט מיקי זיך באגעגנט מיטן ברילייאַנטן־העגדלער. צו־פעליק, פארשטייט זיך.

— איר ווילט א סיגאַר, מיקי?

— א דאנק אײַך, סער! זיי זײַנען אזוי געשמאַק, אז איך וואָלט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון נאָך איינעם. איך דאנק אײַך זייער, סער.

## VIII

פון דעם טאָג אָן איז דאָס שלאַכט-פערדל געוואָרן דעם אירלענדערס שטאָלץ. דעם סטאַרטער סלײַמען האָט מען מיט קאָווער אומגעקערט זײַן שטעלע, און מיקין האָט מען אוועקגעשטעלט ווי פריער אראָפּלאָזן די קראָליקעס. מיקי האָט מיסגעפּילט די קראָליקעס און ניט די הינט, נאָר מער פאר אלץ האָט ער ליב געהאַט דאָס שלאַכט-פערדל, ווײַל ער איינער האָט זיך בארימט געמאַכט צווישן פינף הונדערט גאַנץ געבליבענע פון דער באַלאַגערונג. עס זײַנען געווען אויך אַנ־דערע, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם גאַנצן געלויף ביזן סאָף און זײַנען ארויס־געטראָטן אפ דער ארענע צו עטלעכע מאָל. אָבער בלויז איינ דזשעק איז דורכ־געלאָפן דעם גאַנצן מעהאַלעך, ניט אָפּקערנדיק קיין איין מאָל פון וועג. די גע־וועטן זײַנען פאָרגעקומען צוויי מאָל א וואָך. יעדעס מאָל פלעגן אומקומען פון פערציק ביז פופציק קראָליקעס. פון פינף הונדערט געפאנגענע איז אינגיכן קי־מאַט קיינער ניט געבליבן.



דאָס שלאַכט־פערדל האָט זיך באַטייליקט אין יעדן געוועט, און יעדעס מאָל דערגרייכט דעם האַפן. מיקי פלעגט וואַרן ווילד באַגײַסטערט, ווען ער פלעגט זיבן די סאַלאַנטן פון זײַן געליבטן קראָליק. ער האָט אופריכטיק ליב געהאַט דעם דינאַמישן שפּרינגער און האָט זייער הייס אײַנגערעדט אַלעמען, אז יעדער התנ דאַרף זיך האַלטן גרויס, ווען עס באַוויזט אים אַזאַ אויסגעצייכנטער יאַט.

אזוי זעלטן טרעפט, אז א קראָליק זאָל ביכלאַל דערלויפן ביזן האַפן. ווען דזשעק האָט דאָס דורכגעמאַכט זעקס מאָל, איינס נאָך איינס, ניט אָפּקערעווענדיק קיין איין מאָל פון וועג, האָט מען גענומען ריידן וועגן אים אין אַלע צײַטונגען. און נאָך יעדן געוועט האָט זיך באַוויזן א נאָטיץ: „דאָס שלאַכט־פערדל האָט

ווידער, קיינ איינ מאָל ניט פארקערעווענדיק, זיך באהאלטנ אינ האפנ. די אלטע פערמערס זאָגנ, אז אינ אונדזער צײַט זײַנעג ניטאָ קיינ גוטע הינט״.

נאָכנ זעקסטנ זיג זײַנעג אלע היטער פונ־די קראָליקעס פארכאפּט געוואָרנ פונ באגײַסטערונג, אונ זייער הויפּט־קאָמאנדיר מיקי איז געוועג אויסער זיך פאר פרייד.

— וואָס איר זאָלט ניט זאָגנ, נאָר מע דארפ אים אָפּלאָזנ אפ דער פרײַ. ער האָט פארדינט זײַנ פרײַהײַט ניט ערגער פונ יעדנ אמעריקאנער בירגער, — אזוי האָט ער געזאָגט, האָפנדיק צו ווירקנ אפנ פאטריאָטישנ געפיל פונעם אָר־דענונג־האלטער, וועלכער איז פאקטיש געוועג דער באלעבאָס פונ די קראָליקעס.

— גוט, מיקי, ווענ עס וועט דערגיינ ביז דרײַצנ מאָל, קאָנסטו אים אָפּ־שיקנ צוריק אהיים, — איז געוועג דער ענטפער.

— פאָלגט מיך, סער, לאָזט אים אָפּ איצטער.

— ניינ, ניינ, איך דארפ אים האָבנ, קעדיי אָנצולערנעג עטלעכע נײַע הינט.

— נו, בלײַבט אזוי, ווי איר זאָגט, סער: דרײַצנ מאָל, אונ ער איז פרײַ.

דערווײַל האָט מענ געבראכט א נײַע פארטיע קראָליקעס, אונ איינער פונ זיי האָט זיך ארויסגעוויזנ לויט זײַנ באפארבונג זייער ענלעך אפנ שלאכט־פערדל, כאָטש געלאָפנ איז ער ניט אזוי גיך. קעדיי אויסצומײַדנ א טאָעס, האָט מיקי ארײַנגעכאפּט דאָס שלאכט־פערדל אינ א קאסטנ אונ אָפּגעשטעמפּלט אים די אויערנ· אפנ דינעם כריאשטש האָט זיך בוילעט אָפּגעזעצט א שטערנדל, אונ מיקי האָט אויסגעשריִענ:

— דו וועסט באקומענ א שטערנדל פאר יעדנ געיעג, — אונ ער האָט דורכגע־קלאפּט אפנ רעכטנ אויער זעקס צייכנס איינעם לעבנ אנדערנ.

— איצטער איז אלצ אינ אָרדענונג, שלאכט־פערדל. דו וועסט זײַנ דער פרײַס־טער פונ די פרײַסטע קראָליקעס, ווענ דו וועסט זיך פארדינענ דרײַצנ שטערנ. אפ אונדזער פאָנ האָבנ זיך אויך באוויזנ דרײַצנ שטערנ, ווענ מיר האָבנ פארדינט אונדזער פרײַהײַט*).

אינ דער נאָענטסטער וואָך האָט דאָס שלאכט־פערדל באזיגט נײַע יאגד־

*) די פאריייניקטע שטאטנ זײַנעג נאָך דעמ, ווי זיי האָבנ זיך באפרײַט פונ אונטער ענגלאנדס מאכט, באשטאנענ סאכאקל פונ דרײַצנ שטאטנ — דערפאר איז לעכאטכילע אפ דער אמעריקאנישער פאָנ געוועג אינגאנצנ דרײַצנ שטערנ, איצטער האָט די צאָל שטאטנ דערגרייכט ביז נײַנ׳ אונ פערציק, אונ אנטשפּרעכיק דערצו האָט זיך פארגרעסערט די צאָל שטערנ אפ דער פאָנ.



הינט, און די שטערן זײַנען שוין אריבער פונעם רעכטן אויער אפן לינקן. נאָך א וואָך, און בא אים זײַנען שוין געוואָרן דרײַצן שטערן: זעקס אפן לינקן אויער און זיבן אפן רעכטן.

די צײַטונגען האָבן גערויש מיט זײַנע העלדנטאטן.

— אַהאָ — האָ — האָ! — האָט זיך געפרייט מיקי, — דו ביסט איצטער, שלאכט־פערדל, א פרײַער קראָליק! דרײַצן — א גליקלעכע צאָל! קיינמאָל האָט זי מיך נים אפגענארט.

# IX

— יאָ, יאָ, איך ווייס, אז איך האָב צוגעזאָגט, — האָט געזאָגט דער אָרדע־נונג-האלטער, - אָבער מיר ווילט זיך ארויסלאָזן אים אפ דער ארענע נאָך איין מאָל. איך האָב געשטעלט אפ אים א סומע געלט קעגן איינעם פון די נײַע הינט. איצטער איז דאָס פאר אים נים געפערלעך. ער וועט גלענצנד זיך ספראווען. נו, גענוג דיר, מיקי, זיך שפארן. אָט לויפן דאָך די הינט צו צווי, צו דרײַ מאָל א טאָג. פארוואָס זאָל דער קראָליק נאָכאמאָל זיך נים דורכלויפן.

— די הינט ריזיקירן נים מיטן לעבן, סער.

— נו, גענוג, פארנעם זיך.

אין דער פארצוימונג זײַנען צוגעקומען א סאך נײַע קראָליקעס: גרויסע און קליינע, פרידלעכע און קריגערישע. איינער א וווקסיקער קראָליק מיט א ווילדן כאראקטער האָט, זעענדיק אינדערפרי, ווי דזשעק האָט האסטיק זיך אומגעקערט אין האפן, אויסגענוצט די געלעגנהײַט, קעדיי אָנצופאלן אפ אים.

אין אן אנדער צײַט וואָלט דזשעק אים אזא פיק געגעבן איבערן שארבן, ווי ער האָט עס געטאָן איינמאָל מיט דער קאץ, און וואָלט טייקעף פאַטער גע־וואָרן פון אים. אָבער איצט האָט דער געשלעג זיך פארצויגן. די קלעפ, וואָס ער האָט באקומען פארן געלויף, האָבן געווירקט אפ זײַן פלינקײַט.

דער אָנהייב פון דעם דאָזיקן געוועט האָט זיך מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון די פריערדיקע געוועטן. דאָס שלאכט-פערדל האָט זיך געטראָגן לײַכט און נידע־ריק מיט אופגעהויבענע אויערן. אין די דרײַצן שטערן האָט געפײַפט א ווינטל. גלײַך נאָך אים האָבן אומגעדולדיק זיך געריסן מינקע מיטן נײַעם הונט פאנגאָ, אָבער צו דער פארחידעשונג פון די סטארטערן האָט דער מעהאלעך צווישן די הינט און דעם קראָליק זיך אלץ פארקלענערט. דאָס שלאכט-פערדל האָט אָנגע־

הייבנ לויפנ לאנגזאמער, אונ פונקט פאר דער גרויסער טריבונע האָט דער אלטער מינקע געצווּנגענ אימ צו פארקערעווענ. די צושויער האָבנ זיכ צעשריִענ פונ באווּסטערונג, ווײַל אלע האָבנ גוט געקענט די אָנטײלנעמער פונעמ געוועט. ניט דורכגעייענדיק קיינ פופציק שפאנ, האָט פאנגאָ פונ זײַנ זײַט אראָפּגעשלאָגנ דעמ קראָליק פונ וועג, אונ דער געיעג האָט זיכ אומגעקערט גלײַכ צומ סטארט. דאָרטנ זײַנענ געשטאנענ סלײַמענ אונ מיקי. דער קראָליק האָט לאווירט, די הינט האָבנ זיכ געוואָרפנ נאָכ אימ. אינ דער זעלבער רעגע, ווענ עס האָט זיכ שוינ געדאכט, אז זײַנ אומקומ איז אומפארמײַדלעכ, האָט דאָס שלאכט-פערדל א שפרונג געטאָנ גלײַכ אפ מיקינ. מיקי האָט אימ א כאפ געטאָנ אפ די הענט, אָפּשלאָגנדיק זיכ מיט די פיס פונ די צערייצטע הינט. א סאָפּעק, צי דזשעק האָט פארשטאנענ, אז מיקי איז אימ א פרײַנט. ער האָט בלויז נאָכגעפאָלגט דעמ ווּנדערבארנ אינסטינקט, וואָס באפוילט לויפנ פונ א זיכערנ סוינע צו א מעגלעכנ פרײַנט. אָבער, לויט א גליקלעכנ צופאל, האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז קליגערס פונ דעמ וואָלט ער גאָרניט געקאָנט טאָנ. פונ די טריבונעס האָבנ זיכ געלאָזט הערנ צופרידענע אויסרופנ, ווענ מע האָט דערזענ מיקינ לויפנ צוריק מיטנ קראָליק אפ די הענט. אָבער די באלעבאטימ פונ די הינט האָבנ פראָטעסטירט: „דער געוועט איז ניט קיינ ריכטיקער, מע דארפ דערפירנ די זאכ ביזנ סאָפ!" זיי האָבנ זיכ געווענדט צומ אָרדענונג-האלטער. יענער האָט געשטעלט אפ דזשעקנ קעגנ פאנגאָ. ניט צופרידנ פונעמ דורכפאל, האָט ער באשטימט א נײַעמ געיעג.



מיט גרויס מי האָט מיקי קוימ ארויסגעבעטנ פארנ קראָליק כאָטש א שאָ אָפּרו. אונ אָט האָט דזשעק ווידער געלאָזט זיכ לויפנ, אונ פאנגאָ אונ מינקע פוסטריט נאָכ אימ. איצטער איז ער געלאָפנ בעסער איידער דאָס פאָריקע מאָל. אָבער קימאט לעבנ דער טריבונע האָט אימ געצווּנגענ צו פארקערעווענ אפריִער פאנגאָ, דערנאָכ מינקע. ער איז געשפּרונגענ אפ רעכטס אונ אפ לינקס, ווילד וואָרפנדיק זיכ פונ איינ זײַט אינ א צווייטער אונ קוימ ארויסגליטשנדיק זיכ פונ זײַנע פײַנט. אזוי האָט געדויערט עטלעכע מינוט. מיקי האָט געזענ, אז דזשעקס אויערנ הייבנ אָנ אראָפּצוהענגענ. דער נײַער הונט האָט א שפרונג געטאָנ צו אימ. דזשעק האָט זיכ דורכגעגליטשט קימאט אונטער זײַנ בויכ אונ א קערעווע געטאָנ צוריק בלויז צוליב דעמ, קעדיי באגעגענענ זיכ מיטנ צווייטנ הונט. איצטער זײַנענ ביידע אויערנ זײַנע געלעגנ פלאטשיק אפ דער פלייצע, אָבער די הינט האָבנ אויכ אָנגעהויבנ מיד צו ווערנ. זייערע צינגער האָבנ זיכ געבויטעט. זייערע קינ-

באקנ און די אופגעבלאָזענע ווײַטנ זײַנענ געווענ באדעקט מיט שוים. די אויערנ פונעם שלאכט־פערדל זײַנענ ווידער אופגעפלויגנ ארופ. עס האָט זיכ געדוכט, אז די מידקײַט פונ די הינט האָט אימ אומגעקערט זײַנ מונטערקײַט. ער האָט זיכ א לאָז געטאָנ מיט א גלײַכער ליניע צומ האפנ. אָבער די גלײַכע ליניע איז געווענ גרינגער פונ אלעמ איבעריקנ פאר די הינט. און ניט מאכנדיק אפילע קײנ הונדערט שפאנ, האָט ער שוינ געמוזט פארקערעווענ און אָנהײבנ ווידער די פארצווײפלטע שפיל פונ זיגזאגנ. די באלעבאטים זײַנענ געוואָרנ אומרויִק פארנ געזונט פונ זײערע הינט. און מע האָט אראָפגעלאָזט צוויי פרישע יאגדהינט. די וועלנ שוינ זיכער מאכנ א סאָפ צומ קראָליק. די ערשטע צוויי האָבנ זיכ ארויסגעשלאָגנ פונ די קויכעס, ניט געקאָנט מער כאפנ דעמ אָטעמ, אָבער די צוויי נײַע האָבנ זיכ אָנגערוקט אפ אימ. דאָס שלאכט-פערדל האָט אָנגעשטרענגט די לעצטע קויכעס, עס האָט איבערגעלאָזט די ערשטע צוויי ווײַט הינטער זיכ. קימאט שוינ דערגרײכט דעמ האפנ, ווענ עס זײַנענ אונטערגעלאָפנ די צווײטע.

קײנ זאכ, אויסער לאווירונג, האָט אימ איצטער ניט געקאָנט ראטעווענ. זײַנע אויערנ זײַנענ אראָפגעהאנגענ, און דאָס הארצ האָט זיכ געקלאפט אָנ די ריפנ, אָבער זײַנ גײַסט איז געווענ נאָכ שטארק. ער האָט זיכ געוואָרפנ אינ די סאמע אומזיניקסטע זיגזאגנ. די הינט האָבנ זיכ אָנגעשטויסנ אײנער אָנ אנדערנ. עס האָט זיכ געדאכט אָט-אָט וועלנ זײ אימ כאפנ. אײנער פונ זײ האָט אימ אָפגעצופט דעמ שפיצ פונ זײַנ לאנגנ שווארצנ עק, און פונדעסטוועגנ האָט ער זיכ ארויסגעדרײט. אָבער דערגרײכנ דעמ האפנ האָט ער שוינ ניט געקאָנט. דאָס מאזל האָט פונ אימ זיכ אָפגעקערט. קעגנ זײַנ ווילנ האָט ער ווידער זיכ אומגעקערט צו דער גרויסער טריבונע. טויזנטער דאמענ האָבנ געקוקט אפ אימ. דער טערמינ פונעם געיעג האָט שוינ געהאלטנ באמ סאָפ. די צווײטע פאָר הינט האָבנ שוינ אויכ אָנגעהויבנ מיד ווערנ. פלוצלינג איז אפ זײ אָנגעפלויגנ מיקי, אויסשרײַענדיק אומזיניקע זידל־ווערטער:

— נישטיקע באשעפענישנ! מיִעסע אויסוואורפנ! — און ער האָט בײז זיכ געוואָרפנ צו די הינט, מיט א קלאָרנ מײנ זײ צו צעשעדיקנ.

מיט געשרײ זײַנענ זיכ צונויפגעלאָפנ די דינער און אָפגעשלעפט מיקינ, וועלכער האָט געאָטעמט מיט האס און געהאלטנ אינ אײנ זידלענ סײַ די מענטשנ סײַ די הינט.

— א רײנע שפיל! אָט דאָס רופט זיכ בא אײַכ רײנע שפיל! איר, ליגנער! איר, שמוציקע אויסוואורפנ, בלוטדאָרשטיקע פאכדאָנים!

מע האָט אים אוועקגעשלעפּט פון דער ארענע. דאָס לעצטע, וואָס ער האָט דערזען, איז געווען פיר הינט, וואָס יאָגן מידערהייס א שוואכן פאַריאָגטן קראָ־ליק, און דעם ריכטער אפן פערד, וואָס גיט א צייכן צום מענטשן מיט דער ביקס.

די טויערן האָבן זיך פארמאכט הינטער אים. מיקי האָט דערהערט צוויי שאָסן, אן אומגעוויינלעכן טומל פון קוילעס, חאָס האָבן זיך צונויפגעמישט מיט א קוויטשעריי פון הינט, און ער האָט פארשטאנען, אז דזשעקן, דעם שלאַכט-פערדל, האָט מען אונטערגעטראָגן דעם פינאַל נומער 4.

זיין גאנצע לעבן האָט מיקי ליב געהאט הינט, אָבער די דאָזיקע ניט ריינע שפּיל האָט אים אָנגעצונדן. אפן לויף־פּלאַץ וועט מען אים ניט ארויסלאָזן. ניט לאנג טראכטנדיק, האָט מיקי זיך געלאָזט לויפן איבער דער סטעשקע צום האפן. ער איז צוגעלאָפן פונקט צו דער צייט און באוויזן נאָך צו זען, ווי דזשעק, דאָס שלאַכט-פערדל, שלעפּט זיך צום האפן מיט האלב-אראָפּגעהאנגענע אויערן. ער האָט גלייך פארשטאנען, אז דער שיסער האָט א טאָעס געהאט און געטראָפן ניט אין דעם, אין וועמען מע האָט באדארפט.

דער האמויג בא דער טריבונע האָט געקוקט אף די צוויי מענטשן, וואָס האָבן אוועקגעטראָגן דעם פארוואונדעטן הונט, אין דער צייט, ווען דער וועטערינא־רער פעלדשער האָט זיך געפּאָרעט מיטן צווייטן הונט, וואָס האָט זיך געוואלגערט אף דער ערד.

מיקי האָט זיך ארומגעקוקט, געכאפּט איינס פון די קעסטלעך, אוועקגעשטעלט עס אין א ווינקל פונעם האפן און זאָרגזאם פארטריבן אהינצו דעם אויסגעמא־טערטן קראָליק. ער האָט פארמאכט דאָס דעקל און איז דערנאָך מיטן קעסטל אונטערן אָרעם אריבערגעקראָכן אריבער דער גראטע. אינעם טומל האָט אים קיי־נער ניט באמערקט, און ער איז פארשוואונדן.

אלציינס וואָלט מען אים פארטריבן! מיקי האָט זיך אוועקגעלאָזט צופוס אין שטאָט. ארייַנגעזעצט זיך אין צוג אף דער נאָענטסטער סטאנציע. אָפּגעפאָרן עטלעכע שאָ, איז ער אראָפּגעשטיגן אינעם לאנד פון די קראָליקעס. די זון איז שוין לאנג פארגאנגען, און איבערן פעלד איז געשטאנען א שטערנדיקע נאכט, ווען מיקי האָט פאָרזיכטיק געעפנט דאָס קעסטל, און דאָ, צווישן פערמעס, שטעכל־קעס און גראָזן, פאָרזיכטיק ארויסגעלאָזט דאָס שלאַכט-פערדל אף דער פריי. ער האָט א שמייכל געטאָן אין דער גאנצער ברייט פון זיין מויל און געזאָגט:





— דאָס אלטע אירלאנד קאָן שטאָלצירן — אים איז נאָך אמאָל באשערט געווען ארויסצולאָזן אפ דער פרײַ דרײַצן שטערן.

עטלעכע רעגעס האָט דאָס שלאכט-פערדל זיך ארומגעקוקט, ניט פארשטייענדיק וואָס דאָ קומט פאָר, דערנאָך געמאכט דרײַ אָדער פיר לאנגע שפרונג און איינעם אן אויסשפיר־שפרונג, קעדיי צו באקוקן דאָס אָרט. ערשט דעמלט האָט ער פאנאנדערגעוויקלט מיט די שטערן באפוצטע זײַנע אויערן און זיך אוועקגעלאָזט צו דער פרײַהײַט, וועלכע ער האָט מיט אזויפיל מי דערראָבערט, א מוטיקער, א שטארקער, וױ שטענדיק, און איז פארשוווּנדן אין דער פינצטערניש פון זײַנע ליבע פליינען.

פון דעמלט אָן האָט מען אים ניט איין מאָל געזען אין קאסקאדאָ. א סאך באלאגערונגען זײַנען פאָרגעקומען אין דעם דאָזיקן אָרט, אָבער, ווײַזט אויס, ער האָט דערפונדן א נײַ מיטל, וויאזוי צו ראטעווען זיך פון מענטשן, ווײַל צווישן אלע טויזנטער פאריאָגטע און געכאפטע קראָליקעס האָט מען מער קיין איין מאָל ניט געכאפט דעם קראָליק מיט די שטערן אפ די אויערן — דזשעק — שלאכט-פערדל.



# ארנאָ

I

מיר זײַנען אַרײַן אין א זײַטיקער טיר פון א גרויסער שטאַל אפ דער מײַרעוודיקער נײַנצנטער גאַס. דער שוואַכער רייעך פון ציכטיקע סטוילעס האָט געזונקען אין צאַרטן אראָמאַט פון היי. אופגעהויבן זיך אפ א לייטער, זײַנען מיר ארופגעקומען אפ א לאַנגן בוידעם. דער דאָרעמדיקער עק בוידעם איז געווען ארומגעצאַמט, און די באַקאַנטע „קו־ו־ו, קו־קו־ו, רוק־עט־ע־קו", אויסגעמישט מיט „אוירר, אוירר, אוירר" פון פליגל, האָט אונדז געגעבן צו וויסן, אז מיר געפינען זיך אין א טויבנשלאַק.

אין דעם דאָזיקן טויבנשלאַק האָבן געלעבט באַוווּסטע פייגל, און אין דעם זעלבן טאָג האָט געדאַרפט פאָרקומען א פאַרמעסט צווישן פופציק יונגע טויבן. דער באַלעבאָס פונעם טויבנשלאַק האָט מיך אײַנגעלאַדן, איך זאָל זײַן א ריכטער אין דעם דאָזיקן געוועט.

קעדיי די טויבן זאָלן זיך טרענירן, מוז מען אײַנאָרדענען געיעגן. א פאָר מאָל האָט מען זיי, די יונגע טײַבעלעך, שוין ארויסגעטראָגן צוזאַמען מיט די עלטערן אין פעלד און ארויסגעלאָזט אפ דער פרײַ, קעדיי זיי זאָלן זיך אויסלערנען צוריקקערן זיך אין טויבנשלאַק. איצטער איז זיי פאָרגעשטאַנען דער ערשטער זעלבשטענדיקער ארויספלי אָן די עלטערן. ארויסלאָזן זיי האָט מען באַשלאָסן אינעם דאָרף עליזאַבעט. מיך האָט פאַרוווּנדערט, וואָס אזעלכע יונגע טויבן צווינגט מען פון סאַמע אָנהייב אָן צו פליִען אפ אזא גרויסן שטעטעך.

— די זאַך באַשטייט אין דעם, — האָט באַמערקט דער טויבן־טרענירער, — וואָס אפ אזא אופן ווערן מיר פּאָטער פון טויגעניכצן. עס קערן זיך אום בלויז די בעסטע פון די טויבן, און זיי טאַקע דאַרפן מיר האָבן.



אלע אָנגעשטעלטע פונעם טויבנשלאק און א סאך שכיינים ליבהאָבער האָבן זיך פארוועט אפ באזונדערע טויבן. זיי האָבן באשטימט צווישן זיך א פריז פארן זיגער. מיר, ווי א ריכטער, איז פאָרגעשטאנען צו באשטימען, וועלכע טויב האָט געוווּנען דעם פריז. פארן זיגער האָט באדארפט זיך רעכענען ניט די טויב, וואָס וועט זיך אומקערן די ערשטע, נאָר די, וואָס וועט די ערשטע אריַין אין טויבן-שלאק. וויַיל א טויב, וואָס קערט זיך אום בלויז אין שכיינעס פון איר ווינונג און קומט ניט גליַיך אהיים, איז א שלעכטער בריוונטרעגער.

טויבן, וואָס פליִען אהיים, פלעגט מען אין די פריִערדיקע צײַטן רופן קור-יערן. אָבער איצט רופט מען אזוי בלויז דעם מין מוסטער-טויבן מיט אומגעהייער אנטוויקלטע אויערינגלעך. א בריוונטרעגער הייסט איצטער — אומקער־טויב, — א טויב, וואָס קערט זיך שטענדיק אום אהיים. די דאָזיקע טויבן צייכענען זיך ניט אויס מיט באזונדערער באפארבונג און זיי פארמאָגן ניט יענע פאנטאסטישע באפוצונגען, וואָס טויגן פאר פייגל-אויסשטעלונגען. זיי האלט מען ניט אפ באוויַיז, נאָר דערפאר, וויַיל זיי זיַינען פלינק און קלוג. פון זיי פאָדערט זיך איבערגעגעבנקיַיט צו זייער היים און פייִקיַיט די היים אָפצוזוכן אָנעם מינדסטן טאָעס. איצטער האָט מען אויסגעפונען, אז דער געפיל פון ריכטונג געפינט זיך אין. די ביינערדיקע זיגזאגן פונעם אויער. ניטאָ אפ דער וועלט אזא באשעפעניש, וואָס זאָל האָבן א פיַינערן געפיל פון ריכטונג, איידער א גוטע אומקער-טויב. אזא טויב קאָן מען שטענדיק דערקענען לויט די גרויסע רעליעפן אפ די אויערן און לויט די מעכטיקע פליגל.

און אָט איז איצטער פאָרגעשטאנען אויסצופרווון די פיזישע און גיַיסטיקע פייִקיַיטן פונעם טויבן-יונגווארג.

ניט געקוקט אפ דער אָנוועזנהיַיט פון א סאך איידעס, האָב איך פונדעסט־וועגן געהאלטן פאר זיכערער צו פארשליסן אלע טויבן-טירלעך אויסער איינס און שטיין גרייט צו פארמאכן דאָס, ווי נאָר די ערשטע טויב וועט אריַינפליִען אין טויבנשלאק.

איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט דעם טאָג. מע האָט מיך געוואָרנט, אז די טויבן לאָזט מען ארויס צוועלף אזייגער. האלב איינס דארפן זיי שוין זיַין דאָ, אָבער מע דארף גוט אכטונג געבן - זיי קומען צו פליִען, ווי א חיכער. דו באמערקסט קוים, ווי זיי פליִען אריַין אין טויבנשלאק.

מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט הינטער דער וואנט אינווייניק אינעם טויבן־

שלאק. יעדערער איז צוגעפאלן מיטן אויג צו א שפארונע אָדער צום עטוואָס אָפענעם טירל און נײַגעריק זיך אײַנגעקוקט אין דאָרעם־מײַרעווריקן האָריזאָנט. פּלוצלינג האָט עמעצער אויסגעשריִען:

— קוקט, אָט זײַנען זיי!

א ווײַסער וואָלקן האָט נידעריק זיך דורכגעטראָגן איבער די שטאָטישע דע־כער, ארומגעבויגן דעם הויכן קוימען. עס זײַנען ניט דורך קיין צוויי רעגעס, ווי די טויבן זײַנען שוין געווען אפן אָרט. דאָס באַווײַזן זיך פונעם ווײַסן וואָלקנדל, דער שאָרך פון די פליגל — דאָס אלץ איז געווען ביז גאָר אומגעריכט. ווי איך האָב זיך ניט געגרייט, האָט דאָס מיך פונדעסטוועגן געטראָפן ניט צוגעגרייט. מײַן אָרט איז געווען באם איינציק אָפענעם טירל. א בלויע פײַל האָט דורכגעפײַפט פארבײַ מיר, אָנגערירט מײַן פּאָנעם מיט די פליגל, און איך האָב קוים באוויזן אראָפּצולאָזן דאָס טירל, ווי עס האָט זיך אופגעהויבן א געפילדער:

— ארנאָ! ארנאָ! איך האָב אײַך געזאָגט, אז ער וועט זיגן! אָך, דו גאָלד מײַנער! סאכאקל דרײַ כאדאָשים אלט, און שוין גענומען א פריז — פרייד דו מײַנע.

און ארנאָס באלעבאָס איז געשפרונגען פון פרייד. געפרייט האָט ער זיך מע־רער מיטן פויגל, איידער מיט דער געוווּנענער פרעמיע.

אלע האָבן זיך צוגעזעצט אפ די שפּיץ פינגער ארום דער טויב און מיט אָפּ־שײַ באקוקט דעם זיגער, וואָס האָט אפריִער ארויפגעשלונגען א היפּש ביסל וואַ־סער און דערנאָך ערשט זיך גענומען צום עסן.

— קוקט אָן דאָס דאָזיקע אויג, די דאָזיקע פליגל. איר האָט שוין אמאָל געזען אזא ברוסט? אָ, דאָס איז דאָך א יונג מיט ביינער, — האָט געפלוידערט זײַן באלעבאָס, ווענדנדיק זיך צו די איבעריקע פארשעמטע באלעבאטים, וועלכע האָבן שוין גראָד געשוויגן.

דאָס איז געווען ארנאָס ערשטע העלדנטאט. ארנאָ איז געווען די בעסטע פון פופציק אָפּגעקליבענע טויבן און אים איז פאָרגעשטאנען א גלענצנדיקע קאר־יערע. ער האָט באקומען א זילבערן רינגעלע, מיט וועלכן מע באלוינט די בעסטע טויבן. אפן רינגל איז געקריצט אויסגעקריצט זײַן נומער 2590 C, — א נומער, וועגן וועלכן ליבהאָבער ריידן נאָך ביז איצט מיט באגײַסטערונג. אינגאנצן האָבן אין טויבנשלאק זיך אומגעקערט פערציק טויבן. אזוי קומט פאָר קימאט שטענדיק. איינ־קע זײַנען אָפּגעשוואכט געוואָרן און אָפּגעשטאנען, אנדערע האָבן זיך אראָפּ־

געשלאָגן פון וועג איבער זייער נארישקייט. מיטן דאָזיקן פּאַשעטן אָפּקלייַב-מיטל דערגרייכן די באַלעבאַטים פון די טויבן א שטענדיקע פאַרבעסערונג פון דעם מין. פון די צען אָפּגעשטאַנענע זייַנען פינף אינגאַנצן ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, די איבעריקע פינף האָבן זיך אומגעקערט שפּעטער אינעם זעלבן טאָג, ניט מיט-אַמאָל, נאָר איינע נאָך דער אַנדערער. די לעצטע איז געקומען א גרויסע ניט ־רירעוודיקע אַש־קאָלירענע טויב. דער ארבעטער פונעם טויבנשלאַק האָט זי באַמערקט און געזאָגט:

— אָט איז ער, יענער טעמפּער, דער אַש־קאָלירענער, אַף וועלכן דזשעק האָט געשטעלט. איך האָב ניט געטראַכט, אַז ער וועט זיך אומקערן: שוין א צו גרוי-סער זאַב בא אים.

דער גרויסער, דער אַש־קאָלירענער, וועלכן מע האָט אויך גערופן „ווינקל-דיקער", ווייַל ער איז געבאָרן געוואָרן אין דער ווינקלדיקער נעכט. האָט זיך פון די ערשטע טעג אָן אויסגעצייכנט מיט זעלטענער קראַפט. ניט געקוקט דערויף, וואָס אַלע טויבן זייַנען געהאָדעוועט בעערעך פון איין עלטער, איז ער גיך אַריבער-געוואַקסן אַלע און איז געוואָרן שענער פון זיי.

ער האָט, ווייַזט אויס, זיך איבערגענומען מיט זייַן קראַפט און שיינקייט און פון דער יוגנט אָן ניט ליב געהאַט צו שוימען שוואַכע. זייַן באַלעבאָס האָט אים פאָרויסגעזאָגט א גרויסע צוקונפט, אָבער דער קאָניוך בילי האָט ניט געהאַט קיין צוטרוי צו זייַן לאַנגן האַלדז און גרויסן זאָב, צו זייַן ניט רירעוודיקייט און שווע-רער וואָג.

— קאָן דען א פויגל גוט פליִען מיט אַזאַ פוכיר אַפן האַלדז? און די לאַנגע פיס גיבן אויך צו וואָג, — האָט מיט פאַראַכטונג געבורטשעט בילי, אופּראַמענדיק אינדערפרי דעם טויבנשלאַק.

## II

נאָכן ערשטן פלי האָבן די אויספרווון אָנגעהויבן פאָרקומען יעדן טאָג אין איין און דער זעלבער צייַט. דער מעהאַלעך האָט מיט יעדן טאָג זיך פאַרגרע־סערט אַף פינף און צוואַנציק, דרייַסיק מייַל. און די ריכטונג האָט זיך געביטן אַזוי לאַנג, ביז די טויבן האָבן זיך באַקענט מיט אַלע אומגעגנטן פון ניו-יאָרק אַף א הונדערט פופציק מייַל אַרום. פון פופציק פייגל זייַנען געבליבן זאַכאַל



צוואַנציק, ווײַל די שטרענגע דערציִונג וואַרפט אָפּ ניט נאָר די שוואַכע און אומפּייִקע, נאָר אויך יענע, וואָס ווערן צופעליק קראַנק, אָדער וואָס פאַלן אַרײַן אין אַן אומגליק, אָדער וואָס האָבן צו זאַט זיך אָנגעגעסן פאַרן געיעג. אינעם טויבנשלאַק זײַנען געווען אַ סאַך שיינע פייגל, ברוסטיקע, קלאָר-אויגיקע און לאַנגפליגלדיקע, וואָס זײַנען באַשאַפן געוואָרן צו דינען דעם מענטשן אין אַ מינוט פון ערנסטער נויט. זייער באַפאַרבונג איז געווען דערהויפּט אַ ווײַסע, אַ רויכקאָליריקע אָדער אַ ברוינע. זיי האָבן ניט געהאַט קיין באַשטימטן קאָליר, נאָר יעדע פון די פאַרבליבענע אויסדערוויילטע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גלאַנצנדיקע אויגן און פוכקע אויערן פון דעם העכסטן אומקער־מין, און דער בעסטער און אויסדערוויילטסטער פון אַלע איז געווען דער קליינינקער אַרנאָ. זיצנדיק אין דער היים, האָט ער ווייניק וואָס זיך אויסגעצייכנט פון די אַנדערע, ווײַל איצטער זײַנען שוין קימאַט אַלע טויבן געווען באַצירט מיט זילבערנע רינגען. אָבער אינדערלופטן האָט ער גלײַך געלאָזט זיך דערקענען. ווי נאָר מע פלעגט עפענען די קוישן, אַזוי פלעגט אַרנאָ דער ערשטער אופליִען, אופהייבן זיך אָפּ דער נייטיקער הייך, טרעפן דעם וועג אַהיים און אָן טאָעס זיך טראָגן פאָרויס, ניט אָפּשטעלנדיק זיך ניט צוליב עסן, ניט צוליב טרינקען, ניט צוליב פאַרווײַלונג.

ניט געקוקט אָפּ ביליס בייזע נעוויִעס, האָט דאָך דער גרויסער אַש-קאָליריקער פון דער ווינקלדיקער נעסט זיך אַרויסגעוויזן צווישן די צוואַנציק אויסדערוויילטע. ער האָט אָפּט פאַרשפּעטיקט אין וועג און האָט זיך קיינמאָל ניט אומגעקערט דער ערשטער. אומקערנדיק זיך פיל מאָל אָפּ עטלעכע שאָ שפּעטער פון אַלע אַנדערע, האָט ער אָבער ניט אַרויסגעוויזן ניט קיין הונגער, ניט קיין דאָרשט, — אַ קלאָרער סימען, אַז ער האָט זיך ערגעץ־ווו זאַט אָנגעגעסן. נאָר ווי עס זאָל ניט זײַן, אומגעקערט האָט ער זיך יעדעס מאָל, און אָפּ זײַן פיסל האָט מען, ווי בײַ אַלע איבעריקע, געקאָנט זען דעם הייליקן רינג מיט אַ נומער. ביליִ האָט זיך באַצויגן מיט פאַראַכטונג צו דעם אַש-קאָליריקן, אָבער דער באַלעבאָס פלעגט זאָגן:

— האָב צײַט, ווער עס ווערט גיך רײַף, דער פאַרוויאַנעט גיך. איך האָב שטענדיק באַמערקט, אַז דער בעסטער פויגל לאָזט זיך דערקענען שפּעטער פון אַנדערע.

עס איז ניט דורך קיין יאָר, ווי דער קליינינקער אַרנאָ האָט געשלאָגן אַ

רומפולן רעקאָרד. שווערער פון אלץ איז פליִען איבערן יאם, ווו עס איז ניטאָ קיין האָפּענונג צו דערקענען דעם וועג לויט וועלכע־ניט־איז סימאָנים. נאָך ערגער איז, ווען עס קומט אויס צו פליִען אין נעפל. ווען מע זעט אפילע ניט די זון. אָבער ווען דער זיקאָרן, דער אויער און דאָס אויג זײַנען אומעכטיק, דעמלט בלײַבט פונדעסטוועגן בא א טויב דער אײַנגעבאָרענער געפיל פון ריכטונג. בלויז שרעק קאָן פארגיכערן דעם דאָזיקן געפיל. אָט פארוואָס עס איז נייטיק, אז צווישן די כעכטיקע פליגל זאָל זיך געפינען א מוטיק הארץ.

ארנאָ מיט צוויי פון זײַנע כאווײרים האָט מען איבערגעגעבן אפ א שיפ, וואָס איז נעגאנגען קיין איירָאָפּע. מע האָט גערעכנט ארויכלאָזן זיי, ווען די שיפ וועט ארויס אין אָפענעם יאם, אָבער דער אומדערווארטער געדיכטער נעפל האָט געצוווּנגען זיך אָפּהאלטן פון אָפּלאָזן די טויבן. די שיפ האָט זיי אוועקגעפירט ווײַטער. די טויבן האָט מען זיך געקליבן אָפּשיקן צוריק מיט דער ערשטער אנטקעגנדיקער שיפ.

נאָך צען שאָ שווימען איז די מאשין קאַליע געוואָרן, דער נעפל איז געוואָרן געדיכטער, און די שיפ איז געבליבן הילפלאָז און פארוואָרפן אינמיטן יאם. דאָס איינציקע, וואָס מע האָט געקאָנט טאָן, דאָס איז — פײַפן נאָך הילף. אָבער אויך דאָס האָט ניט געהאָלפן. דעמלט האָט מען זיך דערמאָנט אָן די טויבן. דער אויסוואל איז געפאלן אפ סטארבעקן, נומער C 2592. אפ א שטיקל פערגאמענט־פאפיר האָט מען אָנגעשריבן א צעטעלע, צונויפגעוויקלט אין א טרײַבעלע און צוגעבונדן פון אונטן צו די פעדערן פונעם עק. סטארבעק האָט א פליי געטאָן אינדערלופטן און איז פארשוווּנדן.

אין א האלבער שאָ ארום האָט מען ארויסגעלאָזט אויך דעם גרויסן אש־קאָליריקן פון דער ווינקלדיקער נעסט, נומער C 2600. די דאָזיקע טויב האָט אויך זיך אופגעהויבן אינדערלופטן, אָבער קימאט טייקעף זיך אומגעקערט צוריק און אראָפּגעלאָזט זיך אפ דער שיפ. ער האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט פאר שרעק. בעשומויפן האָט מען ניט געקאָנט אים צווינגען פארלאָזן די שיפ. ער איז געווען אזוי אָנגעשראָקן, אז ער האָט אָן שום שטערונג געלאָזט זיך כאפן און ארײַנרוקן אין שטײַג ארײַן.

האָט מען איצטער גענומען די דריטע — א קלײנינקע יאָדערדיקע טויב. די כאכראָסן האָבן ניט געהאט וועגן איר קיין שום פאָרשטעלונג, זיי האָבן נאָר פארצייכנט דעם נאָמען און דעם נומער אפן רינג: ארנאָ C 2590. פאר זיי האָט

די אופשריפט גאָרניט באַטײַט. אָבער דער מאַטראָס, וואָס האָט אים געהאַלטן, האָט באַמערקט, אַז זײַנע הערצקלאַפּן זענען ניט אַזוי שטאַרק, ווי בײַ דער פריערדיקער טויב. מע האָט אָנגעטאָן אויף אים דאָס צעטעלע, וואָס מע האָט אַראָפּגענומען פון דעם גרויסן אַש־קאָליריקן. אָט איז דאָס צעטעלע:

„צען באַנאַכט. דינסטיק.

די מאַשין איז קאַליע געוואָרן 210 מײַל פון ניו-יאָרק. מיר בלאָנדזשען אַרום הילפלאָז אין נעפּל. שיקט צו אַ בוקסיר-שיף וואָס גיכער. יעדע זעקס—צען סעקונדעס גיבן מיר איינעם אַ לאַנגן פײַף און נאָך אים אַ קורצן.

קאַפּיטאַן".

דעם בריוו האָט מען צונויפגעוויקלט אין אַ טרײַבעלע, פאַרוויקלט אין פּערגאַמענט־פּאַפּיר, אַדרעסירט צו דער שיף־געזעלשאַפט און צוגעפעסטיקט צו דער אונטערשטער זײַט פון מיטלסטן פעדער פון עם עק.

ווי נאָר מע האָט אים אָפּגעלאָזט, האָט אַרנאָ געמאַכט אַ קרײַז איבער דער שיף, דערנאָך אַ צווייטן עטוואָס העכער, ווידעראַמאָל העכער, ביז ער איז פאַרשווונדן פון אויג. ער האָט זיך געטראָגן אַלץ העכער און העכער, ביז ער האָט אַליין פאַרלאָרן פון אויג די שיף. ניט האָבנדיק איצטער מער קיין מעגלעכקייט צו באַנוצן זיך מיט אַלע זײַנע געפילן, אויסער דעם איינציקן געפיל פון ריכטונג, האָט ער אינגאַנצן זיך פאַרלאָזט אַז אים. דאָס טײַבעלע האָט ניט געפילט קיין שרעק. פּינקטלעך, ווי אַ קאָמפּאַס-נאָדל, האָט אַרנאָ זיך אַוועקגעלאָזט צום ציל אָן וואַקלונג, אָן צווייפל. אין אַ מינוט אַרום נאָך דעם, ווי מע האָט אים באַפרײַט פון דער שטײַג, האָט ער זיך געטראָגן גלײַך, ווי אַ שטראַל ליכט — צום טויבנשלאַק, וווּ ער איז דערצויגן געוואָרן, צום איינציקן אָרט, וווּ ער האָט זיך געפילט אין דער היים.

דעזשורנע איבערן טויבנשלאַק איז דעם טאָג געווען בילי. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שאָרך פון פלינקע פליגל: אין טויבנשלאַק האָט דורכגעשלײַכט אַ בלויער שטראַל, וואָס האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום מולטערל מיט וואַסער. אַרנאָ האָט שוין געשלונגען איין שלונג נאָכן צווייטן, ווען בילי האָט זיך פּלוצלינג געכאַפּט:

— דאָס ביסטו דאָך, אַרנאָ! שיינהייט מײַנע!

דערנאָך, מיט אַ געוויינלעכער באַוועגונג פון אַ טויבן-טרענירער, האָט ער אַרויסגענומען דעם זייגער און פאַרצייכנט די צײַט: 2 אַזייגער 40 מינוט. אין דער זעלבער רגע האָט ער באַמערקט אַ פאָדעם אויפן עק. בילי האָט צוגעמאַכט די



טיר און פלינק אראָפּגעלאָזט די נעץ אפּ ארנאָס קאָפּ. אין א מינוט ארום האָט ער שוין געהאלטן אין האנט א צעטעלע, אין צוויי מינוט ארום איז ער שוין געלאָפן אין קאָנטאָר פון דער געזעלשאפט, טראכטנדיק וועגן דער רײַכער באלוינונג, וואָס אים דערווארט. דאָ האָט ער זיך דערוווסט, אז ארנאָ האָט דורכגעמאכט 210 מײַל איבערן יאם, אין נעפּל, פאר 4 שאָ מיט 40 מינוט. ס'איז קיין שאָ צײַט ניט דורך, האָט מען שוין צו הילף דער אומגליקלעכער שיף ארויסגעשיקט א רעטונג-שיף.

צוויי הונדערט צען מײַל איבערן יאם, אין נעפּל, פאר פיר שאָ מיט פערציק מינוט!

דאָס איז געווען א רומפולער רעקאָרד! מע האָט אים פארשריבן ווי געהעריק אין די צעטלען פונעם טויבן-קלוב. ארנאָ האָט מען געהאלטן אפּ די הענט, און דער סעקרעטאר, באוואָפנט מיט א גומענעם שטעכפּל און מיט טינט, וואָס וואשט זיך ניט אָפּ, האָט אָפּגעשטעמפּלט אפּ איינעם פון זײַנע שניי־ווײַסע פליגלפעדערן א צייכן וועגן זײַן העלדנטאט און וועגן דעם טאָג, ווען די דאָזיקע העלדנטאט איז באגאנגען געוואָרן.

סטארבעק, די צווייטע טויב, האָט זיך קיינמאָל ניט אומגעקערט. זי איז אָנטפּעק אומגעקומען אין יאם. דער אש־קאָליריקער פון דער ווינקלדיקער נעסט האָט זיך אומגעקערט מיט דער בוקסיר-שיף.

## III

דאָס איז געווען ארנאָס ערשטע העלדנטאט, אָבער אינגיכן זײַנען צוגעקומען נאָך העלדנטאטן. איינמאָל איז צו דער שטאל צוגעפאָרן א קארעטע; פון איר איז ארויסגעגאנגען א גראָהאָריקער מענטש, ער האָט זיך ארופגעשלעפּט אפּן שטויביקן לײַטער און דעם גאנצן פרימאָרגן אָפּגעזעסן צוזאמען מיט בילין. דורך די גאָלדענע ברילן האָט ער אומגעדולדיק געקוקט אפּ די שטאָטישע דעכער, ווי ער וואָלט דאָרטן עפּעס געזוכט. ער האָט געווארט און ארויסגעקוקט — אפּ וואָס? אפּ א יעדיִע פון א שטעטל, וואָס איז געלעגן סאכאקל פערציק מײַל פונדאנען; א יעדיִע, וואָס איז געווען פאר אים אומגעהייער וויכטיק; א יעדיִע, וואָס האָט אים געדארפט אָדער ראטעווען, אָדער אומברענגען, — א יעדיִע, וואָס אים איז נייטיק געווען צו באקומען גיכער, איידער דאָס האָט געקאָנט צושטעלן דער טעלעגראף, ווײַל א טעלעגראמע וועט זיך פארהאלטן וויניקסטנס אפּ א שאָ. וואָס האָט געקאָנט



אָנקומענ גיכער ווי א טעלעגראמע אפ א שעטעכ פונ פערציק מײַל? אינ יענע צײַטנ איז געווענ בלויז איינס — אנ ערשטקלאסיקע פּאָסט-טויב. געלט האָט ניט קיינ ווע־ט, אויב נאָר דער ניצאָכנ וועט בלײַבנ פאר אימ. דער אלטער באנקיר וויל שיקנ די סאמע בעסטע טויב, וויפל דאָס זאָל ניט קאָסטנ. אונ פאר א שאָ־ליעכ איז אויסגעקליבנ געוואָרנ ארנאָ, מיט זײַנע זיבנ אָפּגעשטעמפּלטע רעקאָרדנ אפ די פליגל. עס איז דורכ א שאָ, א צווייטע, אונ עס האָט זיכ אָנגעהויבנ א דריטע, ווענ א בלויער מעטעאָר, פײַפנדיק מיט די פליגל, האָט זיכ ארײַנגעריסנ אינעמ טויבנשלאק. בילי האָט פארמאכט די טיר אונ געכאפּט אימ. ער האָט גיכ אראָפּ־געריסנ דעמ פּאָדעמ אונ דערלאנגט דעמ באנקיר א צעטעלע. דער אלטער איז געוואָרנ טויט־בלאס, קוימ פאנאנדערגעוויקלט דאָס צעטעלע אונ... זײַנ פּאָנעמ האָט אופגעלעבט.

— א דאנק גאָט, — האָט ער ארויסגעמורמלט, דערנאָכ א גליקלעכער אוועקגעלאָזט זיכ אפ דער פארזאמלונג. יאָ, דער קליינינקער ארנאָ האָט אימ געראטעוועט פונ אונטערגאנג.

דער באנקיר האָט געוואָלט אָפּקויפנ די טויב, פילנדיק, אז פונ אימ קומט, ער זאָל היטנ אונ כאָווענ זײַנ רעטער. אָבער בילי האָט אימ געענטפערט:

— וואָס וועט דערפונ ארויסקומענ? איר וועט ניט קויפנ דאָס הארצ פונ אזא טויב. איר קאָנט זי פארוואנדלענ אינ א געפאנגענער, דאָס איז אלצ, אָבער קיינ זאכ אינ דער וועלט וועט זי ניט צווינגענ צו פארלאָזנ איר אלטנ טויבנ־שלאק, אינ וועלכנ זי איז געבאָרנ געוואָרנ.

אזויארומ איז ארנאָ געבליבנ אינעמ נומער 211 אפ דער נײַנצנטער מײַרעוו־גאס, אָבער דער באנקיר האָט אימ ניט פארגעסנ.

בא אונדז אינ לאנד זײַנענ פאראנ א סאכ אויסוווּרפנ, וואָס האלטנ יעדע פליענ־דיקע טויב פאר זייער געזעצלעכ רויב אונ וואָס דערהארגענענ זי בלויז דערפאר, ווײַל זיי זײַנענ זיכער, אז דאָס וועט זיי אָפּגיינ גלאט. ניט איינ זעלטענער שאָ־ליעכ, וואָס איז געפלויגנ מיט א יעדיע וועגנ לעבנ אָדער טויט, איז דערהארגעט געוואָרנ דורכ איינעמ פונ די דאָזיקע ראָצכימ אונ פארוואנדלט געוואָרנ אינ א געבראָטנס.

ארנאָס ברודער, ארנאָלפ, וואָס איז געווענ באצירט מיט דרײַ רומפולע רע־קאָרדנ, איז דערהארגעט געוואָרנ אפ אזא אויפנ אינ דער צײַט, ווענ ער האָט געטראָגנ א דרינגענדיקנ רופ צו א דאָקטער. ווי נאָר ער איז געפאלנ צו די פיס

פונעם שיסער, האָבן זײַנע גרויסארטיקע פליגל זיך פאנאנדערגעוויקלט און אנטפלעקט דאָס צעטל פון זײַנע פריִערדיקע ניצכוינעס. אפן פיסל איז געווען א זילבערנער רינג, און דער יענער האָט דערפילט געוויסנביסן, ער האָט אָפּגעשיקט צום דאָקטער דעם בריוו און אומגעקערט די דערהארגעטע טויב דעם טויבן־קלוב מיט א יעדיִע, אז ער האָט זי „געפונען". דער באלעבאָס פון דער טויב איז געקומען צו אים אהיים, דער יענער האָט זיך פארלאָרן בעשאסן פארהער און איז געווען געצוווּנגען זיך מוידע צו זײַן, אז ער אליין האָט דערשאָסן די טויב, אָבער קלוימערשט דערפאר, ווײַל זײַן קראנקער שאָכן האָט געטרוימט וועגן א פלאָדן מיט טויב.

דער באלעבאָס פון דער טויב הזָס מיט צאָרן און מיט טרערן אין די אויגן געקלאָגט:

מײַן פייגעלע! מײַן שיינער ארנאָלף! צוואנציק מאָל האָט ער געבראכט וויכטיקע ידיעס, געשלאָגן דרײַ רעקאָרדן, צוויי מאָל געראטעוועט מענטשן פון טויט, און איר דערשיסט אים אף א פלאָדן! איך וואָלט געקאָנט אײַך איבערגעבן צום געריכט, נאָר דאָס הארץ לאָזט מיר ניט נעקאָמע נעמען. איך בעט אײַך בלויז וועגן איינס, אויב בא אײַך וועט ווען־ניט־איז נאָכאמאָל קראנק ווערן א שאָכן, וואָס וויל האָבן א פלאָדן מיט טויב, קומט צו גיין, וועלן מיר אײַך געבן אומזיסט אזעלכע פארזעענישן, וואָס טויגן דערוף. און אויב איר פארמאָגט כאָטש א טראָפּן ערע, וועט איר קיינמאָל ניט דערלויבן זיך און ניט דערלויבן אנדערע צו דערהארגענען אונדזערע גרויסמוטיקע און שעצבארע שליכים.

דאָס איז פאָרגעקומען אין יענער צײַט, ווען דער באנקיר פלעגט אָפּט באזוכן דעם טויבנשלאק און זײַן הארץ האָט געברענט מיט דאנקבארקײַט צו די טויבן. ער איז געווען א מענטש מיט ווירקונג און ער האָט געפאָדערט, אז אין אלבאני זאָל מען אײַנפירן א געזעץ, וואָס באשיצט טויבן.

## IV

בילי האָט קיינמאָל ניט איבעריקס ליב געהאט דעם אש־קאָליריקן פון דער ווינקלדיקער נעסט (2600 C). ניט געקוקט דערוף, וואָס דער אש-קאָליריקער האָט זיך נאָך אלץ גערעכנט אין די צעטלען פונעם זילבערנעם אָרדען, האָט בילי דאָך ניט אופגעהערט באציִען זיך צו אים מיט פאראכטונג.





איינמאָל אינדערפרי האָט בילי געטראָפן אין טויבנשלאק א גרויס געשלעג: צוויי טויבן, איינע א גרויסע און איינע א קליינינקע, האָבן זיך געקייַקלט איבערן דיל, אײַנגעקלאמערט איינע אין דער אנדערער. ווי נאָר עס האָט זיך אײַנגעגעבן זיי פאַנאנדערנעמען, האָט בילי דערזען, אז די קליינע טויב — דאָס איז ארנאָ, און די גרויסע — דאָס איז דער אש־קאָליריקער פון דער ווינקלדיקער נעסט. ארנאָ האָט זיך העלדיש געשלאָגן, אָבער געזיגט האָט דער אש־קאָליריקער, ווײַל ער איז געווען צוויי מאָל שווערער פון ארנאָ.

אינגיכן איז קלאָר געוואָרן אויך די סיבע פונעם געפעכט — א שיין קליין טײַבעלע. דער גרויסער אש־קאָליריקער האָט שוין ניט דאָס ערשטע מאָל אופּגעבראכט ארנאָ מיט זײַנע ברוטאלע געגנג. אָבער דער ענדגילטיקער שטויס צו דער שלאכט אפ לעבן און טויט איז געווען דאָס קליינינקע טײַבעלע. בילי האָט קיין רעכט ניט געהאט אראָפּדרייען דעם קאָפּ דעם אש־קאָליריקן, אָבער ער האָט געטאָן אלץ, וואָס ער האָט געקאָנט, פאר זײַן ליבלינג ארנאָ. טויבן־ליבעס ווערן געשלאָסן בעערעכ אזוי, ווי מענטשלעכע. דער ערשטער באדינג איז נאָענטקייט: לאָז איבער א פּאָרל אפ א געוויסער צײַט אין ענגער שכיינעס, און די נאטור וועט שוין אליין טאָן איר זאך. האָט בילי פארשלאָסן ארנאָ מיטן טײַבעלע אין א באזונדער טויבנשלאק אפ צוויי וואָכן. און צוליב גרעסערער זיכערקייט האָט ער געטאָן דאָס זעלבע מיט דעם גרויסן אש־קאָליריקן. אויסגעקליבן פאר אים א כאווערטע, אן אנדער פאסיקע דאמע.

אלץ איז ארויסגעקומען אזוי, ווי ער האָט דערוואַרט. דאָס קליינינקע טײַבעלע האָט אָנערקענט פאר זײַן הערשער ארנאָ, און די פאסיקע דאמע איז געווען צופרידן מיט איר אש־קאָליריקן. זיי האָבן אײַנגעאָרדנט זייערע נעסטן, און עס האָט זיך געדאכט, אז אלץ גייט דערצו, זיי זאָלן לעבן און זיך עלטערן. אָבער דער גרויסער אש-קאָליריקער איז געווען זייער גרויס און שיין. ער האָט געקאָנט ארויסשטעלן זײַן ברוסט, און ארום זײַן האלדז פלעגט בא דער שײַן פון דער זון זיך ווײַזן אזא רעגנבויגן, אז קיין איין טײַבעלע האָט ניט געקאָנט בײַשטיין דעם ניסויען.

און אונדזער ארנאָ, כאָטש ער איז געווען א פעסט־געבויטער, איז ער אָבער געווען קליין אין וווקס און ניט איבעריק שיין. בלויז די אייגעלעך האָבן בא אים וווּנדערלעך געבלישטשעט. דערצו פלעגט ער זייער אָפט פארלאָזן דעם טויבנשלאק צוליב וויכטיקע איניאָנים, אין דער צײַט, ווען דער גרויסער אש-קאָלירי-

קער האָט קײנ אנדער ארבעט ניט געהאט, ווי נאָר ארומשפאצירנ איבערנ טויבנשלאק אונ בארימענ זיכ מיט זײַנע פליגל, וואָס זײַנענ געווענ רײנ פונ אופשריפטנ.

שרײַבער האָבנ ליב זוכנ בא באלעכײַמ, אונ דעריקער בא טויבנ, בײַשפּילנ פונ איבערגעגעבענער ליבע אונ פאמיליענ-טרײַהײַט. אינ אלגעמײנ זײַנענ זײ גערעכס, נאָר, צום באדויערנ, טרעפנ אויכ אויסנאמענ.

ארנאָס ווײַב איז פונ סאמע אָנהײב אָנ געווענ אײַנגעליבט אינ דעמ גרויסנ אש־קאָליריקנ. אונ אײנמאָל, ווענ איר מאנ איז געשיקט געוואָרנ אינ א וויכטיקער שליכעס, איז די שרעקלעכע געשעעניש פאָרגעקומענ.

אומגעקערט זיכ פונ וועג, האָט ארנאָ דערזענ, אז דער גרויסער אש-קאָליריקער האָט, ניט אָפּזאָגנדיק זיכ פונ זײַנ געזעצלעכער פאסיקער דאמע אינ דער ווינקלדיקער נעסט, אינ דער זעלבער צײַט צוגענומענ אויכ זײַנ ווײַב אונ זײַנ נעסט. עס איז פאָרגעקומענ א שרעקלעכע שלאכט. בײַגעווענ זײַנענ נאָר די ווײַבער, וואָס האָבנ גלײַכגילטיק ארומגעשפאצירט פונדערווײַטנס. ארנאָ האָט זיכ געשלאָגנ מיט זײַנע וואונדערבארע פליגל, אָבער זײער קויעכ איז ניט פארגרעסערט געוואָרנ פונ דער צאָל רעקאָרדנ, וואָס איז געווענ אפ זײ פארשריבנ. זײַנ שנאָבל אונ זײַנע פיס זײַנענ געווענ קלײנ, ווי בא יעדער גוטער פאָסט-טויב, אונ דאָס דרײסטע הארצ האָט ניט געקאָנט פארבײַטנ דעמ מאנגל אינ וואָג. די שלאכט האָט זיכ געדארפט ענדיקנ ניט מיט זײַנ ניצאָכנ. דאָס ווײַב איז זאָרגלאָז געזעסנ אינ דער נעסט, ווי ניט זי מײנט מענ. אונ ארנאָ וואָלט געפאלנ א טויטער, ווענ עס זאָל באצײַטנס ניט געווענ אָנקומענ בילי. ער איז אזוי דערצאָרנט געוואָ־נ, אז ער איז גרייט געווענ אראָפּדרײענ דעמ קאָפּ דעמ אש־קאָליריקנ. יענער האָט אָבער באוויזנ ארויספליענ פונ טויבנשלאק. אינ פארלויפ פונ עטלעכע טעג האָט בילי מיט גרויס צארטקײַט אכטונג געגעבנ אפ ארנאָ. אינ א וואָכ ארומ איז ארנאָ געקומענ צו זיכ, אונ אינ צענ טעג ארומ איז ער שוינ ווידער געווענ אינ וועג. ער האָט, ווײַזט אויס, אלצ מויכל געווענ דעמ ניט טרײַענ ווײַב זײַנעמ, ווײַל ער האָט ווידער גענומענ לעבנ מיט איר, גלײַכ ווי עס וואָלט גאָרניט געשענ. אינ דעמ כוידעש האָט ער געמאכט נײַע צוויי רעקאָרדנ. ער האָט געבראכט צו טראָגנ א בריוו פאר צענ מײַל אינ אכט מינוט אונ איז דורכגעפלויגנ פונ באָסטאָנ קײנ ניו־יאָרק אינ פיר שאָ. די ליבע צו זײַנ היימ האָט אימ יעדעס מאָל געצויגנ צוריק. טרויעריק איז געווענ זײַנ אומקער, ווײַל ער האָט ווידער געטראָפנ זײַנ



הייַב אָנגענעם פאַרברענגען מיט דעם גרויסן אַש-קאָלירִיקן. ווי מיד ער איז ניט געווען, דאָך האָט ער גלײַך זיך געוואָרפן אין א נײַעם געשלעג, וועלכער וואָלט זיך געענדיקט מיט ארנאָס טויט, ווען עס מישט זיך ווידער ניט אַרײַן בילי. ער האָט פאַנאַנדערגענומען די שלעגער, דערנאָך פאַרשפּאַרט דעם אַש־קאָלירִיקן באַזונדער און באַשלאָסן אומבאַדינגט פּאָטער ווערן פון אים בא דער ערשטער געלעגנהײַט. דערווײַל האָט זיך דערנעענטערט דער גרויסער טויבן־געוועט. אַן איבערפלי אַף נײַע הונדערט מײַל פון טשיקאַגאָ קיין ניו-יאָרק. ארנאָ איז פאַרשריבן געוואָרן מיט זעקס כאַדאָשים פריִער.

די טויבן האָט מען אַוועקגעשיקט קיין טשיקאַגאָ מיט דער אײַזנבאַן. דאָרטן האָט מען זיי אַרויסגעלאָזט איינע נאָך דער אַנדערער. וואָס בעסער עס איז געווען די טויב, אַלץ שפּעטער האָט מען זי אַרויסגעלאָזט. די לעצטע האָט מען אַרויסגעלאָזט ארנאָ. דורכגעפליגן טשיקאַגאָ, האָבן עטלעכע טויבן אינסטינקטיוו זיך פאַרייניקט. אַן אומקער־טויב פליט געוויינלעך לויט א גלײַכער ליניע, ווען זי פּאָלגט נאָך דעם אַלגעמיינעם געפיל פון ריכטונג. אָבער ווען איר קומט אויס דורכמאַכן א וועג, וואָס איז שוין באַקאַנט, דעמלט, געוויינלעך, אָריִענטירט זי זיך לויט געוויסע צייכנס, וואָס האָבן זיך פאַרהיט אין איר זיקאָרן. די מערהײַט פייגל האָט זיך טרענירט אַפן וועג, וואָס פירט קיין קאָלומבוס און בופאַלאָ. ארנאָ האָט געוווּסט דעם וועג אַף קאָלומבוס, נאָר ער האָט אויך געוווּסט דעם וועג אַף דעטראָיט. און ווען ער האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך די אָזערע מיטשיגאַן, האָט ער זיך דעריבער געלאָזט פליִען לויט א גלײַכער ליניע קיין דעטראָיט. אַף אַזא אויפן האָט ער מיטאַמאָל אויסגעשפּילט עטלעכע מײַל. דעטראָיט, בופאַלאָ, ראָטשעסטער, מיט זייערע באַקאַנטע טורעמס און קוימענס, זײַנען איינער נאָך דעם אַנדערן צערונען אין רוים און פונדערווײַטנס האָט זיך שוין באַוויזן סיראַקוז. דער טאָג האָט זיך שוין גענייגט צו אָוונט.

ארנאָ איז דורכגעפליגן זעקס הונדערט מײַל אין צוועלף שאָ און ער איז, אָן סאָפעק, געווען פאַר אַלעמען. אָבער פּלוצלינג האָט זיך אים פאַרוואָלט א טרונק. שוועבנדיק איבער די שטאָטישע דעכער, האָט ער דערזען א טויבנשלאַק. ער האָט געמאַכט צוויי-דרײַ גרויסע קרײַזן, אַראָפּגעלאָזט זיך פון דער הייך און דאָרשטיק זיך אָנגעטרונקען פון דער קאָרעטע צוזאַמען מיט אַנדערע טויבן. ער האָט שוין ניט איין מאָל אַזוי געטאָן אויך פריִער. יעדער טויבן־ליבהאָבער וויל שטענדיק, אַז א פרעמדער שאָליִעך זאָל זיך באַנוצן מיט זײַן גאַסטפרײַנטלעכקײַט. דער באַ-

לעבאָס פונעמ טויבנשלאק איז גראָד געווענ דאָ און האָט באמערקט די אומבאקאנטע טויב. ער האָט פאַרזיכטיק זיך אוועקגעשטעלט אינ אזא אָרט, פונוואנענ ער האָט געקאָנט נאָכשפירנ נאָך איר. איינער פונ זײַנע אייגענע טויבנ האָט זיך פארוואָלט פאר-פירנ א קריגערײַ מיטנ ניט-געבעטענעמ גאסט, און ארנאָ, פארטיידיקנדיק זיך מיט פאנאנדערגעשפרייטע פליגל, האָט ארויסגעשטעלט אפ באווײַז א ריי אָפגע-שטעמפלטע רעקאָרדנ. דער באלעבאָס האָט א צי געטאָנ דאָס שטריקל פונעמ טירל, און אינ עטלעכע רעגעס ארומ איז שוינ ארנאָ געווענ בא אימ אינ געפאנגענשאפט.

דער גאנעוו האָט פאנאנדערגעוויקלט די פליגל, וואָס זײַנענ געווענ באדעקט מיט איפשריפטנ. ער האָט דורכגעלייענט איינ רעקאָרד נאָך א צווייטנ און א קוק געבנדיק אפנ זילבערנעמ רינגעלע, - עס וואָלט געמעגט זײַנ א גאָלדנס! - האָט ער איבערגעלייענט דעמ נאָמענ פונ דער טויב און אויסגעשריִענ:

— ארנאָ! ארנאָ! אָ, איך האָב וועגנ דיר געהערט, גוטערברודער, און איך בינ זייער צופרידנ, וואָס איך האָב דיך באקומענ!

ער האָט אראָפגעשניטנ דאָס צעטעלע אונ האָט איבערגעלייענט: „ארנאָ האָט פארלאָזט טשיקאגאָ הײַנט אינדערפרי פיר אזייגער פארטאָג. ער באטייליקט זיך אינעמ גרויסנ איבערפלי קיינ ניו־יאָרק“.

- זעקס הונדערט מײַל פאר צוועלפ שאָ! דו האָסט געשלאָגנ אלע רעקאָרדנ!

און דער טויבנ־גאנעוו האָט צארט, קימאט פאָרכטיק, ארײַנגעלאָזט דעמ צי-טערנדיקנ פויגל אינ שטײַג ארײַנ.

— נו, — האָט ער צוגעגעבנ — איך ווייס, אזא ווי דו איז שווער אײַנצוריידנ, דו זאָלסט דאָ בלײַבנ. אָבער איך קאָנ באקומענ פונ דיר יאָרשימ און אויסכאָ-וועג פונ דיר א לאָר.

און ארנאָ איז פארשפארט געוואָרנ אינ א באקוועמ אָרט צוזאמענ מיט אנ-דערע געפאנגענע. דער באלעבאָס פונעמ טויבנשלאק כאָטש ער איז געווענ א גאנעוו, דאָך איז ער געווענ אנ אופריכטיקער ליבהאָבער פונ טויבנ. ער האָט ניט אָפגעזאָגט זײַנ געפאנגענעמ אינ גאָרניט. אפ אזא אופנ זײַנענ דורכ דרײַ לאנגע כאדאָשימ.

אפריער האָט ארנאָ קיינ אנדער זאכ ניט געטאָנ, ווי נאָר ארומגעשפאנט גאנ-צענע טעג בא דער דראָטענער גראטע, געקוקט ארופ און אראָפ, וויאזוי ארומ אנטלויפנ, נאָר אפנ פערטנ כוידעש האָט ער, ווײַזט אויס, זיך אָפגעזאָגט פונעמ געדאנק צו אנטלויפנ. דער איפמערקזאמער טורמע-וועכטער איז צוגעטראָגנ אייט-



צופילן דעם צווייטן טייל פון דער פראָגראַם. ער האָט אַרײַנגעלאָזט צו אַרנאָ אַ שעמעוודיק קליין טײַבעלע, אָבער דערפון איז גאָרניט אַרויס. אַרנאָ האָט אַפילו קוקן ניט געוואָלט אַפן טײַבעלע. דעמלט האָט דער טורמע-וועכטער צוגענומען די זי, און אַרנאָ איז אַפּ אַ גאַנצן כוידעש געבליבן איינער אַליין. דערנאָך האָט מען געבראַכט צו פירן אַ נײַע זי, נאָר אויך מיט דער איז גאָרניט אַרויסגעקומען. און אַזוי איז דורך אַ גאַנץ יאָר. אַרנאָ פלעגט אַלץ, ווי פריִער, מוירעדיק שלאָגן די קאַלעס אָדער ער פלעגט אַרויסווײַזן צו זיי פּאַראַכטנדיקע גלײַכגילטיקייט. פון צײַט צו צײַט האָט דער אַלטער פאַרלאַנג אומצוקערן זיך אַהיים ווידער זיך אויפגעהויבן אין אים מיט אַ נאָך גרעסערער קראַפט, און ער פלעגט זיך שלאָגן אָן דער דראָטענער גראַטע אָדער אַרומשפּאַנען אַן אויפגערעגטער הין און צוריק. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס יערלעכע בליאַקעווען פון די טויבן, האָט דער טויבן־גאַנעוו גענומען אויפקלײַבן אַפּ אָנדענקען יעדן ווערטפולן פעדער, וואָס איז אַרויסגעפאַלן פון די פליגל, און אַפּ יעדן צוגעקומענעם נײַעם פעדער האָט ער איבערגעכאַזערט די געשיכטע פון אַרנאָס רומפולע העלדנטאַטן.

לאַנגזאַם זײַנען דורכגעגאַנגען צוויי יאָר. דער טורמע־וועכטער האָט אַריבערגעזעצט אַרנאָ אין אַ נײַעם טויבנשלאַק און האָט אים געגעבן אַ נײַע זי. צופעליק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז שטאַרק ענלעך אַפּ דער פאַרעטערן, וואָס איז געבליבן אין דער היים, און אַרנאָ האָט געווענדט אַפּ איר זײַן אויפמערקזאַמקייט. איינמאָל האָט דעם טויבן-גאַנעוו זיך אויסגעוויזן, אַז זײַן באַרימטער געפאַנגענער איז ניט גלײַכגילטיק צו זײַן כאַווערטע און — ס'קאָן שוין מער קיין סאָפעק ניט זײַן! — אָט גרייטן זיי זיך שוין אָן אַ נעסט. דערפון האָט ער באַשלאָסן, אַז זיי האָבן זיך שוין ענדגילטיק צונויפגערעדט. דער גאַנעוו האָט צום ערשטן מאָל געעפנט דאָס טירל, און אַרנאָ איז אַפּ דער פרײַ.

צי האָט ער זיך פאַרהאַלטן? צי האָט ער זיך פאַרלאָרן? עס הייבט זיך גאָר ניט אָן. ווי נאָר פאַר אים האָט זיך אויפגעעפנט די ברייטע וועלט, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן אַפּ דער פרײַ, פאַנאַנדערגעוויקלט זײַנע וווּנדערבאַרע געשטעמפּלטע פליגל און, אָן אַ זײַ־געזונט, זיך אַ וואָרף געטאָן פון זײַן פאַרהאַסטער טורמע אַלץ ווײַטער און ווײַטער.



## V

קיינ איינ מענטש אינ דער וועלט האָט קיינמאָל אזוי ניט ליב געהאט זײַנ היים, ווי ארנאָ האָט ליב געהאט זײַנ טויבנשלאק.

אהיימ, אהיימ! צו זײַנ ליבער היימ! אלע צאָרעס אונ אומגליקנ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אינ זײַנ פארלאָזענעמ טויבנשלאק, זײַנענ געוועזנ פארגעסנ. ניט די יאָרנ טורמע, ניט די שפּעטע ליבע, ניט די מוירע פארנ טויט — קיינ זאכ האָט ניט געקאָנט דערשטיקנ אינ אימ זײַנ ליבע צו זײַנ היימאט. אונ ווענ ארנאָ וואָלט געקאָנט זינגענ, וואָלט ער אָנ סאָפעק איצט אויסגעזונגענ זײַנ העלדנ-ליד. ער איז געפלויגנ אלצ העכער אונ העכער, אָפּגעבנדיק זיכ בלויז דער איינציקער שטרעבונג, וואָס איז פּייִק געוועזנ צו באהערשנ די דאָזיקע רומפּולע פליגל. — העכער! העכער! בלישטשענדיק מיט די געשטעמפּלטע ווײַסע פליגל, ווי מיט שטראלנ ליכט, העכער אונ ווײַטער! העכער אונ ווײַטער! — פארכאפּט פונ איינ געפיל — ליבע צו זײַנ היים, צו זײַנ איינציקער היימ אונ צו זײַנ ווײַב דער פארטעטערנ. פארמאכט, ווי מע זאָגט, די אויגנ אונ אויערנ, פארמאכט, ווי מיר אלע מיינענ, דעמ סייכל, האָט ער זיכ געטראָגנ אינ דער לויטערער לופט, אינגאנצנ איבערגעגעבנ זיכ זײַנ געהיימענ וועגווײַזער דעמ געפיל פונ ריכטונג. ארנאָ איז געפלויגנ ווי א פײַל פונ בויגנ צו דאָרעמ-מיזרעכ. דאָס שוועבנ פונ די ווײַסע פײַערלעכ בא די זײַטנ איז צערונענ אינדערלופטנ, אונ דער סיראקוזער טויבנ-רויבער האָט זיכ צעשיידט מיט ארנאָ אַפ אייביק.

אונטנ איבערנ פליינ האָט געקרייכערט א קוריער־צוג. ער איז געוועזנ ווײַט פאָרויס, נאָר ארנאָ האָט אָנגעיאָגט אונ אריבערגעיאָגט אימ. הויכ איבער די פליינענ, נידעריק איבער די טשענאנגער בערג, ווו עס הערט זיכ דער געמורמל פונ די סאָסנעס מיט די ווינטנ, איז ער אלצ געפלויגנ ווײַטער אונ ווײַטער. פונ זײַנ נעסט אַפ א דעמב האָט שטילערהייט ארויסגעשוועבט א שפּארבער, וואָס האָט באמערקט די טויב אונ זי אָנגעמערקט זיכ פאר א קאָרבנ. ארנאָ האָט ניט פארקערעוועט — ניט אַפ רעכטס, ניט אַפ לינקס, ניט ארויפ, ניט אראָפּ. ניט פארלאָרנ קיינ איינ פּאָכ פונ די פליגל. דער שפּארבער האָט געוואַרט, נאָר ארנאָ האָט אימ אויסגעמיטנ, ווי א יונגער קרעפטיקער הירש מײַדט אויס דעמ לאָקער פונ א בער. — אהיימ! אהיימ! דאָס איז געוועזנ דער איינציקער געדאנק, מיט וועלכנ ער האָט געברענט, די איינציקע בלענדנדיקע שטרעבונג.

מאכ, מאכ, מאכ — האָבנ געשוועבט די גלאַנצנדיקע פליגל איבערנ באקאנטנ וועג. אינ א שאָ ארומ וועט ער דערזענ די קעטסקילס־בערג. אָט פליט ער שוינ איבער זיי. די באקאנטע ערטער, וואָס לויפנ פלינק אנטקעגנ, האָבנ אינ אימ אריַינגעשטראָמט נייַע קראפט. אההיימ! אההיימ! — האָט געזונגענ זייַנ הארצ אָנ ווערטער. ווי א וואנדערער, וואָס שטארבט פונ דאָרשט, קוקט זיכ איַינ אינ די קוימ באמערקבארע וויַיטע שפיצנ פונ די פאלמעס, אזוי האָבנ זייַנע גלאַנצנדיקע אויגנ מיט האָפענונג זיכ איַינגעקוקט אינעמ וויַיטנ רויכ פונ מאנהעטענ. פונ די שפיצנ פונ די קעטסקילס־בערג האָט זיכ א ריס געטאָנ א טויבנ-פאלק. דער פלינקסטער פונ די רויבער, שטאָלצ מיט זייַנ קראפט, שטאָלצ מיט זייַנע פליגל, האָט ער זיכ דערפרייט מיטנ פאסיקנ רויב. ניט וויַיניק טויבנ זייַנענ אריַינגעפאלנ אינ זייַנ נעסט, אונ ער האָט איצטער געשוועבט מיטנ ווינט, פלאנירנדיק, פארהיטנדיק די קויכעס, אויסווארטנדיק אפ א פאסיקנ מאָמענט.

אָ, ווי פינקטלעכ ער האָט אויסגעקליבנ דעמ דאָזיקנ מאָמענט. אראָפ! אראָפ! ער איז דורכגעפלויגנ ווי א ווילדע פייַל, — ניט קיינ ווילד ענטל, ניט קיינ שפארבער וואָלטנ זיכ פונ אימ ניט ארויסגעדרייט, וויַיל דאָס איז געווענ א פאלק.

פלי צוריק, טויב! אָ, טויב, ראטעווע זיכ! מייַד אויס די געפערלעכע בערג! צי האָט ער אָפגעקערעוועט. פונ וועג? ניינ. וויַיל דאָס איז געווענ ארנאָ. — אההיימ! אההיימ! — מער האָט ער וועגנ קיינ זאכ ניט געטראכט. ראטעווענדיק זיכ פונעמ פאלק, איז ער נאָכ פלינקער געפלויגנ. אונ דער פאלק האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ — א וואָרפ געטאָנ אפ אָט דעמ שייַנענדיקנ פלעק אונ אומגעקערט זיכ מיט גאָרניט.

ארנאָ האָט דערווייַל דורכגעשניטנ די לופט פונעמ פליינ, ווי א שטיינ, וואָס ווערט ארויסגעלאָזט פונ א ראָגאטקע. אפריער א ווייַספליגלדיקער פויגל, דערנאָכ א פלעק מיט ציטערדיקער שייַנ, אונ אינגיכנ — א נישטיק פינטעלע. וויַיטער, לענגויס דעמ ליבנ הודזאָנ-פליינ, מיטנ גרויסנ וועג, וואָס איז אימ געווענ גוט באקאנט!

שוינ צוויי יאָר זייַנענ אדורכ זינט ער האָט געזענ דעמ פליינ. איצטער טראָגט ער זיכ נידעריקער. פונ צאָפנ האָט זיכ אופגעהויבנ א ווינטל, וואָס כוואליעט אונטער אימ דעמ טייַכ. אההיימ! אההיימ! אההיימ!.. עס הייבנ זיכ שוינ אופ פאר אימ די שטאָטישע טורעמס. אההיימ! אההיימ! פארביַי דער שפינארטיקער בריק פאָפּקינסי, טראָגנדיק זיכ נידעריק איבערנ ברעג טייַכ. מע דארפ זיכ האלטנ נידעריק,

עס האָט זיך אופגעהויבנ א ווינט. נידעריק, אָ, ער איז געפלויגנ שוינ צו נידעריק! וואָס פאר א בייזער גייַסט האָט באהאלטנ א יעגער הינטערנ קאַם פונ דעם דאָזיקנ בארג. וואָס פאר א טייַוול האָט אים אָנגעוויזנ דעם שוועבנדיקנ ווייַסנ פלעק, וואָס איז ארויסגעשווומענ פונ הימל־רוים אנטקעגנ צאָפנ? אָ, ארנאָ, ארנאָ, וואָס טראָגסטו זיך אזוי נידעריק, פארגעס ניט דעם פריִערדיקנ שיסער! שוינ צו נידעריק טראָגסטו זיך פארבייַ דעם דאָזיקנ בארג. צו נידעריק! בליץ—טראַך! אונ א האָגל פונ טויט האָט אים אָנגעיאָגט; דעריאָגט, געטראָפנ, צעקאַליעטשעט, נאָר ניט אראָפגעשלאָגנ פונדערלופטנ. די שוועבנדיקע פליגל האָבנ פארלאָרנ עטלעכע צעבראָכענע פארשריבענע פעדערנ, וואָס האָבנ לאנגזאַם זיך אראָפגעלאָזט צו דער ערד. דער „נול" פונ זייַנ יאַם-רעקאָרד איז פארשווונדנ. איצטער האָט ער שוינ באוויזנ ניט 210, נאָר 21 מייַל. אָ, וואָס פאר א נידערטרעכטיקע גזילע! אפנ ברוסט האָט זיך צעשווומענ א טונקעלער פלעק, אָבער ארנאָ האָט זיך ניט אונטערגעגעבנ. אהיים! אהיים! אלץ אהיים! אינ אײנ רעגע איז די גאנצע געפאר געבליבנ פונ הינטנ. אהיים! אהיים! פונקט אזוי אנטשיידנ ווי פריִער. אָבער די ווונדערבארע פליַנקייַט האָט זיך איצטער פארקלענערט. ער האָט שוינ מער ניט געמאכט קיינ מייַל יעדע מינוט, אונ דער ווינט האָט אופגעהויבנ אַנ אומגעוויינלעכנ רויש אינ די צעשויבערטע פליגל. דער פלעק אפ דער ברוסט איז געווענ א סימענ פונ אייַנגעבראָכענער קראַפט, אונ ער איז אלץ געפלויגנ גלייַך אונ פאָרויס. די היים, די היים האָט זיך שוינ ארויסגעזענ פונדערווייַטנ, אונ דער ווייטעק אינ ברוסט איז פארגעסנ געוואָרנ. די הויכע טורעמס פונ דער שטאָט זייַנענ בוילעט ארויסגעטראָטנ פאר זייַנע ווייַטזיכטיקע אויגנ אינ דער צייַט, ווענ ער האָט געשוועבט לעבנ די פעלדזנ פונ דזשערסי. פאָרויס! פאָרויס! — דער פליגל קאָנ אָפגעשוואַכט ווערנ, דאָס אויג קאָנ טונקל ווערנ, אָבער די ליבע צו דער היים וואַקסט אלץ מערער אונ מערער.

ער איז דורכגעפלויגנ איבער א הויכער ריי פלאנצונגענ, איבער גלאנצנדיקנ וואסער, איבער ביימער אונ אונטער א נעסט פונ טויבנ־פאַלקנ. א גאזלאָנישע פעסטונג, ווו עס זייַנענ געזעסנ גרויסע, בייזע רויבער. ענלעכע אפ פיראטנ אינ שווארצע מאסקעס, שארפ אייַנקוקנדיק זיך, האָבנ זיי באמערקט די פליִענדיקע טויב. ארנאָ האָט זיי געקענט שוינ פונ לאנג. א סאך ניט צוגעשטעלטע עקספּעדיציעס זייַנענ אייַנגעפאלנ אינ דער דאָזיקער נעסט. א סאך אָפגעצייכנטע פעדערנ האָבנ ציטערנדיק אראָפגעלאָזט זיך פונ דאָרטנ אפ דער ערד. אָבער ניט איינ מאָל האָט ער

זיך שוין פארמאָסטן מיט זיי און ער האָט איצט פאָרגעזעצט זײַן וועג, ווי שטענדיק, — פאָרויס! כאָרויס! פלינק! אָבער פונדעסטוועגן שוין ניט אזוי פלינק, ווי פריִער. די פארשאָלטענע ביקס האָט אונטערגעהאקט זײַנע קויכעס, אָפּגענומען זײַן פלינקײַט. פאָרויס! פאָרויס!—און די פאלקן, אויסגעוואָרט די צײַט, זײַנען אראָפּגעפלויגן ווי צוויי פײַלן, שארפע און פלינקע, ווי א בליץ. זיי האָבן נאָכגעיאָגט דאָס אָפּגעשוואכטע און מידע טײַבעלע.

צו וואָס נאָך באשרײַבן דעם געיעג? צו וואָס נאָך שילדערן די פארצווייפלונג פונעם מוטיקן הערצעלע? ארנאָ האָט שוין דערזען זײַן היים. אין איין מינוט איז אלץ געווען געענדיקט. די פאלקן האָבן געקוויטשעט פאר פרייד. קוויטשענדיק אינדערלופטן, האָבן זיי זיך אופגעהויבן אף זייער פעלדז, האלטנדיק אין די נעגל דאָס טויטע קערפערל,—אלץ, וואָס איז פארבליבן פונעם מוטיקן קליינעם ארנאָ.

דאָרט אפן פעלדז האָבן די שנאָבל און די נעגל פון די פיראטן זיך באפארבט מיטן בלוט פונעם העלד. די אומפארגלײַכבארע פליגל זײַנען צעריסן געוואָרן אף שטיקער, און די געשיכטע פון די רעקאָרדן, וואָס איז געווען אף זיי אָנגעשריבן, איז צעווייט געוואָרן איבער די שטיינער. דאָרטן זײַנען זיי געלעגן אף דער זון, ביז די מערדער אליין זײַנען דערהארגעט געוואָרן און זייער פעסטונג איז פארניכטעט געוואָרן.

און דער שיקזאל פונעם אומגעוויינלעכן פויגל וואָלט אזוי טאקע געבליבן אומבאוווּסט, ווען אינעם מיסט פון דער פיראטן־נעסט וואָלט צופעליק ניט געפונען געוואָרן א זילבערן רינגעלע — דער הייליקער אָרדען פון אן ערשטקלאסיקער פאָסט-טויב. א רינגעלע, אף וועלכן עס איז געווען א פילדײַטנדיקע אופשריפט:

ארנאָ, 2590 C.



# דאָס ייִנגל און דער לוקס

## I.

### דאָס ייִנגל

ער איז ערשט אַלט געוואָרן פופצן יאָר. א גרויסער ליבהאָבער פון ספּאָרט, האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט אזא לײַדנשאַפט, וואָס איז אויסערגעוויינלעך אפילע פאר אן אָנפאנגער. איבער דער בלויער אָזערע קיידזשענעל האָבן זיך א גאַנצן טאָג געטראָגן שארעס ווילדע טויבן און אויסגעזעצט זיך שורעסווײַז אף א ריי אויסגעטריקנטע שטאמען אין וואלד. אײַ, ווי אים גלוסט זיך שיסן זיי! אָבער אומזיסט היט ער זיי אָפּ גאנצע שאָענווײַז. עס האָט זיך געקאָנט דיכטן, אז זיי האָבן פינקטלעך אויסגעמאָסטן, אף וואָס פאר א שטרעקע עס שיסט זײַן אלטע יעגער־ביקס, און האָבן זיך יעדעס מאָל ראשיק אופגעהויבן, ניט געבנדיק אים די מעגלעכקײַט צו דערנענטערן זיך. ענדלעך, האָט זיך א קליינע שארע פאנאנדערגעשאָטן איבער די נידעריקע ביימער באם קוואל, ניט ווײַט פון דער הילצערנער הײַזקע, וואָס האָט אים געדינט אלס וווינונג. באהאלטנדיק זיך הינטער דער הײַזקע, האָט זיך טאָרבערן פּאָרזיכטיק אונטערגעגאנוועט צו זיי. ער האָט אָנגעמערקט איינע אן אָפּגעזונדערטע טויב, וואָס האָט זיך געפונען נאָענט צו אים, זיך פינקטלעך אָנגעצילט און אויסגעשאָסן. קימאט אין דער זעלבער צײַט האָט זיך דערהערט נאָך איינער א הילכיקער קנאל, און דער פויגל איז אראָפּגעפאלן אף דער ערד. טאָרבערן האָט זיך א לאָז געטאָן אופהייבן אים, אָבער אין דער זעלבער צײַט איז פון צווישן די קוסטעס ארויסגעגאנגען א הויכער יונגערמאן און האָט אים אופגעהויבן.

— היי, קאָרני! דו האָסט צוגענומען מײַן פויגל!

– דײַן פויגל? דײַנער איז אװעקגעפלויגן אהין! איך האָב באמערקט, ווי

זיי האָבנ זיכ דאָ אויסגעזעצט, אונ האָב באשלאָסנ שיסנ איינ טויב מיט מייַנ ביקס.

אנ אופמערקזאמע אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט, אז די טויב איז איינצייַטיק דערשאָסנ געוואָרנ פונ א קויל אונ פונעמ שרויט פונ דער אלטער יעגער־ביקס. די שיסער האָבנ זיכ געצילט אינ איינ אונ דעמ זעלבנ פויגל. ביידע האָבנ פונ גאנצנ הארצנ געלאכט פונעמ צופאל, כאָטש אויסער קאָמישעס איז דערינ געווענ פיל טרויעריקס, דערפאר ווייַל אינ דער וואלד־וווינונג איז געווענ קארג סייַ עסנווארג אונ סייַ קוילנ אונ שרויט.

קאָרני — א פראכטפולער עקזעמפליאר פונ א יונגנ קאנאדער אירלענדער, זעקס פוס די הייכ — האָט זיכ א לאָז געטאָנ גיינ צו דער הילצערנער הייַזקע, אהינ, ווו אפילע די אָפוועזנהייַט פונ באקוועמלעכקייַטנ אונ דאָס פרימיטיווע לעבנ איז פאר זיי געווענ א קוואל פונ אָנ א שיר פרייד. וואָרעמ כאָטש קאָלטס מישפּאָכע איז אויסגעוואקסנ אינ די געדיכטע קאנאדער וועלדער, האָט זי דאָכ פארהיט די טראדיציאָנעלע געהויבנקייַט פונ געמיט, וואָס איז אזוי אייגנטימלעכ פאר די אירלענדער, זיי האָבנ שוינ א שעמ אינ דער וועלט מיט זייער גוטמוטיקייַט אונ שארפזינ.

קאָרני איז געווענ דער עלטסטער זונ פונ א גרויסער מישפּאָכע. זייַנע עלטערנ האָבנ געוווינט אינ פיטערסעי, פינפ אונ צוואנציק מייַל דאָרעמ־צו. ער האָט אָפּגעדונגענ א באצירק אינ פינבאָנקער וואלד מיטנ פארלאנג אייַנצושאפנ זיכ אנ אייגנ הויז. זייַנע צוויי דערוואקסענע שוועסטער, די סאָלידע מארגעט אונ די פריילעכע לו, האָבנ זיכ גענומענ פירנ זייַנ ווירטשאפט. טאָרבערנ אָלדער איז בא זיי געווענ צוגאסט. ער איז ערשט ארויס פונ א שווערער קרענק, אונ די עלטערנ האָבנ אימ אויסגעריכט אינ וואלד א לעב טאָנ א ביסל אפנ אוראלטנ שטייגער, האָפנדיק, אז ער וועט אזויארומ וויפל־ניט־איז ענלעכ ווערנ אפ זייַנע קרעפטיקע כאווירימ. זייער פּאָשעטע הייַזקע פונ ניט ארומגעטעסעטע בערווענעס איז געווענ אָנ א דיל, אונ אפנ דאכ איז געראָטנ געוואקסנ ווילדגראָז. די מאָנאָטאָנקייַט פונ די אוראלטע וועלדער איז געווענ צעשטערט אינ צוויי ערטער: דאָרט, ווו עס האָט זיכ געצויגנ דער אורשפרינגלעכער וועג קיינ פיטערסעי, אונ דאָרט, ווו עס האָט אינ די שטיינערנע ברעגנ זיכ אויסגעשפרייט אפ פיר מייַל די בלאנקענדיקע אָזערע, אונ מע האָט שוינ אפנ ווייַטנ ברעג געקאָנט זעגנ דאָס הויז פונ זייַנ נאָענטסטנ שאָכנ.



זייער לעבן איז געפלאָסן מאָנאָטאָן. קאָרני פלעגט אופשטיין באגינען, איינהייצן דעם אויוון, אופוועקן די שוועסטער און פלעגט גיין אָנפיטערן די פערד, און די שוועס־טער פלעגן דאָ דערוויל צוגרייטן פרישטיק. זעקס אזייגער האָט מען שוין דעם פרישטיק געהאט אָפגעפּארטיקט, און קאָרני פלעגט אוועק אף דער ארבעט. וועגן דעם אָנקום פון האלבן טאָג פלעגט זיך מארגעט דערוויסן נאָכן שאָטן, וואָס איז געפאלן פון איינעם א בוים אפן קוואל. דאן פלעגט לו ארויסהענגען א ווייס טיכל אף א שטענגל, און קאָרני, דערזעענדיק דעם סיגנאל, פלעגט זיך צוריקקערן פון פעלד אָדער פונעם היישניט, א שמוציקער, א פארברוינטער און א פארפלאמטער — א סימען פון מוטיקער קראפט און ערלעכער ארבעט. טאָר פלעגט צייטנווייז אוועק־גיין אף גאנצע טעג. אין אָוונט, ווען אלע פלעגן זיך ווידער צונויפקומען באם טיש, פלעגט ער קומען פון דער אָזערע אָדער פון די ווייטע בערג און פלעגט זיך זעצן עסן דאָס אָוונטברויט, וואָס האָט זיך מיט קיין זאך ניט אונטערשיידט פונעם פרישטיק און ווארעמעס, ווייל דאָס עסן איז געווען פונקט אזוי איינער־טיק, ווי די פארטיילונג פונעם טאָג: כאזערפלייש, ברויט, קארטאָפל און טיי, ווען־ניט־ווען אייער, וואָס מע פלעגט צונויפנעמען פונעם האלבן טוץ הינער, וואָס האָבן זיך באזעצט ארום דער קליינינקער הילצערנער פערד־שטאל. זעלטן־ווען פלעגט זיך נאָך באווייזן אָפּ. טאָר האָט ניט גוט געקענט שיסן, און קאָרני איז אינגאנצן געווען פארטאָן אין דער ארבעט אף דער פערמע.

## II

## דער לוקס

אינעם וואלד האָט אָפגעלעבט א לעבן א ריזיקע אלטע ווערבע. דער טויט איז זיך מילד מיט איר באגאנגען, ער האָט איר צוגעשיקט דריי געזעצלעכע וואָרע־נונגען: ערשטנס, האָט זי איבערגעלעבט אלע אירע שוועסטער, צווייטנס, זיינען שוין אירע קינדער געווען דערוואקסענע, און, ענדלעך, זי אליין איז שוין גע־ווען פון איגוויינעק א פוסטע. א ווינטערדיקער שטורעמווינט האָט צעבראָכן איר שטאם און אנטפלעקט א גרויסע אויסהוילונג אינעם סאמע הארצן. איצט איז די ווערבע געלעגן אינמיטן וואלד, ווי א לאנגע הילצערנע הייל, און האָט שוין געדינט אלס בראכטפולע וווינונג פאר איינעם א לוקס, וואָס האָט געזוכט א גע־מיטלעכן אָרט פאר זיינע צוקינפטיקע פיצלעך.



דער לוקס איז געווען אַן אַלטער און דערצו נאָך אַן אויסגעצערטער, ווײַל דאָס יאָר איז געווען אַ שלעכט יאָר פאַר די רויב־כײַעס. די מאַגייפע אָפ קראָ־ליקעס האָט פאַריקן האַרבסט אויסגעראָטן זייער הויפט־שפּײַז. דער שנייִיִקער ווינ־טער מיט די אומגעריכטע פרעסט האָט פאַרניכט קימאַט אַלע פעלדהינער. דער דויערנדיקער רעגנדיקער פרילינג האָט אומגעבראַכט די קליינע צאָל אייפּעלעך, וואָס זײַנען לעבן געבליבן, און האָט נאָך דערצו אַזוי שטאַרק פאַרפּלייצט די אָזערעס און טײַכן, אַז די פיש און די פרעש זײַנען געווען ניט צוטריטלעך פאַר אַלע שאַרפע נעגל, און אונדזער לוקס די מוטער האָט געליטן ניט ווייניקער פון אַלעמען.

די האַלב־אויסגעצערטע קליינינקע לוקסן זײַנען פאַר דער מוטער געווען בלויז אַ לאַסט און האָבן באַ איר צוגענומען צײַט, וואָס זי וואָלט געקאָנט פאַרווענדן אָפ געיעג.

די באַליבטסטע שפּײַז פון אַ לוקס זײַנען האָזן און קראָליקעס. עס זײַנען געווען יאָרן, ווען זי האָט זיי געקאָנט כאַפּן צו פופציק שטיק אַ טאָג. אָבער הײַנטיקס יאָר האָט זיך איר ניט געמאַכט קיין איינער אַפילו.

איינמאָל האָט זי געפאַקט אַ רויטע וועווערקע, וואָס איז אַרײַנגעלאָפן אין דער אויסהוילונג פון דער ווערבע. אַן אַנדערש מאָל איז איר איינציקע שפּײַז געווען אַן איפּעשדיקע נאַטער־שלאַנג. איין טאָג האָט זי אינגאַנצן געהונגערט, און דאָס קליינוואַרג האָט קוויטשענדיק געיאָמערט, ווײַל עס האָט אויסגעפעלט מילך באַ דער מוטער. איינמאָל האָט זי דערזען אַ גרויסע שוואַרצע כײַע מיט אַן עקל־האַפטן, אָבער באַקאַנטן רייעך. געשווינד און שטום האָט זי אַ שפּרונג געטאָן אָפ איר און האָט איר אַ זעץ געטאָן אין דער נאָז. אָבער דער שטעכל־כאַזער האָט אונטערגעבויגן דעם קאָפּ, זײַן עק איז אופגעשפּרונגען אין דער הייך, און דער לוקס די מוטער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין צען ערטער מיט בריִענדיקע קליי־נע דראָטלעך. זי האָט זיי אַרויסגעשלעפּט מיט די ציין, ווײַל זי איז שוין באַ־קאַנט געווען מיט די שפּיצלעך פון דעם שטעכל־כאַזער נאָך מיט יאָרן צוריק, און נאָר די ביטערע נויט האָט זי געקאָנט צווינגען אָנצופאַלן אַצינד אָפ אים.



דעם טאָג האָט זי גאָרנישט ניט געכאַפּט, אויסער אַ פראָש. אָפ מאָרגן, אַרומנישטערנדיק אין דער ווײַטער געדיכטעניש פונעם וואַלד אין דויערנדיקן גע־יעג נאָך שפּײַז, האָט זי דערהערט אַ מאָדנע רופנדיקע שטים. די שטים איז איר געווען אומבאַקאַנט. גייענדיק פאָרזיכטיק אָפן רוף, אַנטקעגן ווינט, האָט זי אָנגע־

טראָפּן פיל נײַע אומבאַקאַנטע רייכעס און עטלעכע אומבאַקאַנטע קלאַנגען. דער הילכיקער, דיַיטלעכער, שאַלנדיקער רוף האָט זיך ווידערהוילט בעשאַס דער לוקס די מוטער האָט זיך דערנעענטערט צום אָפענעם וואַלד־פּלאַץ. אינמיטן פּלאַץ זײַנען געשטאַנען צוויי ריזיקע פּיזעמ־ אָדער ביבער־הײַזער. אַזעלכע גרויסע הײַזער האָט זי קיינמאָל ניט געזען. זיי זײַנען געווען געבויט פון בערווענעס און זײַנען געשטאַנען ניט באַם וואַסער, נאָר אַף טרוקענער ערד.

לעבן די דאָזיקע הײַזער האָבן אַרומגעשפּאַצירט עטלעכע פעלדהינער, ריכטיקער, אַזעלכע אויפעס, וואָס זײַנען ענלעך אַף פעלדהינער, אָבער זיי זײַנען ווּקסיקער פון זיי און דערצו פון פאַרשיידענע קאָלירן — רויטע, געלע און ווײַסע.

זי האָט געציטערט פון אופגערייצטקײַט. שפּײַז! שפּײַז! אַ סאַך שפּײַז! און די אַלטע יעגערן איז צוגעפאַלן צו דער ערד. איר ברוסט האָט זיך געגליטשט איבערן גראָז. בייס אָט דער דאָזיקער כיטרער, זייער פאָרזיכטיקער אויס־שפּירונג האָבן זיך אירע עלנבויגנס אופגעהויבן העכער פונעם רוקן. זי מוז אומבאַדינגט כאַפּן איינע פון די דאָזיקע פעלדהינער, אום יעטווידן פּרײַז. אין דעם דאָזיקן געיעג איז ניט דערלאָזבאַר קיין מינדסטער פעלער. קיין שום שפּיצל טאָר ניט אויסגעמיטן ווערן. עס מעג אַפילע דויערן שאָען, אַ גאַנצן טאָג אַפילע — מע דאַרף זיך אַף אַזויפיל דערנעענטערן, אַז דער זיג זאָל זײַן געזיכערט.

צווישן דעם וואַלד און דער ווינונג איז געווען אַ מעהאַלעכ סאַכאַקל פון עטלעכע שפּרונג, אָבער זי האָט געפּאַטערט אַ גאַנצע שאָ אַף פויזען. פון פּניאָק צום קוסט, פון דער בערווענע צום הײַפל גראָז האָט זי זיך אַריבערגערוקט, אויסציִענדיק זיך איבער דער ערד, און די פעלדהינער האָבן זי ניט באַמערקט. זיי האָבן ניט אופגעהערט צו פּיקן, און די גרעסטע פון זיי האָט פון צײַט צו צײַט איבערגעכאַזערט יענעם קלאַנג, וואָס זי האָט דערהערט אין וואַלד. איינמאָל האָבן זיי עפּעס ווי דערשפּירט אַ געפאַר, אָבער דער דויערנדיקער אויסוואַרט האָט צעוויט זייער שרעק. אצינד זײַנען זיי שוין געווען גאָר־גאָר נאָענט, און זי האָט זיך אײַנגאַנצן געטרייסלט פון הונגער און פון יעגערישן ברען. איר בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אַף אַ ווײַס אָף, דאָס איז ניט געווען דאָס סאַמע נאָענטסטע, אָבער עס האָט זי צוגעצויגן צו זיך מיטן קאָליר.

דאָס ביבער־הײַזל איז געשטאַנען אַף אַן אויסגעהאַקטן וואַלד־פּלאַץ. עטוואָס ווײַטער זײַנען געדיכטע געוואַקסן הויכע ווילדגראָזן, דאָ און דאָרט האָבן אַרויס־



געשטעקט פּניאָקעס. דאָס ווײַסע אָפּ איז פּאַרקראָכן אין ווילדגראָז, דאָס שרײַענ־דיקע דאָס רויטע איז אַרופֿגעפֿלויגן אויף אַ ביבער־בערגל און האָט זיך ווידער צעזונגען. דער לוקס די מוטער איז נאָך נידעריקער צוגעפֿאַלן צו דער ערד.



דער געשריי פֿון דעם רויטן אָפּ האָט זיך איר אויסגעדאַכט ווי אַן אַליאַרעם־סיגנאַל, — אָבער ניין, דאָס ווײַסע איז נאָך דאָ, אָט זעען זיך אַרויס זײַנע פֿעדערן פֿון צווישן די גראָזן. אַצינד איז פֿאַר דער מוטער געלעגן אַן אָפֿענער פּלאַץ. אײַנשרומפּנדיק זיך, ווי אַ פּוסטע פֿעל, האָט די יעגערן לאַנגזאַם און שטום אַרי־בערגעפּויזעט אַריבער דעם קלאָץ, וואָס איז ניט גרעבער געווען פֿון איר האַלדז. אויב עס וועט איר געלינגען צו דערגרייכן יענץ הײַפֿל גראָז, וועט זי פֿונדאַנען דורכשמוגלען אינעם ווילדגראָז, און דאַן וועט מען קאָנען אַ שפּרונג טאָן. איצט האָט זיך שוין צו איר דערטראָגן דער רייעך פֿון די אויפֿעס — אַ וואַרעמער, אַ מעכטיקער רייעך פֿון לעבן, פֿון בלוט־און־פֿלייש. דערשפּירנדיק דעם דאָזיקן רייעך, איז זי אויפֿגעציטערט געוואָרן און די אויגן האָבן זיך בײַ איר אָנגעצונדן.

די פֿעלדהינער האָבן נאָך אַלץ געשאַרט די ערד און געפּיקט. איינע פֿון זיי איז אַרופֿגעפֿלויגן אויף אַ בערגל, אָבער די ווײַסע האָט זיך אַלץ ניט גערירט פֿונעם אָרט. נאָך פֿינף גליטשיקע, שטילע טריט, און דער לוקס איז שוין הינטער די ווילדגראָזן, דורך וועלכע עס האָבן דורכגעלויכטן די ווײַסע פֿעדערן. ער האָט באַ־גריפֿן די שטרעקע, אָנגעטאַפּט דעם באָדן, אָפּגעשאַרט מיט די הינטערשטע פֿיס די טרוקענע ריטלעך, וואָס האָבן אים געשטערט, און אַ שפּרונג געטאָן. די ווײַסע הון האָט שוין בעשומויפֿן ניט געקאָנט דערוויסן זיך, מיט וואָס פֿאַר אַ טויט זי שטאַרבט. עס איז אָנגעפֿלויגן אַ גרויער שאָטן, געשווינדע און פֿאַרדאַרבנדיקע נעגל האָבן זיך אַרײַנגעשטאָכן אין איר לײַב, און די איבעריקע אויפֿעס האָבן נאָך ניט באַוויזן צו באַמערקן דעם סוינע, איז שוין דער לוקס פֿאַרשוווּנדן, אַוועקטראָגנדיק אין די קינבאַקן די צאַפּלענדיקע ווײַסע הון.



רעוועענדיק פֿון צאָרן און היספּײַלעס, האָט דער לוקס זיך אָפּגעטראָגן, שפּרינ־גענדיק אין וואַלד אַרײַן. ווען ס'איז שוין אַנשטילט געוואָרן דער לעצטער צאַפּל אינעם לײַב פֿונעם קאָרבן, האָט דער לוקס דערהערט הינטער זיך שווערע טריט. ער איז אַרופֿגעשפּרונגען אויף אַ בערוועטע. די פֿליגל פֿונעם פֿויגל האָבן אים פֿאַרשטעלט די אויגן, דעריבער האָט ער אַוועקגעלייגט די הון לעבן זיך, צוהאַלטנ־דיק זי פֿעסט מיט דער לאַפּע. די טריט האָבן זיך דערנענטערט, אין די קוסטעס איז געוואָרן רוישיק, און עס האָט זיך באַוויזן אַ ייִנגל. דער אַלטער לוקס האָט

געקענט מענטשן און האָט זיי געהאַסט. ער האָט זיי נאָכגעשפּירט אין די נעכט, צוגעקוקט זיך צו זיי, אנטלאָפן פון זיי, און איינמאָל האָבן זיי אים פאַרווונדעט. בא א מינוט איז דער לוקס און דאָס יינגל געשטאַנען אויג אפ אויג. די יעגערן האָט זיך צעברילט, וואָס עס האָט באטייט א וואָרענונג און אן ארויסרופ, האָט א כאַפּ געטאָן די הונט און איז אראָפּגעשפּרונגען פון קלאָץ אין די געדיכטע קוסטעס. ביז דער הייל איז נאָך פאַרבליבן בא א צוויי מייל, דער לוקס האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט, קעדיי אופצועסן די הונט, ביז ער האָט ניט דערזען דעם זוניקן וואלד-פּלאַץ מיט דער גרויסער ווערבע. ערשט דעמלט האָט א שטילער „פּר-ר, פּר-ר" ארויסגערופן דאָס יונגווארג פון דער ווערבע-לאָך, און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער געהויבענער מאָלצייט.

## III

## דאָס לוקס-הויז

טאָר, וואָס האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אין שטאָט, האָט די ערשטע צייט מוירע געהאַט צו פאַרקלייבן זיך טיפ אין וואלד. אויב אין וואלד האָט זיך ניט געהערט דאָס קלאַפּן פון קאָרניס האַק, פלעגט ער זיך צוריקקערן אהיים. אָבער מיט יעדן טאָג איז ער געוואָרן אלץ דרייסטער און פלעגט זיך אוועקלאָזן אלץ ווייטער און ווייטער, אָריענטירנדיק זיך נאָך דער זון און נאָכן קאָמפּאַס. זיין פאַרלאַנג איז געווען ניט דערמאָרדן, נאָר דערלערנען דאָס לעבן פון די ווילדע חייעס. אָבער א נאַטוראַליסט איז שטענדיק ענלעך צו א יעגער, און מיט דער ביקס האָט ער זיך קיינמאָל ניט געשיידט. דער איין-און-איינציקער מער אָדער ווייניקער אָנזעעוודיקער איינוווינער פון זייער וואלד-פּלאַץ איז געווען א פּעפער. ער האָט געוווינט אין א נאָרע אונטער א פניאָק, א טריט הונדערט פון דער הייזקע. אין א זוניקן פרימאָרגן האָט דער פּעפער ליב געהאַט צו קוויקן זיך אפן פניאָק. אָבער שטענדיקע פאָרזיכטיקייט איז נייטיק יעדן איינעם, וואָס לעבט אין וואלד.

דער פּעפער איז שטענדיק געווען וואכזאם, און טאָר האָט זיך אומזיסט באמיט צו דערשיסן אָדער אפילע צו פאַנגען אים אין א פּאַסטקע.

— ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, — האָט איינמאָל אינדערפרי זיך צו אים געווענדט קאָרני, — שוין צייט צו פאַרזוכן א שטיקל פריש פלייש.



ער האָט ארויסגענומען זיין שמאָלע פּאַרצייטיקע ביקס, און אָנלאָדנדיק זי מיט דער פּינקטלעכקייט פון א געניטן שיסער, האָט ער געעפנט די טיר פונעם

הײַזל און האָט אויסגעשאָסן. דער פּעפּער האָט זיך איבערגעקוליעט אפן רוקן און מער האָט ער זיך שוין ניט גערירט פון אָרט. טאַר האָט זיך געלאָזט לויפן צו אים און צוריקגעקערט זיך, טריומפירנדיק, מיט דעם כײַעלע אין האנט, שרײַענדיק:

— גלײַך אין קאָפּ — פאר הונדערט צוואנציק שפאן!

קאַרני האָט פארבאָרגן א זעלבסט-צופרידענעם שמייכל. אָבער זײַנע מויל־ווינקלען האָבן זיך געצוקט, און די פינקלענדיקע אויגן האָבן זיך נאָך העלער צעלויכטן.

דאָס איז ניט געווען א מאָרד צוליב מאָרד. דער פּעפּער האָט דאָך געקאָנט אויסראָטן דאָס גאנצע פעלד. די פרײַנט האָבן אָפּגעגעסן מיטיק מיט דעם גע-שמאקן פלייש פון דעם כײַעלע, און קאָרני האָט באוויזן טאָרן, וויאזוי מע בא-ארבעט דאָס פעלכל. פריִער פאר אלץ איז דאָס פעלצל פארוויקלט געוואָרן אין אש אפ פיר און צוואנציק שאָ און ס'איז פון דעם אויסגעקראָכן די גאנצע האָר. דערנאָך האָט מען דרײַ טעג געווייקט דאָס פעלכל אין זייף-וואסער און געריבן עס מיט די הענט אזוי לאנג, ביז עס האָט זיך אויסגעטריקנט און זיך פארוואנדלט אין ווײַסן שטיַיפן לעדער.

ארומבלאָנקענדיק איבערן וואלד, פלעגט טאָר גאנץ אָפּט טארקריכן זייער ווײַט. ער האָט געזוכט פאסירונגען, אָבער זיי פלעגן שטענדיק קומען אומגעריכט, וויפל ער זאָל זיך ניט יאָגן נאָך זיי. א סאך טעג זײַנען געווען אינגאנצן גרוי, אייניקע טעג זײַנען, פארקערט, געווען פול מיט געשעענישן, — אומדער־ווארטקײַט איז די הויפּט-אייגנשאפט און רייץ בא יאגד. איינמאָל איז ער ארי-בער דעם בארג־רוקן און איז אָנגעקומען אפ אן אָפענעם וואלד-פלאץ, ווו ס'איז געלעגן א צעבראָכענער שטאם פון א ריזיקער ווערבע. די גרייס פונעם שטאם האָט אים איבערראשט. ער האָט זיך געלאָזט גיין ווײַטער אין דער ריכטונג צו דער אָזערע, וואָס ער האָט דערזען ניט ווײַט פונדאנען, און אין א מינוט צוואנ-ציק ארום איז ער אופגעציטערט געוואָרן, דערזעענדיק פלוצעם אפ א סאָסנע א גרויסע שווארצע באשעפעניש, א שפאן דרײַסיק פון דער ערד. א בער! אָט איז זי, ענדלעך, די געשעעניש, אפ וועלכער ער האָט ארויסגעקוקט א גאנצן זומער. וויפל מאָל האָט ער זיך פאָרגעשטעלט פאר די לעצטע יאָרן, וויאזוי ער וועט זיך האלטן, ווען ער וועט באגעגענען א בער!

טאָר איז ווי צוגעשמידט געוואָרן צום אָרט. זײַן רעכטע האנט האָט זיך







אַראָפּגעלאָזט אין קעשענע. ארויסשלעפנדיק פון דאָרטן עטלעכע גרויסע שרויט, האָט ער זיי ארופגעלייגט אפ די דריבנע שרויטלעך, מיט וועלכע ס'איז געווען אָנגעלאָדן די ביקס, און האָט עס פארשטעקט מיט א פּראָפּן, קעדיי דער שרויט זאָל זיך ניט ארויסשיטן.

דער בער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. דאָס ייִנגל האָט ניט געקאָנט זען זײַן קאָפּ, אָבער ער האָט איצט גענומען אופמערקזאמ זיך צוקוקן צו אים. אייגנטלעך, איז ער גאָר ניט אזוי גרויס — אָבער דאָס איז מיסטאמע א קליינ בערעלע, יאָ, גאָר א קליינס. א בערעלע! הייסט עס, אז ערגעץ דאָ נאָענט באהאלט זי אויס די בעריכע! טאָר האָט מיט א געוויסער מוירע זיך ארומגעקוקט אינ אלע זײַטן, אָבער ניט באמערקנדיק קיינ שום שפּורנ פון דער בעריכע, האָט ער אופגעהויבנ די ביקס און האָט אויסגעשאָסן.

צו זײַנ גרויסער איבעראשונג האָט די באשעפעניש א פאל געטאָנ אפּ דער ערד אָנ שום סימענ פון לעבנ. דאָס איז גאָר ניט געווען קיינ בער, נאָר א שטעכלכאזער. דאָס ייִנגל האָט אים באטראכט מיט כידעש און מיט ראכמאָנעס, ווײַל ער האָט גאָר ניט געהאט בעדייע צו דערהארגענען אזא אומשולדיקע באשעפעניש. אפּ דעם שטעכל־כאזערס נעזל זײַנען געווען סימאָנים פון צוויי אָדער דרײַ ריצן, וואָס האָבן איידעס געזאָגט, אז טאָר איז געווען ניט זײַנ איינציקער סוינע. בעשאס ער האָט זיך געקליבן אוועקגיין, האָט ער באמערקט, אז ער האָט זיך שטארק פארשטאָכן די האנט אָן די שטעכלקעס פון דער כײַע. ווען לו האָט זיך דערוווּסט, אז טאָר האָט איבערגעלאָזט דעם שטעכל-כאזער אינ וואלד, האָט זי אים אויסגעזידלט. ער האָט געדארפט געווען אָפּשינדן די פעל: זי מוז דאָך אזוי נייטיק האָבן א פוטערנע פעלערינקע אפּ ווינטער!

איינמאָל איז טאָר ארויסגעגאנגען אָנ א ביקס, ער האָט בלויז געוואָלט אָנקלײַבן איניקע נעוויקסן, וואָס ער האָט געהאט באמערקט אינ וואלד. די דאָזיקע געוויקסן האָבן זיך געפונען ניט ווײַט פונעם וואלד-פלאץ, ווו ס'האָט זיך געוואלגערט אָנ אײַנגעפאלענער אולמענ־בוים. דערנענטערנדיק זיך צום בוים, האָט ער דערהערט א מאָרנעם קלאנג. דערנאָך האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז אפּנ שטאם באוועגט זיך עפּעס. ער האָט צענומען די צווײַגן און האָט דערזען דעם קאָפּ און דעם עק פון א ריזיקן לוקס. דער לוקס האָט אים אויך דערזען און האָט זיך צערעוועט, בליצנדיק מיט די אויגן. אונטער זײַנע לאפּעס איז אפּנ שטאם געלעגן א ווײַס אָפּ. צוקוקנדיק זיך, האָט ער דערקענט אינעם אָפּ איינע פון די איי-



גענע טײַערע הינער. די כײַע האָט אים אויסגעוויזנ זייער א שלעכטע אונ א גרויזאמע. דאָס ייִנגל האָט זי פײַנט געקראָגנ פונ גאנצנ הארצנ. ער האָט געקריצט מיט די ציינ פונ פארדראָס, וואָס ער האָט דאָ ניט מיט זיכ די ביקס פונקט איצט, בעשאס אימ האָט זיכ געמאכט אזא אויסערגעוויינלעכער פאנג. אויסער דעמ האָט ער זיכ גאנצ היפש דערשראָקנ אונ איז געשטאנענ א געפּלעפטער, ניט וויסנדיק וואָס הייבט מענ אָנ צו טאָנ. דער לוקס האָט זיכ נאָכ שטארקער צערעוועט. זײַנ טעמפּער עק האָט בייז א צוק געטאָנ, דערנאָכ האָט דער לוקס א כאפּ געטאָנ דעמ קאָרבנ, אונ אראָפּשפּרינגענדיק פונ שטאמ, איז ער פארשוואונדנ גע־וואָרנ אינ דער וואלד־געדיכטעניש.

אזויווי דער זומער איז געווענ א רעגנדיקער אונ די ערד איז אָנגעווייקט געוואָרנ, האָט זיכ דער יונגער יעגער גאנצ אָפּט אָנגעשטויסנ אפ אזעלכע שפּורנ, וואָס ער וואָלט גאָר ניט באמערקט, ווענ עס וואָלט געווענ א טרוקענער וועטער. איינמאָל האָט ער דערזענ אינ וואלד שפּורנ, וואָס זײַנענ ענלעכ אפ כאזערשע טלאָענ. ער האָט זיי לײַכט געקאָנט אויסשפּירנ, ווײַל די כאזיירימ זײַנענ דאָ, קענטיק, ערשט דורכגעגאנגענ. אלע איבעריקע שפּורנ זײַנענ אראָפּגעוואשנ גע־וואָרנ פונעמ שלאקסרעגנ, וואָס איז דאָ דורכגעגאנגענ מיט צוויי שאָ צוריק. דורכגייענדיק בא א האלבנ מײַל, איז ער אָנגעקומענ צו א רוי, וואָס אפ דער צווייטער זײַט זײַנער האָט ער באמערקט ווײַסע פלעקנ. זײַנע שארפע יונגע אויגנ האָבנ דערזענ די קאָנטורנ פונ אנ אינד אונ פונ א געפלעקט הירשעלע, וואָס האָבנ אימ נײַגעריק אָנגעקוקט. ניט געקוקט דערופ, וואָס דאָס ייִנגל איז געקומענ אהער לויט זייערע שפּורנ, האָט אימ די אנטדעקונג פונדעסטוועגנ שטארק איבערראשט. ער האָט געקוקט אפ זיי מיט אנ אָפנ מויל. די מוטער האָט זיכ אויסגעדרייט אונ, אופהייבנדיק אנ אליארעמ-סיגנאל—איר ווײַסנ עק,—האָט זי זיכ אוועקגעטראָגנ מיט לײַכטע שפּרונגענ צוזאמענ מיט איר קינד, פליִענדיק דורכ דעמ נידעריקנ ביימער־וואלגער אָנ קיינ שומ אָנשטרענגונג אונ מיט א קעצישער שלאנקײַט, דורכגליטשנדיק זיכ אונטער די נידעריקע צווײַגנ.

מער האָט ער שוינ קיינמאָל ניט געהאט די מעגלעכקײַט צו שיסנ אינ זיי, ניט געקוקט דערופ, וואָס ער האָט אָפּט געטראָפנ די זעלביקע שפּורנ.

ער האָט זיי מער קיינמאָל ניט געזענביידנ צוזאמענ. אָבער די מוטער אליינ האָט ער איינ מאָל דאָכ באגעגנט. שמעקנדיק די לופט, באריִרנדיק די ערד, האָט זי אויסגעזענ זייער פארדײַגעט. מיסטאמע האָט זי געזוכט איר הירשעלע.

טאָר האָט זיך דערמאָנט דאָס שפּיצל, וואָס קאָרני האָט אים אויסגעלערנט. ער האָט זיך פאָרזיכטיק אָנגעבויגן, אויסגעריסן א ברייט גראָז, אוועקגעלייגט עס צווישן ביידע גרויסע פינגער און א בלאָז געטאָן אין אָס דעם פּרימיטיוון פייפל. דער פייפס איז געווען ענלעך אף א שארפער, אָפּגעהאקטער מעקעריי. כאָטש די אינד איז געווען גאנצ ווייט פון אים, האָט זי זיך דאָך געלאָזט לויפן צו טאָרן. ער האָט א כאפּ געטאָן די ביקס, גרייט צו דערשיסן זי. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך א קער געטאָן, האָט זי אים גלייך באמערקט און איז געבליבן שטיין. די האָר פון איר פעל האָבן זיך עטוואָס אָנגעשפּיצט. זי האָט א פּירקע געטאָן און אָנגעקוקט אים פרעגנדיק. דער בליק פון אירע גרויסע מילדע אויגן האָט גערירט זיין הארצ און צוריקגעהאלטן זיין האנט. זי האָט זיך פאָרזיכטיק א רוק געטאָן נעענטער, אריינגעטאָכעמט טיף אין זיך די לופט, און פארשטייענדיק, ענדלעך, אז עס שטייט קעגן איר א בלוטיקער סוינע, האָט זי זיך א וואָרף געטאָן הינטערן שטאם פון א בוים און איז פארשווונדן געוואָרן, איידער דאָס יינגל האָט נאָך באוויזן צו באפרייען זיך פון זיין ראכמאָנעס־געפיל.

„האָט געבעטן פארלאָרן, אפּאָנעם, איר קינד“,— האָט טאָר א טראכט געטאָן.

דאָס יינגל האָט ווידער באגעגנט דעם לוקס אין וואלד. אין א האלב שאָ ארום נאָך דער באגעגעניש מיט דער איינזאמער אינד איז ער אריבערגעגאנגען איבערן לאנגן בארג-רוקן, וואָס האָט זיך געפונען עטלעכע מייל צאָפנדיקער פון זייער הייזקע. ער איז שוין דורכגעגאנגען דעם וואלד־פלאצ, ווו ס'איז געלעגן די אויסגעהויקטע ווערבע, און האָט מיטאמאָל דערזען פאר זיך א גרויס העצל מיט א קורצן עק, וואָס האָט אף אים גוטמוטיק געקוקט. די ביקס האָט ער, ווי שטענדיק, דערלאנגט א הייב אין דער הייך, אָבער דאָס קעצל האָט בלויז אָנגעבויגן דעם קאָפּ אָן א זייט און דאָך ווייכער אָן מוירע געקוקט אף אים. אין דער דאָזיקער צייט האָט א צווייט קעצעלע, וואָס ער האָט ביז איצט ניט באמערקט, זיך אָנגעהויבן שפּילן מיטן ערשטן, געפּאטשט עס מיט דער לאפּע איבערן עק און גערופן עס שפּילן.

צוקוקנדיק זיך צו זייערע קונציקע שפּרונגען, האָט טאָר אינגאנצן פארגעסן אָן דער ביקס. אָבער אינגיכן האָט זיך אין אים דערוועקט דער פריערדיקער געפיל פון סינע. ער האָט נאָר א טראכט געטאָן אופצוהייבן די ביקס, און איז פּלוצעם אופגעציטערט געוואָרן פון א הילכיקער ברומעריי. אף א מעהאלעך ניט מער פון צען פוס האָט זיך באוויזן דער אלטער לוקס, א וווק-

סיקער און א צעררייצטער, ווי א טיגער. עס וואָלט געהען אן אומזינ צו שיסנ איצט אינ איינעם פונ די קליינע לוקסנ. דאָס ייִנגל האָט ציטערנדיק צוגעשאָטנ גרויסנ שרויט אינ דער ביקס, צוהערנדיק זיכ צו דער בייזער ברומערײַ. אָבער נאָכ איידער ער האָט באוויזנ אָנצילעווענ זיכ, האָט דער לוקס א כאפ געטאָנ עפּעס אזוינס, וואָס איז געלעגנ אונטער זײַנע פיס. דאָס ייִנגל האָט באוויזנ צו באמערקנ ווײַסע פלעקנ אפ א שווארצ פעלכל,— דאָס איז געווענ דער טויסער קערפּער פונ דער אינדס קליינ הירשעלע. דערנאָכ איז דער לוקס פארשווונדנ צווישנ דיביימער. די קליינינקע לוקסנ האָבנ זיכ געלאָזט נאָכ דער מוטער. מער האָט ער דעמ לוקס ניט געטראָפנ, ביז ס'איז זיי ביידנ ניט אויסגעקומענ צו לייגנ זיכ אפנ וואָגשאָל — א לעבנ קעגנ א לעבנ.

## IV

## די שרעק פונ די וועלדער

עס זײַנענ אוועק אָנדערהאלבנ כאדאָשימ וואָכעדיק לעבנ, ווענ אינ איינ שיינעמ טאָג האָט קאָרני פארווונדערט זײַנ פרײַנט און זײַנע שוועסטער מיט זײַנ מאָדנער שווײַגעוודיקײַט. זײַנ שיינ פּאָנעמ איז געווענ זייער ערנסט, און ער האָט גאָר ניט געזונגענ, ווי געוויינלעכ, בעשאס ער האָט זיכ געדרייט ארומ דער ווירטשאפט. טאָר איז געשלאָפנ צוזאמענ מיט קאָרני, אפ איינ טאָפּטשאנ אינ ווינקל פונעמ הויפּט־צימער, און באנאכט האָט זיכ טאָר גאנצ אָפט אופגעכאפּט פונ שלאָפ, ווענ דער כאווער האָט געקרעכצט און גערעדט פונ היצ.

אינדערפרי איז קאָרני אופגעשטאנענ, ווי געוויינלעכ, און איז אוועק באַזאָרגנ מיט פיטער די פערד, ער האָט זיכ אָבער ווידער צוגעלייגט אפ א ווײַלע, קאָלזאנ די שוועסטער האָבנ געגרייט פרישטיק. שפּעטער א ביסל האָט ער אָנגעשטרענגט אלע קויכעס און איז אוועק צו דער ארבעט, ער האָט זיכ אָבער צוריקגעקערט פריִער ווי אלעמאָל, טרייסלענדיק זיכ פונ קאָפּ ביז די פיס. ניט געקוקט אפ דער זומערדיקער היצ, האָט ער זיכ בעשומויפנ ניט געקאָנט דערוואַרעמענ. אינ א פּאָר שאָ ארומ האָט זיכ בא אימ שטארק אופגעהויבנ די טעמפּעראטור. איצט איז פאר אלעמענ קלאָר געוואָרנ, אז קאָרני האָט זיכ אָנגעשטעקט מיט דעמ שרעקלעכנ וואלד־פיבער. מארגעט האָט אָנגעקליבנ שוויצ־גראָזנ און האָט אימ גע־געבנ צו טרינקענ, אָבער ניט געקוקט אפ אלע באמיִונגענ, איז דעמ יונגנמאנ גע־וואָרנ אלצ ערגער. פאר צענ טעג איז ער שטארק אויסגעצערט געוואָרנ און האָט



פארלאָרן אינגאנצן די ארבעטספעיִקייט. ענדלעך, דערפילנדיק א צײַטווײַליקע פאר-לײַכטערונג, האָט דער קראנקער פעסט געזאָגט צו זײַנע שוועסטער:

— טײַערע שוועסטערלעך, איך קאָן דאָס שוין מער ניט אויסהאלטן. איך וועל צופאָרן בעסער אהיים. היינט פיל איך זיך אזוי גוט, אז איך וועל נאָך קאָנען אָנטרײַבן די פערד כאָטש ביז האלבן וועג. און אז מיר וועט ניטגוט ווערן, וועל איך זיך אויסציִען אין וואָגן און די פערד וועלן מיך אליין ברענגען צו פירן. די מאמע וועט מיך אין א וואָך ארום אוועקשטעלן אף די פיס. אויב אײַך וועט אויספעלן שפײַז, פאָרט צו אף א שיפל צו עלערטאָנגע און נעמט בא אים.

די מיידלעך האָבן אײַנגעשפאנט די פערד, אָנגעשאָטן היי אין וואָגן, און קאָרני, א בלאסער און א שוואכער, איז אוועקגעפאָרן פון זיי אף דעם צעפאָ-רענעם וועג. די פארבליבענע האָבן געהאט דעם געפיל פון מענטשן, וואָס זײַנען איבערגעלאָזט געוואָרן אף א וויסט אינדזל.

עס זײַנען נאָך ניט אוועק אפילע קיין צוויי טעג, און אלע דרײַ, מארגעט, לי און סאָר זײַנען אויך קראנק געוואָרן אף נאָך א שווערערן פיבער.

בא קאָרנין פלעגן איבער א טאָג טרעפן „גוטע טעג“, און די דרײַ נײַע קראנקע האָבן אפילע אזעלכע „גוטע טעג“ ניט געהאט. אין שטוב האָט געהערשט א פולשטענדיקער טרויער און אײַנזאמקײַט.

עס זײַנען אוועק זיבן טעג, מארגעט האָט שוין ניט געקאָנט אופשטיין פון בעט, און לו איז קוים אימשטאנד געווען אריבערשלעפן זיך פון איין צימער אין דעם צווייטן. לו איז געווען א האַפערדיק מיידל, באשאָנקען פון דער נאטור מיט א פײַנעם הומאָר, וואָס האָט שטארק אונטערגעהאלטן דעם מוט בא די קראנקע. אָבער די פריילעכסטע וויצן אירע פלעגן ארויסרופן א גרויל, ווען מע פלעגט א קוק טאָן אף איר אויסגעצערטן פנעמל. סאָר, כאָטש ער איז אויך געווען קראנק און שוואך, איז פונדעסטוועגן געווען קרעפטיקער פון זיי און ער פלעגט יעדן טאָג צו-גרייטן און דערלאנגען זיי א ביסל שפײַז. ער פלעגט זיי שפײַזן בלויז איין מאָל אין טאָג, ווײַל זיי האָבן געהאט א שוואכן אפעטיט. אגעוו, זײַנען זיי געווען צופרידן פון דעם, ווײַל עס איז פארבליבן ווייניק פראָדוקטן, און קאָרני האָט זיך נאָך אלץ ניט צוריקגעקערט.

אינגיכן איז בלויז סאָר אליין אימשטאנד געווען אופצוהייבן זיך פון בעט, און איינמאָל אינדערפרי, בײַס ער האָט זיך אראָפגעשלעפט פון בעט ברענגען דאָס גע-

ווײנלעכע פּענעצל כאזער, האָט ער מיט שרעק דערזען, אז ס'איז פארשווונדן געוואָרן דאָס גאנצע שטיק כאזער, וואָס ער האָט אזוי זאָרגפול אָפּגעהיט. קלאָר, אז עפּעס א ווילדע כײַע האָט עס ארויסגעשלעפּט פון קעסטל, ווו מע האָט עס אָפּגעהיט פון פליגן אינעם שאָטנדיקן טייל פונעם שטיבל. אצינד איז אין שטיבל פארבליבן בלויז טיי און מעל. ער איז געוואָרן אויסער זיך פון פארצווייפלונג. פּלוצלינג איז זײַן בליק געפאלן אף די הינער אין שטאל. אָבער וואָס איז די פּולע? ער איז איצט אזוי אָפּגעשוואכט, אז כאפּן א הון איז פאר אים ניט גרינגער, ווי פאנגען א הירש אָדער א שפארבער. אָבער ער האָט זיך גלײַך דערמאָנט אָן דער ביקס, און אינגיכן האָט ער געפליקט א פעטע הון צום זופּ. ער האָט זי גוט אָפּגעקאָכט און די הינער־יויך איז געווען די ערשטע ווירקלעכע געשמאקע שפּײַז, וואָס זיי האָבן געהאט פאר דער לאנגער צײַט.

זיי האָבן זיך אונטערגעהאלטן מיט דער הון דרײַ פײַנלעכע טעג, און אז פון איר איז קיין זייכער ניט פארבליבן, האָט זיך טאָר ווידער גענומען פאר דער ביקס, — זי האָט אים איצט אויסגעוויזן פיל שווערער, ווי פריִער. ער האָט זיך קוים דערשלעפּט צו דער שטאל, אָבער ער האָט אזוי געציטערט פון שוואכקײַט, אז ער האָט עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן פארבײַ, ביז עס איז אים געלונגען צו דערשיסן א הון. די ענגלישע ביקס האָט קאָרני מיטגענומען מיט זיך, און בא אים זײַנען פארבליבן סאכאקל דרײַ קוילן.

טאָר האָט זיך פארוואונדערט, בעשאס ער האָט דערזען סאכאקל דרײַ אָדער פיר הינער, פריִער זײַנען דאָ ארומגעלאָפן מער פון צוועלף שטיק. אין דרײַ טעג ארום האָט ער ווידער באנײַט זײַן געיעג. עס איז פארבליבן סאכאקל איין-און-איינציקע הון, אף וועלכער ער האָט געפּאטערט זײַנע לעצטע קוילן.

זײַן לעבן איז איצט געווען שרעקלעך איינארטיק. איינדערפרי, ווען אים איז געווען פארהעלטניסמעסיק לײַכטער, פלעגט ער צוגרייטן א ביסל שפּײַז פאר זיך און פאר די קראנקע מיידלעך און פלעגט זיך צוגרייטן צו דער פיבערדיקער נאכט, אוועקשטעלנדיק אַן עמער וואסער צוקאָפּנס פון יעדן בעט. אַן ערעך אזייגער איינס, מיט א גרויזאמער פּינקטלעכקײַט, פלעגט אויסברעכן דער פיבער. דאָס ייִנגל האָט זיך געטרייסלט פון קאָפּ ביז די פיס, עס האָט אים געקלאפּט א צאָן אָן א צאָן, און א קעלט פלעגט אים דורכדרינגען פון אינווייניק און פון אויסן. קיין שום זאך האָט אים ניט געקאָנט דערוואַרעמען — דאָס פײַער האָט, אפּאָנעם, פארלאָרן זײַן ווירקונג. ער האָט נאָר געהאט איין ברירע — ליגן און טרייסלען זיך און דולדן די

לאנגוזאמע פּיַנ פונ דערפראָרנ ווערנ אפ טויט אונ צעפּאלנ חערנ אפ שטיקער. אָט אזוי פלעגנ דורכגיינ זעקס שאָ. צו דער קעלט פלעגט נאָכ צוקומענ א פּיַנלעכע שאָפלקייַט. דערנאָכ פלעגט אזייגער זיבנ אָדער אכט באנאכט אָנקומענ אנ ע:דערונג. עס פלעגט זיכ אָנהייבנ אנ אָנפאל פונ שרעקלעכער היצ, אונ קיינ שום אייַז וואָלט אים דעמלט ניט אויסגעוויזנ צו קאַלט. וואסער, וואסער — מער האָט ער דעמלט ניט באדארפט, אונ ער האָט געטרונקענ אונ געטרונקענ ביז דרייַ, פיר אזייגער אינ־דערפרי, ביז עס פלעגט אָפּפאלנ די היצ. פארטאָג פלעגט ער אנשלאָפנ ווערנ אנ אויסגעמאטערטער ביז גאָר.

„אויב בא אייַכ וועט אויספעלנ שפּייַז, פאָרט צו אמ א שיפל צו עלער־טאָנענ“,— האָט אָנגעזאָגט דער ברודער, אוועקפאָרנדיק. אָבער ווער וועט פירנ דאָס שיפל?

אצינד איז צווישנ זיי אונ טויט פארבליבנ סאכאקל איינ האלבע הונ. אונ פונ קאָרני איז קיינ שום ידיעה ניטאָ.

— שוינ אָט דרייַ אומענדלעכע וואָכנ, ווי עס דויערנ די פּייַנלעכע ליידנ. יעדנ טאָג דאָס זעלבע, נאָר מיט יעדנ טאָג ווערט נאָכ אלצ א ביסל ערגער. נאָכ א פּאָר טעג, אונ דאָס ייִנגל וועט זיכ אויכ ניט קאָנענ אופהייבנ פונ בעט. וואָס וועט דאנ זייַנ?

א גרויל איז זיי באפאלנ. אונ פונ יעדנ הארצ האָט זיכ געריסנ א שטומער אויסגעשריי: „ניט שוינ זשע וועט זיכ קאָרני קיינמאָל ניט אומקערנ?“

## V

## בא טאָרנ אינ צימער

דער גאנצער פרימאָרגנ איז בא טאָרנ אוועק אפ ברענגענ דרייַ עמער וואסער. דער פיבער איז אים באפאלנ פריִער ווי געוויינלעכ, אונ די היצ איז געווענ א גרעסערע, ווי שטענדיק.

ער האָט אָפּס אונ א סאכ געטרונקענ פונעם עמערל, וואָס איז געשטאנענ בא אים צוקאָפּנס פונ בעט. פארנאכט האָט ער געבראכט א פולנ עמער, אָבער עס איז אינ אים גאָרנישט ניט געבליבנ צו אזייגער צוויי אינדערפרי, ווענ עס איז אים אָפּגעפאלנ די היצ, אונ ער איז אנשלאָפנ געוואָרנ.



אינ דער שאָ פונ גרויענ באגינענ האָט אים אופגעוועקט א מאָדנער נאָענ־טער וואסער־פּליעסק. ער האָט א דריי געטאָנ דעם קאָפּ אונ האָט דערזענ קי־



מאט הארט לעבנ זײַנ פאָנעמ צװײ פינקלענדיקע אויגנ — עפּעס א גרויסע באשע-פעניש האָט געזשליאָקעט װאסער פונעמ טמערל, װאָס איז געשטאנענ לעבנ זײַנ בעט.

טאָר האָט מיט שוידער געקוקט אפ דער באשעפעניש, דערנאָך האָט ער צו-געמאכט די אויגנ, ער איז געװענ זיכער, אז ער שלאָפט אונ זעט אינ כאָלעמ אינדיע אונ א טיגער, װאָס שטײט בא אימ צוקאָפנס. אָבער דער װאסער-געפליעסק האָט אלצ ניט אופגעהערט. ער האָט א הײב געטאָנ דעמ קאָפ: יאָ, די כײַע איז נאָכ אלצ דאָ. ער האָט געפרוּװט א געשרײ טאָנ, אָבער פונ זײַנ האלדז האָט זיכ ארויסגעריסנ בלויז א שװאכ געמורמל. דער גרויסער פאטלאטער קאָפ האָט א ציטער געטאָנ. פונ אונטער די פײַערדיקע שװארצאפלענ האָט זיכ ארויסגעריסנ א פאָרשקערײַ. די מאָרנע באשעפעניש האָט זיכ אפ אלע פיר געלאָזט איבערנ צימער אונ איז ארונטערגעקראָכנ אונטערנ טיש. טאָר איז איצט אינגאנצנ װאכ געװאָרנ. ער האָט זיכ קוימ אופגעהויבנ אפנ עלנבויגנ אונ האָט א שװאכנ געשרײ געטאָנ: „ש-ש-ש“, דערבײַ האָבנ זיכ די פײַערדיקע אויגנ װידער באװיזנ פונ אונטערנ טיש, אונ נאָכ זײ האָט זיכ באװיזנ אויכ א גרויע פיגור. די כײַע איז מיט א רויִקנ טראָט צוגעגאנגענ צו דער װאנט, האָט זיכ ארויסגעגליטשט דורכ דער לאָכ, דורכ װעלכער מע שיט אראָפ קארטאָפל אינ גרוב, אונ איז פארשװוּנדנ געװאָרנ.

װער איז דאָס? דאָס קראנקע ייִנגל האָט זיכ קוימ אָנגעשטויסנ: זיכער, דאָס איז עפּעס א װילדע כײַע. ער האָט פארלאָרנ דעמ מוט. ער האָט געציטערט פונ שרעק, פונעמ געפיל פונ אומבאהאָלפנקײַט. אָט איז ער ארײַנגעפאלנ אינ אנ אומרויִקנ שלאָפ, אונ אָט האָט ער זיכ װידער אופגעכאפּט אונ זוכט אינ דער פינצטערניש די שוידערלעכע אויגנ אונ דעמ גרויענ פויזענדיקנ שאָטנ. אָט אזוי איז אדורכ די גאנצע נאכט, אונ אינדערפרי איז ער ניט געװענ זיכער, אז דאָס איז ניט געװענ קײנ קאָשמאר. אָבער אז ער איז אופגעשטאנענ, האָט ער דאָכ געמאכט א שװאכנ פרוּװ צו פארלײגנ די קעלער-טיר מיט האָלצ.

אלע דרײַ האָבנ געהאט א שװאכנ אפּעטיט, אונ דאָכ איז ארויסגעקומענ צו באגרענעצנ זיכ אינ עסנ, װײַל זײ האָבנ פארמאָגט סאכאקל א האלבע הונ, ניט מער. קאָרני האָט אפּאָנעמ געטראכט, אז זײ זײַנענ געװענ בא עלערטאָנענ אונ האָבנ זיכ באזאָרגט מיט אלעמ נײטיקנ.

אפ מאָרגנ באנאכט, בעשאס טאָר האָט אנ אויסגעמאטערטער פונעמ פיבער־אויסברוכ אָנגעהויבנ דרעמלענ, האָט אימ אופגעוועקט א גערויש אינ צימער — עפּעס א מינ קנאקנ פונ ביינער. אײַנקוקנדיק זיכ, האָט ער דערזענ א סילועט פונ א גרויסער כײַע, וואָס איז געזעסנ אפנ טיש. טאָר האָט אָנגעהויבנ שרײַענ, ער האָט געפּרוּווט א וואָרפ טאָנ אינ איר א שטיוול. די כײַע איז לײַכט אראָפּגעשפּרונגענ פונ טיש אונ איז פארשווּנדנ געוואָרנ אינ דער לאָכ, וואָס איז שוינ געווענ ברייט צעעפנט.

איצט האָט ער געוווּסט, אז דאָס איז ניט קיינ כאָלעמ. אונ די מיידלעכ האָבנ שוינ אימ געגלייבט, ווײַל זיי האָבנ ניט נאָר געהערט, ווי די כײַע איז ארומגעגאנגענ, זיי האָבנ אויכ אָנגעוואָרנ די רעשטנ פונ דער הונ — זייער לעצטנ ביסנ שפּײַז.

טאָר איז קימאט א גאנצנ טאָג ניט אופגעשטאנענ פונ בעט. אָבער דאָס קרעכצנ פונ די קראנקע מיידלעכ האָט אימ, ענדלעכ, אופגעהויבנ. ער האָט זיכ דערשלעפּט ביזנ קוואל, האָט דאָרט אָנגעקליבנ א ביסל יאגעדעס אונ האָט עס געבראכט אהיימ. דערנאָכ האָט ער געמאכט די געוויינלעכע צוגרייטונגענ קעגנ פיבער אונ דורשט אונ האָט צוגעגעבנ דערצו נאָכ איינ זאכ: ער האָט אוועקגעלייגט לעבנ זײַנ בעט א קינעלע, עטלעכע שוועבעלעכ אונ אנ אלטנ פיש-פאנג־גאָפּל — דאָס איינציקע געווער, וואָס איז בא זיי פארבליבנ. — די ביקס אָנ קוילנ האָט אפּ גאָרנישט ניט געקאָנט נוצנ. ער האָט געוווּסט, אז די כײַע וועט קומענ אונ וועט קומענ א הונגעריקע. זי וועט ניט געפינענ קיינ שפּײַז, וועט זי זיכ דעמלט גאנצ איינפאכ נעמענ צו לעבעדיקער שפּײַז, וואָס ליגט אומבאהאָלפנ פאר איר. אונ פאר טאָרס אויגנ האָבנ זיכ באוויזנ די אונטערגעבראָכענע פיסלעכ פונעמ קליינעמ הירשעלע, וואָס איז פארפרעסט געוואָרנ אינ די אכזאָריעסדיקע קינבאקנ פונ דער זעלבער באשעפעניש.

ער האָט ווידער ווי־ניט־איז פארלייגט די קעלער־טיר מיט האָלצ, אונ די נאכט איז דאָס מאָל דורכגעגאנגענ בעשאָלעמ. די בייזע באזוכערנ האָט זיכ ניט באוויזנ. אפ מאָרגנ האָבנ זיי געגעסנ א מעל-זופּ, אָבער קעדיי אָפּצוקאָכנ אימ איז אויסגעקומענ פאנאנדערצונעמענ א טייל פונ דער באריקאדע. לו האָט זיכ געפּרוּווט וויצלענ. זי האָט פארזיכערט, אז זי איז איצט געוואָרנ אזוי לײַכט, אז זי קאָנ פליִענ, אָבער ווענ זי האָט זיכ געפּרוּווט אופהייבנ, האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז זי איז ניט אימשטאנד א טראָט צו טאָנ פונ בעט. טאָר האָט זיכ אָנגעגעסנ



מיט דער מעל־זופ און איז אנשלאָפן געוואָרן. די נאכט איז קימאט דורכגע־גאנגען רויק, אָבער פארטאָג איז טאָר פלוצלינג אופגעוועקט געוואָרן און האָט ווידער דערהערט, ווי מע זשליאָקעט דאָס וואסער.

ער האָט דערזען די ברענענדיקע אויגן, דעם ריזיקן קאָפ און די גרויע קאָנ־טורן, וואָס האָבן זיך קוים געמערקט אפן פאָן פונעם גרוילעכן פענצטער.

טאָר האָט אָנגעשטרענגט אלע זייַנע קויכעס, קעדיי הויך א געשריי צו טאָן, עס האָט זיך אָבער באקומען עפּעס א שוואכער קוויטש. ער האָט זיך פאמעלעך אופגעהויבן און א רופ געטאָן:

— לו, מארגעט! דער לוקס, דער לוקס איז ווידער געקומען!

— מיר קאָנען דיר ניט קומען צו הילפ,—האָבן די מיידלעך געענטפערט.

— ש־ש־ש!—טאָר האָט ווידער געפרווט דערשרעקן די כייַע.

דער לוקס איז ארופגעשפרונגען אפן טיש לעבן פענצטער און איז געבליבן שטיין, ברילנדיק אפ דער אומגוצלעכער ביקס. ער האָט זיך אפ א רעגע א קער געטאָן צום פענצטער, און טאָר האָט שוין א טראכט געטאָן, אז ער וועט אויס־זעצן די שויב און וועט אוועק. אָבער אָט האָט ער זיך ווידער אויסגעקערט און אייַנגעגראָבן זייַנע פייַערדיקע אויגן אינעם יינגל. טאָר האָט זיך לאנג־זאם אופגעהויבן פון בעט. ער האָט פארשטאנען, אז עס איז געקומען די צייַט דערהארגענען אָדער ווערן דערהארגעט. ער האָט א ריב געטאָן א שוועבעלע און אָנגעצונדן דאָס קינעלע, גענומען אים אין דער לינקער האנט, און מיט דער רעכטער האָט ער אופגעהויבן דעם אלטן גאָפּל, קעדיי צו ראנגלען זיך. ער האָט אָבער דערפילט אזא אָפּגעשוואכטקייַט, אז ער איז געצוווּנגען געווען אָנצושפארן זיך אפן גאָפּל, ווי אפ א שטעקן. די גרויסע כייַע איז אלץ גע־שטאנען אפן טיש, זי האָט זיך בלויז עטוואָס צוגעזעצט, גרייטנדיק זיך א שפרונג טאָן. אירע אויגן האָבן געגלאנצט מיט רויטע פייַערלעך באם שייַן פונעם פאקל.

דער קורצער עק האָט זיך געצוקט אין אלע זייַטן, און דער געברום איז גע־וואָרן אלץ העכער און העכער. בא טאָרן האָבן אָפּגענומען די פיס, ער האָט אָבער אופגעהויבן דעם גאָפּל און האָט זיך פארמאָסטן. אין דער זעל־בער רעגע האָט דער לוקס א שפרונג געטאָן, אָבער ניט אפ אים, ווי ער האָט לעכאטכילע געמיינט. דער פאקל און די געוואגטקייַט פונעם יינגל האָבן אים גע־שראָקן. ער איז אריבערגעשפרונגען אריבער זייַן קאָפ און האָט זיך באהאלטן אונטערן בעטל.

אָבער דאָס איז געווענ א קורצער אָטעמ-איבערכאפ. טאָר האָט צוגעפעסטיקט דעמ פאקל צו דער האנט אונ האָט גענומענ דעמ גאָפל אינ ביידע הענט. ער האָט זיכ געשלאָגנ ניט אפ לעבנ, נאָר אפ טויט, אונ ער האָט דאָס געוווסט. הינטערנ ווענטל האָבנ זיכ געהערט די שוואכע געשרייענ פונ די פרויענ. טאָר האָט בלויז געזענ די פינקלענדיקע אויגנ אונטערנ בעט אונ האָט געהערט, ווי דאָס בריקל פונ דער כייַע ווערט אלצ העכער אונ העכער. האלטנדיק זיכ מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג אפ די פיס, האָט ער מיט די גאנצע קויכעס א זעצ געטאָנ מיטנ גאָפל.

די שפיצנ האָבנ זיכ ארייַנגעשטאָכנ אינ עפעס ווייכס, אונ עס האָט זיכ דערהערט א שוידערלעכער געיאָמער. דאָס ייִנגל האָט זיכ אָנגעלייגט מיט זייַנ גאנצער וואָג אפנ גאָפל. דער לוקס האָט זיכ געפרווט א וואָרפ טאָנ אפ אימ, ער האָט געהערט די קריצערייַ פונ זייַנע ציינ אונ נעגל אפנ הענטל פונעמ גאָפל אונ האָט געפילט, אז ניט געקוקט אפ אלע זייַנע אָנשטרענגונגענ, רוקט ער זיכ אלצ נעענטער צו אימ. זייַנע מעכטיקע לאפעס האָבנ זיכ שוינ געצויגנ צו טאָרנ. ער האָט געוווסט, אז די קויכעס וועלנ אימ אינגיכנ פארלאָזנ. ער האָט זיכ ווידער אָנגעלייגט אפנ גאָפל, אָנשטרענגענדיק די לעצטע קויכעס. דער לוקס האָט זיכ א ריס געטאָנ, עס האָט זיכ דערהערט א געברומ, א קנאקערייַ. דער דורכגעזשאווערטער גאָפל האָט זיכ איבערגעבראָכנ, די כייַע האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ צו אימ — פארבייַ אימ, ניט אָנרירנדיק אימ אפילע, אונ האָט זיכ א לאָז געטאָנ צו דער לאָכ, ווו זי איז פארשוווּנדנ געוואָרנ אפ אייביק.

טאָר איז אומגעפאלנ אפנ בעט אונ האָט פארלאָרנ דעמ באוווסטזייַנ.

ווער ווייסט, ווי לאנג ער איז אזוי אָפגעלעגנ, אָבער די זונ האָט שוינ העל געלויכטנ, ווענ עס האָט אימ אויפגעוועקט א הילכיקע, פריילעכע שטימ:

— היי, איר! וואָס זייַט איר דאָרטנ אויסגעשטאָרבנ אלע? לו! טאָר! מארגעס!

טאָר איז ניט אימשטאנד געווענ צו ענטפערנ, ער האָט נאָר געהערט א טורפענ פונ פערד אפנ הויפ אונ שווערע טריט.

די טיר איז אויפגעבראָכנ געוואָרנ פונ א פעסטער האנט, אונ עס איז ארייַנגעקומענ קאָרני, א גוטער אונ א שיינער, ווי שטענדיק. אָבער וואָס פאר א גרויל אונ פייַנ עס האָט זיכ אויסגעדריקט אפ זייַנ פאָנעמ, ווענ ער איז ארייַנגעגאנגענ אינעמ טויטנ שטיבל!

— געשטאָרבן? — האָט ער א מורמל געטאָן. — ווער איז געשטאָרבן? ווו זײַט איר? טאָר?..

און ווידער:

— ווער איז געשטאָרבן? לו? מארגעט?

— קאָרני, קאָרני! — האָט זיך דערהערט א שוואכע שטים פון בעט. — זיי זײַנען דאָרטן, אין שטוב. זיי איז זייער ניט גוט. מיר האָבן ניט וואָס צו עסן.

— אך, ס'ארא נאר איך בין! — האָט קאָרני פארצווייפלט א זאָג געטאָן, — איך בין געווען אזוי זיכער, אז איר וועט צופאָרן צו עלערטאָנען און וועט זיך באזאָרגן מיט שפּײַז.

— מיר האָבן ניט געקאָנט, קאָרני. מיר זײַנען אלע דרײַ קראנק געוואָרן, ווי נאָר דו ביסט אוועקגעפאָרן. און דערנאָך איז געקומען א פוקס און האָט אוועקגעשלעפּט אלע הינער און אלץ, וואָס ס'איז געווען אין שטוב.

— נו, דו האָסט זיך, דאכט זיך, אָפּגערעכנט מיט אים, — האָט קאָרני א זאָג געטאָן, אָנווײַזנדיק אף די בלוט־פלעקן אין ווינקל אונטער די בערוועגעס.

געזונטע שפּײַז, זאָרגזאמקײַט און רעפּועס האָט זיי אלעמען אינגיכן אוועקגעשטעלט אף די פיס.

אין צוויי כאדאָשים ארום האָבן די מיידלעך באדארפט נייטיק א דייזשע, האָט זיי טאָר געזאָגט:

— איך וויים, ווו מע קאָן געפינען אן אויסגעהוילטע ווערבע, א גראָבע ווי א פאס.

זיי זײַנען אוועק באנאנד מיט קאָרנין צום הוילן וואלד־פלאץ, און אז זיי האָבן אָפּגעשניטן אזא שטיק בוים, ווי זיי האָבן באדארפט, האָבן זיי טיף אינעק פונעם שטאם געפונען אויסגעטריקנטע קערפּערלעך פון צוויי קליינע פוקסן, וואָס זײַנען געלעגן לעבן זייער מוטער, און בא דער מוטער אין זײַט האָט געשטעקט אן אָפּגעבראָכענער שטיק פונעם אלטן גאָפּל.

# א מײַסע וועגנ א ווײַסנ הירש

וועט גליקלעכ זײַנ, אונדזער הימלאנער נאָרוועגיע!
מיט דעמ ליד מיט דעמ שענסטנ האָט טראָל דיכ באַגעגנט-
פונ די ווײַטסטע וועגנ.
דורכ שניי־וויכערס ברײַזע,
פליט דאָס גליק פונ נאָרוועגיע
אפ א הירש אפ א ווײַסנ.

## דער פאָנ

שוואַרצ, כמורנע, טיפ און קאלט איז אוטראָוואנד — א לאנגער אײַנגוס, וואָס איז פול מיט אײַז־קאלטע וואסערנ, א שפאלט אפנ ערדקײַלעכ, א פאלד פונ די הויכע נאָרוועגער בערג, וואָס איז פארגאָסנ מיט א קאלטנ שטראָמ, וועלכער פליסט פונ דרײַ טויזנט פוס די הייכ איבער זײַנ מוטער—דעמ יאמ־אָפגרונט און איז צוליב דעמ דאָכ אפ א האָר ניט נעענטער צו זײַנ פאָטער — צו דער זונ. דער פריידלאָזער אוטראָוואנדער ברעג איז ארומגעגארטלט מיט א פאס אויסגעצערטע ביימער, וואָס ציט זיכ ווי א לאנגע סטענגע ארופצו אפנ הויכנ טאָל, ווו די ביימער ווערנ איבערגעבאָרנ אינ קוסטעס און מאָכנ. די גראניט־בערג, וואָס דערגרייכנ ביז טויזנט פוס די הייכ איבער דער אָזערע, זײַנענ ביז העלפט באַדעקט מיט געוויקסנ. אָבער דאָ איז זייער גרענעצ. די בעריאָזע און ווערבע טרעטנ אָפ די לעצטע אינעמ דויערנדיקנ געראנגל מיטנ פראָסט. די קליינינקע בעריאָזע־וועלדלעכ זײַנענ פול מיט שרײַענדיקע צאָפנ־פויגלענ. אָבער אויכ די דאָזיקע וועלדלעכ פארשווינדנ, ווענ מע קומט צו העכער, און אָנשטאָט זיי רוקנ זיכ אָנ שאָטנס פונ די פעלדזנ און עס צעטראָגנ זיכ קרעכצנ פונעמ ווינט. אינ דער ווײַט שפרייט זיכ האָיפיעלד — א בערגלדיקער שטײניקער פלײַנ מיט שניי־פלעקנ אינ אלע פארטיפונגענ. האָיפיעלד איז ארומגערינגלט מיט שנייִקע בארג־שפיצנ. וואָס העכער, ווערנ די בערג פארקײַלעכיקט און בלענדנ אלצ מער מיט זייער ווײַסקײַט סאמע



ביזן נעפּלדיקן און אין צאָפן שימערירנדיקן יאָטונהיים — די היים פון גייַסטער, גלעטשערס און אייביקן שניי.

די צאָפנדיקע זייַט פון יעטווידער פאַרטיפונג איז אָרעמער אין געוויקסן ווי די דאָרעמדיקע. סאָסנעס און יאָדלעס זייַנען דאָ שוין לאַנג פאַרשוווּנדן. שפּערלביימער, בעריאָזעס און ווערבעס זייַנען דערקראָכן ביז העלפט באַרג. העכער וואַקסט שוין מער גאָרנישט, אויסער פּויזענדיקע קוסטעס־געוויקסן און מאָכן. דער גאַנצער פּליין איז באַפאַרבט אין אַ בלאַסן גרוי־גרינעם קאָליר — אַ דורכוי־סיקן יאַם פון הירשן-מאָך, וואָס איז ווּ־ניט־ווּ באַשפּרענקלט מיט אָראַנזשעווע פּליכן. די פעלדזן, וואָס זייַנען דאָ אומעטום צעוואָרפן, זעען אויס ווי צאַרטע לילאָווע פלעקן. יעטווידער שטיין אַף די פעלדזן איז אויסגעפאַרבט אין גרוי־גרינע פּליכן, אין אָראַנזשעווע פלעקן אָדער אין שוואַרצע שפּרענקלעך. די דאָזיקע פעלדזן פאַרמאָגן די אייגנשאַפט אייַנצוהאַלטן וואַרעמקייַט, און יעדערער פון זיי איז אַרומגערינגלט מיט אַ רינג געוויקסן, וואָס האָבן ליב וואַרעמקייַט, וואָס וואָלטן אַנדערש ניט געקאָנט אויסקימען אַף אַזאַ הייך. צום גאַסטפרייַנטלעכן פעלדז טוליען זיך דאָ קאַרליקאָווע בעריאָזעס און ווערבעס, וואָס צעשפּרייטן איבער זיי די צווייַגן, פּונקט ווי אַף אַן אויוון. איין פוס ווייַטער פונעם וואַרעמען פעלדז הייבט זיך אָן דער פּאַס פון אַ מער שטאַנדהאַפטיקן געוויקס — עריקע, און נאָך ווייַטער, אינעם קאַלטן פּאַס, שפּרייט זיך אומעטום הירשן־מאָך. די גריבלעך זייַנען פול מיט שניי, ניט געקוקט דערויף, וואָס אַצינד איז יונג כוידעש. אָבער יעדער איינער פון אָט די ווייַסע פלעקן שרומפּט זיך ביסלעכווייַז אייַן, אָפּשטראָמענדיק אין קאַלטע ריטשקעלעך אין דער ווייַסער אָזערע.

די דאָזיקע «Sno-fläcks» פאַרמאָגן ניט קיין שום סימאָנים פון לעבן, און יעדער פון זיי איז באַזוימט מיט אַ פּאַס נאַקעטער ערד, וואָס דערווייַזט, אַז לעבן און וואַרעמקייַט זייַנען באַהעפט איינס מיטן צווייטן.

אָן פייגל, אָן לעבן ציט זיך די גרוי-גרינע שטרעקע, אַ באַדעקטע מיט ווייַסע פלעקן, צווישן דער וואַלד־ליניע און צווישן דער ליניע פון אייביקן שניי, ווּ עס הייבט זיך אָן די הערשאַפט פון אייביקן ווינטער. ווייַטער צו צאָפן לאָזן זיך די ביידע ליניעס אַראָפּ, ביז די וואַלד-ליניע גלייַכט זיך אויס מיטן יאַם-ניחאָ. דעם דאָזיקן מידבער רופט מען אין דער אַלטער וועלט טונדרע, און אין דער נייַער — די הערשאַפט פון הירשן־מאָך.

# I

ארופ און אראָפּ, ארופ און אראָפּ, אפּנ וואסער און אונטערנ וואסער, האָט געשווינדלט א זינגעוודיקע, א קלײנינקע באשעפעניש, בעשאס אפ די גרינע ברעגנ האָט געשפּאנט ווארסימלע, די פּירערנ פונ דער הירשנ־טשערעדע. און די דאָזיקע באשעפעניש האָט געזונגענ:

וועסט גליקלעכ זײַנ, אונדזער הײמלאנד נאָרוועגיע!

און ווײַטער — „וועגנ דעמ ווײַסנ הירש און דעמ גליק פונ נאָרוועגיע".

בעשאס דער אלטער סוועגום האָט אויסגעבויט א הערבערגע אפ נידער-האָפיעלד, פונקט איבער אוטראָוואנד, און האָט געלאָזט אינ גאנג זײַנע «rlbesten», האָט ער זיכ פאַרגעשטעלט, או ער איז דער הערשער פונעמ גאנצנ ארומ. נאָר עמעצער איז אימ דעמ וועג פארלאָפנ. און דער דאָזיקער עמעצער האָט זיכ געטראָגנ איבערנ שפּריצנדיקנ שטראָמ, טוקנדיק זיכ אראָפּ און ארופ, און געזונגענ לידער, וואָס ער האָט דאָ אפנ שטעל פארפאסט. ער איז געשפּרונגענ פונ אײנ ראָד-ספּיצע אפ דער אנדערער און האָט געמאכט אזעלכע שפּיצלעכ, וועלכע סוועגום האָט געקאָנט דערקלערנ נאָר ווי א מאזל־זאכ. און אײניקע מענטשנ האָבנ טאקע געזאָגט, או סוועגומס גליק נעמט זיכ פונ דעמ קלײנינקנ וואסערמיל-טראָל אינעמ ברוינעמ קאפּטנ און מיט דער ווײַסער באָרד, וועלכער קאָנ זיכ געפינענ סײַ אינ וואסער און סײַ אפ דער יאבאָשע, ווו אימ ווילט זיכ.

אָבער דער גרעסטער טײל פונ סוועגומס שכײנימ האָט געזענ בלויז דעמ פּאָסעקאל — דעמ קלײנינקנ וואסער-פויגל, וואָס פלעגט קומענ צו פליִענ יעדעס יאָר און וואָס פלעגט טאנצנ איבערנ שטראָמ, טוקנדיק זיכ אינ די טיפע ערטער. מענ־לעכ, או עס זײַנענ געווענ געדעכט אי די אי יענע, ווײַל די אלטע פויערימ פלעגנ גאָר אָפּט דערציילנ, או טראָל קאָנ זיכ ווײַזנ אינ צוויי געשטאלטנ — פונ א מענטש און פונ א פויגל. אָבער ווי דאָס זאָל ניט זײַנ, דער דאָזיקער פויגל האָט געלעבט אזוי, ווי קײנ שום פויגל האָט ניט געלעבט, און האָט געזונגענ אזעלכע לידער, וואָס קײנער האָט נאָכ אינ נאָרוועגיע קײנמאָל ניט געזונגענ. פּאָסעקאל האָט פארמאָגט אנ אויסערגעוויינלעכ שארפ אויג און האָט געזענ אזעלכע זאכנ, וואָס זײַנענ ניט צוטריטלעכ פאר א מענטשנ, ווײַל די כײַעלעכ האָבנ פאר אימ ניט מוירע געהאט, און די פעלדמויז האָט פאר אימ אינ די אויגנ אירע אײפּעלעכ געשפּײַזט. פּאָסעקאל האָט ווירקלעכ געהאט זײער שארפע אויגנ, ווײַל





א קוים-באמערקבארער פלעק אפ סולעטינד פלעגט פאר זײַנע אויגן ווערן א הירש מיט א האלב־אויסגעקראָכענעם פעלץ, און א גרינער שימל אפ וואנדרענ פלעגט פאר אים ווערן א פראכטפול פאשע־פעלד מיט גרייטע מאָלצײַטן פאר די באלעכײַים.

אכ, ווי בלינד דער מענטש איז און ווײַט האס ער דערוועקט! אָבער כאָ־סעקאל האָט קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן, און קיינער האָט פאר אים ניט מוירע געהאט. ער האָט בלויז געזונגען, און אין זײַנע לידער האָט געקלונגען פרייד און נעוויִעס, און צײַטנווײַז אויכ א ביסל פאראכטונג.

זיצנדיק אפן שפיץ פון א בעריאָזע, האָט ער געקאָנט נאָכשפירן, ווי דער שטראָם טראָגט זיכ לענגויס דעם ניסטוענער ייִשעוו, ביז יענעם אָרט, ווו ער ווערט פארשווונדן אין די סומנע וואסערן פון אוסראָוואנד. אופהייבנדיק זיכ העכער, האָט ער געקאָנט זען די נאקעטע בערג, וואָס ציִען זיכ צו יאָטונהיים, אפ צאָפן.

עס איז געקומען די צײַט פון גרויסער דערוואכונג. דער פרילינג האָט שוין אָנגעשפארט בא די וועלדער. די טאָלן האָבן געצאפלט מיט לעבן. עס זײַנען אָנגעקומען נײַע פויגלען פון דאָרעם, עס האָבן זיכ ווידער באוויזן די באלעכײַים, וואָס האָבן זיכ אופגעכאפט פונעם ווינטער־שלאָף, און דער צאָפן־הירש, וואָס האָט געווינטערט אין די נידער-וועלדער, האָט זיכ שוין דערנעענטערט צו די בארג־שפיצן.



די ריזן די פרעסט פארלאָזן ניט אָן קאמפ דעם פלאץ, וואָס האָט אזא לאנגע צײַט געהערט צו זיי. עס איז געגאנגען א גרויסער געראנגל. אָבער די זון האָט לאנגזאם און זיכער אָנגעהויבן אָפהאלטן ניצאָכן, צווינגענדיק זיי שפאן נאָכ שפאן צוריקטרעטן צו יאָטונהיים. זיי האָבן געלויערט אין יעטווידער פארטיפונג און אין יעטווידן שאָטנדיקן ווינקעלע, ווידער אונטערגאנווענענדיק זיכ באנאכט, אָבער בלויז צוליב דעם, קעדיי אָפצוטרעטן יעדעס מאָל מיט אלץ גרעסערע פארלוסטן. זיי זײַנען געווען געפערלעכע שלעגער, פאראקשנטע קריגער. ניט איין גראניט־פעלדז איז צעשפאָלטן און צעריסן געוואָרן פון זייערע קלעפ אינעם צעווילדעוועטן גע־ראנגל. אָט די שטיינערנע קריגער זײַנען געווען צעשפרייט איבערן גאנצן שלאכט־פעלד. אָבער ניין! ניין! אָט באוועגן זיי זיכ. דאָס זײַנען גאָר ניט קיין פעלדזן, דאָס זײַנען לעבעדיקע באשעפענישן.

זיי האָבן, דאכט זיכ, ארומגעבלאָנקעט אָן א ציל, אָבער דאָכ האָבן זיי זיכ

געצויגן אין איין ריכטונג, אַלץ אַנטקעגן ווינט. פאַרשווינדנדיק אין טאָל, פליִען זיי זיך ווידער באַווייַזן אויפן באַרג-קאַם, און באַמערקנדיק זייערע הערנער אויפן פאָן פונעם הימל, פלעגן מיר זיי אָנעמען פאַר צאַפּנדיקע הירשן.

די הירשן האָבן זיך באַוועגט אַלץ נעענטער צו אונדז, פאַשענדיק זיך ווי שעפּסן און שנאָרכנדיק, ווי עס קאָנען שנאָרכן בלויז הירשן. יעדערער האָט געזוכט אַ גרינג ערטעלע, אויסגעפּליקט עס ביז לעצט, דערנאָך פלעגט ער לויפן ווייַטער, צוקנאַלנדיק מיט די טלאָען, אָפּזוכן אַן אַנדער אָרט. אַזוי־אַרום האָט די טשערעדע נאָכאַנאַנד געענדערט דעם סיידער און די פאָרם. אָבער איין הירש איז די גאַנצע צייַט געגאַנגען פאָרויס, — דאָס איז געווען די גרויסע סימלע, אַ הירשיכע, ווי די טשערעדע זאָל זיך ניט האָבן געוואַקלט און צעוואָרפן, איז זי אַלץ געגאַנגען אין די פאָדערשטע רייען, און פאַר אַ באַאָבאַכטער איז געווען קלאָר, אַז זי האָט אַן איינפלוס אויף דער אַלגעמיינער באַוועגונג. סימלע איז געווען די פירערן פון דער טשערעדע. אפילע די גרויסע הירשן, וואָס זייערע מאַסיווע הערנער זייַנען באַדעקט מיט סאַמעט, האָבן ניט דערוווידערט קעגן אָט דער אוטאָריטעטלעכער אופזיכט. און ווען עמעצער פון זיי, אַ צו זעלבשטענדיקער, פלעגט פּרוּוון פאַרקערעווען די טשערעדע אין אַן אַנדער ריכטונג, פלעגט ער איינגיכן פאַרבלייַבן אין וויסטער איינזאַמקייַט.

שוין באַלד צוויי וואָכן, אַז וואַרסימלע, אָדער די פירערן, האַלט די טשערעדע אויפן ראַנד פון דער וואַלד־ליניע, אויפהייבנדיק זיך מיט יעדן טאָג אַלץ נעענטער צו די נאַקעטע באַרג-שפּיצן, וווּ עס האָט זיך געשמאָלצן דער שניי. וואָס מער דער פּאַשע-פּאַס האָט זיך געהויבן אין דער הייך, אַלץ העכער איז זי געקראָכן אַרויף בייַם אירע טאָגטעגלעכע אויסשפּירונגען, אָבער פאַרנאַכט פלעגט זי זיך צוריקקערן אין די געדיכטע וועלדער, ווייַל ווילדע באַשעפעניש האָבן מוירע פאַר דעם באַנאַכטיקן קאַלטן ווינט ניט ווייניקער ווי אַ מענטש. אָבער איצט האָט אין די וועלדער געווימלט מיט הירשן-פליגן, און די פאַרטיפונגען אויף די זייַטן פון די פעלדזן זייַנען שוין געווען גענוג וואַרעם, מע זאָל דאָרט קאָנען נעכטיקן. האָבן זיך די הירשן צעזעגנט מיט די וועלדער.



עס איז קוים וואַרשייַנלעך, אַז דער פירער פון אַ טשערעדע זאָל באַוווסטזיניק זיך פילן שטאָלץ פון דעם, וואָס ער פאַרנעמט אַזאַ לאַגע. אָבער דאָך דאַרף ער זיך פילן ניט גאָר גוט, ווען מע פאָלגט אים ניט נאָך. עס טרעפן אָבער מינוטן, ווען יעדער זוכט איינזאַמקייַט. וואַרסימלע האָט זיך דעם גאַנצן ווינטער



געפילט אויסגעצייכנט, אָבער איצט האָט זי זיך עפעס דערפילט ניט מיט אלעמען. זי האָט פארלאנגזאמט דעם טראָט, אראָפגעלאָזט דעם קאָפ און דורכגעלאָזט פארביַי זיך די גאנצע טשערעדע.

ציַיטנוויַיז פלעגט זי זיך אָפשטעלן, מיט א ניט-צעקיַיטן בינטל מאָך אין מויל, קוקנדיק טעמפ פאָרויס, דערנאָך פלעגט זי זיך יעדעס מאָל אָנעמען מיט קויעך און זיך לאָזן גיין וויַיטער. אָבער דער אויסברוך פון זינלאָזער פארטראכטקיַיט און דער פארלאנג צו איינזאמקיַיט איז אלץ שטארקער געוואָרן. זי האָט זיך פארקערעוועט אראָפ צו די בעריאָזע־וועלדער, אָבער די גאנצע טשערעדע האָט זיך געלאָזט גיין נאָך איר. דעמלט איז זי שטיין געבליבן, ווי א צוגעשמידטע, און האָט אראָפגעלאָזט דעם קאָפ. די סטאדע איז שנאָרכנדיק פארביַיגעגאנגען, איבערלאָזנדיק זי שטיין אומבאוועגלעך, ווי א סטאטוע, אפן בארג־אָפּהאנג. אז אלע זיַינען אוועק, האָט זי פאמעלעך עטלעכע שפאן געטאָן, אומגעקוקט זיך, געמאכט דעם אָנשטעל, אז זי פאשעט זיך, א שמעק געטאָן די ערד, באגלייט מיט בליקן די טשערעדע און ארומגעקוקט זיך אפ די בערג. דערנאָך האָט זי זיך געלאָזט אין די שאָטנדיקע וועלדער. ווארפנדיק א בליק אריבערן בערגל, האָט זי דערזען נאָך א סימלע — א הירשיכע, וואָס האָט עלנט ארומגעבלאָנקעט מיט א צערודערטן אויסזען. אָבער ווארסימלע האָט איצט ניט געזוכט אזא געזעלשאפט. אליין ניט ווייסנדיק פארוואָס, האָט זי געפילט, אז זי דארף זיך ערגעץ באהאלטן.

ווארסימלע האָט אויסגעווארט ביז די הירשיכע איז אוועק, דערנאָך האָט זי פארקערעוועט אין א זיַיט און האָט זיך געלאָזט גיין מיט שנעלערע, מער אנטשיידענע טריט, ביז זי איז אָנגעקומען צו אוטראָוואנד, דאָרט, צום קליינינקן שטראָם, וואָס דרייט סוועגומס מיל-ראָד. אופהייבנדיק זיך העכער פון דער הערבליע, האָט זי אריבערגעשפריַיזט דעם דורכזיכטיקן קוואל, וויַיל אייביק און זיכער איז דער אינסטינקט, וואָס פירט דעם ווילדן באלעכיַי אָפצושיידן זיך מיט פליסנדיק וואסער פון די, וועמען ער וויל אויסמיַידן. דאָ, אפ א וויַיטן, קוים באגרינטן ברעג האָט זי פארקערעוועט, איז דורכגעקראָכן צווישן די אויסגעקרימטע שטאמען און איז אוועק פון דער רוישיקער הערבליע. אופהייבנדיק זיך א ביסל העכער, האָט זי זיך אָפגעשטעלט, ארומגעקוקט זיך, אָפגעגאנגען עטלעכע טריט, דערנאָך האָט זי זיך ווידער צוריקגעקערט, און דאָ, צווישן פארשיידנפארביקע פעלדזן און בעריאָזעס, באצירטע מיט פרילינגדיקע רינגעלעך, האָט זיך איר פארגלוסט אָפרוען. זי האָט פאָרזיכטיק באוועגט מיט די פיס, אָפטריַיבנדיק די פליגן,

וואָס האָבן זיך געזעצט אף זיי, האָט זיך ניט אומגעקוקט אפן זאַפטיקן גראָז און פאָרגעשטעלט זיך, אז זי איז פארבאָרגן פון דער גאנצער וועלט.

אָבער קיין זאך איז ניט פארבאָרגן פון פאָסעקאלס בליקן. ער האָט באמערקט, ווי זי איז אָפגעשטאנען פון דער טשערעדע, און, אוועקגעזעצט זיך אף א בונטן אראָפּהענגענדיקן פעלדז, האָט ער אָנגעהויבן צו זינגען, ווי ער וואָלט שוין לאנג געוואָרט אף דער דאָזיקער געשעעניש און ווי ער וואָלט געוווסט, אז דער שיקזאל פון פאָלק קאָן זיַין אָפּהענגיק פון דעם, וואָס עס וועט געשען אין דעם דאָזיקן וועלדל. ער האָט געזונגען:

וואַסט גליקלעך זיַין, אונדזער היימלאנד נאָרוועגיע!
מיט דעם ליד מיט דעם שענסטן האָט כראָל זיך באַגעגנט.
פון די וויַיטסטע וועגן,
דורך שניי־וויכערס גרייַזע,
פליט דאָס גליק פון נאָרוועגיע
אף א הירש אף א וויַיסן.

אין נאָרוועגיע זיַינען ניטאָ קיין בושעלעס, און דאָך איז אין א שאָ ארום לעבן וואַרסימלען געלעגן א וווּנדערבאַר הירשעלע. זי האָט אָפגעריַיניקט זיַין פעלכל, געלעקט און געצערטלט עס, א שטאָלצע און א גליקלעכע, פונקט ווי עס וואָלט נאָך קיינמאָל אין דער וועלט ניט געבאָרן געוואָרן קיין קליין הירשל. עס האָבן געמעגט געבאָרן ווערן אין דער טשערעדע נאָך הונדערט הירשעלעך אין פארלויף פון דעם כוידעש, אָבער אזא הירשעלע, ווי דאָס, וועט קיינמאָל בא קיינעם ניט זיַין. וואַרסימלעס הירשעלע איז געווען א וויַיס, ווי שניי, און דאָס ליד פון עם זינגער אפן פילפארביקן פעלדז האָט דערציילט וועגן „גליק און א וויַיסן הירש". פאָסעקאל האָט פאָרויסגעזאָגט דעם וויַיסן הירשעלע א גרויסע צוקונפט.

נאָר אָט איז ווידער פאָרגעקומען נאָך א ווּנדער. עס איז ניט אוועק קיין שאָ אפילע, און וואַרסימלע האָט געבאָרן נאָך א הירשל — א ברוינס. עס פאַסירן כשיכאַווע זאכן, עס קוכען פאָר גרויזאַמע זאכן, ווען דאָס פאָדערט די אומפאר־מיַידלעכקייַט. אין צוויי שאָ ארום, ווען וואַרסימלע האָט אוועקגעפירט פונדאַנען דאָס וויַיסע הירשעלע, איז פון דעם ברוינעם קיין זייכער ניט געבליבן. עס זיַינען בלויז פארבליבן עטלעכע צעפלעטשטע שטיקלעך פעל מיט ברוינע האָר.



די מוטער איז געווען גערעכט: בעסער איין קרעפטיק קינד, איידער צוויי פאר־זעענישן. אין עטלעכע טעג ארום האָט וואַרסימלע, ווי פריִער, נעפירט די טשערעדע, און לעבן איר איז ארומגעשפרונגען א וויַיס הירשעלע. די מוטער איז אים אומעטום

באַכגעבאַנגען, און די ריכטונג, אין וועלכער די טשערעדע איז געגאַנגען, האָט זיך, איינגעטלעך, געווענדט בלויז אָן אים. דערפון זײַנען שטאַרק געווען צופרידן אַלע מוטערס, ווײַל אויך זיי האָבן באַוויזן צו האָבן קינדערלעך. גרויס, מעכטיק און קלוג איז געווען וואַרסימלע, און דאָס ווײַסע הירשעלע איז געווען דאָס שײַנדל פון איר אויפבלי. דאָס הירשעלע פלעגט אָפטמאָל פאַרלויפן פאָרויס. און אַז ראָל האָט איינמאָל באַגעגנט די טשערעדע, האָט ער זיך צעלאַכט, צוקוקנדיק, ווי די גאַנצע מאַכנע גראָבע סימלעס און הערנערדיקע הירשן ווערן געפירט פון אַ קליינע ווײַס הירשעלע.

די הירשן־טשערעדע האָט ביסלעכווײַז דערגרייכט צו די הויכע בערג, קעדיי צו פאַרבלײַבן דאָרט אַ גאַנצן זומער.

— זיי זײַנען אַוועק זיך לערנען בײַ די גײַסטער, וואָס וווינען דאָרט, ווי דער שוואַרצער טויק־פויגל לאַכט איבערן אײַז, — האָט געזאָגט ליפּ פונעם נידער־טאָל. אָבער סוועגום, וואָס האָט אָפּגעלעבט זײַן גאַנץ לעבן צווישן הירשן, האָט דערווידערט:

— עס לערנען זיי זייערע מוטערס, אַזוי ווי מע האָט אונדז געלערנט.

אַז עס איז געקומען דער האַרבסט, האָט דער אַלטער סוועגום דערזען, ווי עס רוקט זיך אַ שניי־פינטל אויפן טונקעלן באַרג־אָפּהאַנג, אָבער טראָל האָט געוווּסט, אַז דאָס איז ניט קיין שניי־פינטל, נאָר אַ יונגער הירש. ווען די גאַנצע טשערעדע האָט זיך געשטעלט טרינקען אַרום אוטראָוואַנד, האָט דער וואַסער־שפּיגל אָפּגעשפּיגלט אין זיך איינעם אַ ווײַסן הירש. די ברוינע הירשן האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט די טונקעלע בערגלעך.

אַ סאַך הירשעלעך זײַנען געבאָרן געוואָרן אין דעם דאָזיקן פרילינג. זיי זײַנען אַוועק אין די מאָכיקע טונדרעס, קעדיי קיינמאָל זיך ניט אומקערן, ווײַל אַ טייל פון זיי זײַנען געווען שוואַכע, און אַ טייל נאַרישע. די נאַרישע האָבן ניט געוואָלט דערלערנען די לעבנס־קלאָלים, זײַנען זיי דעריבער אומגעקומען. אָבער דאָס ווײַסע הירשעלע איז געווען קרעפטיק און קלוג, און האָט דערפאַר טאַקע באַוויזן אַלץ אָפּצולערנען זיך פון זײַן מוטער. און זײַן מוטער איז געווען קליגער פון אַלעמען. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָס גראָז פון דער זוניקער זײַט פון פעלדז איז זיס, און דאָס גראָז, וואָס וואַקסט אין די טונקעלע פאַרטיפונגען, טויג צו גאָרנישט. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז ווען די מוטער גיט אַ קנאַל מיטן טלאָ, דאַרף ער אויפשפּרינגען און לויפן, און ווען עס צעקנאַלן זיך די טלאָען פון דער גאַנצער טשערעדע, איז דאָ נאָענט אַ געפאַר און מע דאַרף זיך, הייסט עס, האַלטן וואָס נעענטער לעבן דער מוטער. דאָס דאָזיקע קנאַלן דינט די הירשן, אַזוי ווי בײַ ווילדע





ענטלעכ דער געפּײַפּ פונ די פליגל, אלס א סיגנאל צו פארזאמלענ זיכ. ער האָט זיכ דערוווּסט, אז די פעדערלעכ פונ א קליינינקנ „באָמולדבלאָמסטער“ וואָרענע פונ א געפערלעכנ זומפּ, אז די קוואָקטשעניש פונ דעם „פּטארמיהאנ“ וואָרנט, אז ס'איז נאָענט אנ אָדלער, וואָס איז פּונקט אזוי געפערלעכ פאר די הירשעלעכ, ווי פאר פייגל. ער האָט זיכ דערוווּסט, אז די יאגעדעס פונ א טראָף-קוסט טראָגנ אינ זיכ טויט-געפאר, אז די בעסטע באהעלטעניש פונ פליגנ קאָנ מענ געפינענ צווישנ די שני־הורבעס אונ אז פונ אלע רייכעס איז דער זיכערסטער דער רייעכ פונ דער מוטער. ער האָט זיכ דערוווּסט, אז ער וואקסט. די איינגעפאלענע קינדערשע זײַטנ אונ די אומגעלומפּערטע פיס ווערנ פארוואנדלט אינ א פײַנעם גופ אונ אינ שלאנקע פיס פונ א יאָריקנ הירש, אונ די קליינינקע בײַלנ, וואָס האָבנ זיכ באוויזנ אפנ שטערנ, ווענ ער איז אלט געווענ סאכאקל צוויי וואָכנ, זײַנענ פארוואנדלט געוואָרנ אינ שארפע הארטע מעסערס, וואָס קאָנענ אים ברענגענ ניצאָכנ אינ שלאכט.

די הירשנ האָבנ שוינ ניט איינ מאָל געהערט דעם רייעכ פונעם גרויזאמענ צאָפּנדיקנ רויבער, וואָס מענטשנ רופנ פילפרעסער. אונ אָט האָט זיכ איינמאָל פּלוצלינג דערכראָפּנ דער געפערלעכער רייעכ פונעם פילפרעסער. א ריזיקער ברוינער פלעק איז וואָרטשענדיק אראָפּגעפלויגנ פונ א פעלדז אונ האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ גלײַכ אפנ נאָענטסטנ — אפנ ווײַסנ הירשעלע. זײַנ בליק האָט באמערקט דאָס שווינדלענ פונ א ווירבלענדיקער פאטלאסער מאסע מיט בליציקע אויגנ, בלענדנדיקע ציינ אונ מיט א גלייִקנ, צאָרנדיקנ, אָטעמ. די האָר האָבנ זיכ אים פאר גרויל אופגעשטעלט, פונ די נאָזלעכער האָט א זעצ געטאָנ א דאמפּ. אונ טייקעפ האָט זיכ אינ אים דערוועקט א נײַער געפיל — א געפיל פונ צאָרנ קעגנ דעם, וואָס האָט צעשטערט זײַנ רו. זײַנ שרעק איז טייקעפ פארשוווּנדנ געוואָרנ, די מוסקולנ האָבנ זיכ אָנגעצויגנ, די הערנער האָבנ זיכ געגרייט צו געבנ א ווידערשטאנד. די טונקעלע ייַע האָט זיכ אראָפּגעלאָזט מיט א טויבנ געבריל. זי איז אָבער באגעגנט געוואָרנ פונ דעם הירשעלעס קליינע הערנער. זיי האָבנ זיכ טיפ איינגעקניטנ אינעם פילפרעסער. אָבער דער שטויס איז געווענ א צו שטארקער. דער ווײַסער הירש איז אומגעפאלנ אפ דער ערד אונ וואָלט אויבגעקומענ, ווענ ניט די מוטער. די מוטער, וואָס האָט אפ אים שטענדיק אכטונג געגעבנ, האָט זיכ איצט א לאָז געטאָנ אפ דער באשעפעניש, אומגעשליידערט זי אונ צוגענאָגלט זי צו דער ערד. דאָס ווײַסע הירשעלע האָט מיט א טײַוולש פײַער אינ די אויגנ גענומענ בוקענ דעם פילפרעסער. אונ אפילע

דאנ, ווענ פונעמ פילפרעסער איז שוינ געוואָרנ א טויטע פּאָרמלאָזע קופּע אונ דעמ הירשעלעס מוטער איז ווידער אוועק זיכ באשענ, האָט ער, פאַרשקענדיק פונ צאָרנ, נאָכ אלץ ניט אופגעהערט צו שטעכנ מיט די הערנער די העסלעכע כײַע, ביז זײַנ שניי־ווײַס קעפל האָט זיכ אויסגעפארבט אינעמ סוינעס בלוט.

אזויארומ האָט דאָס קליינע הירשעלע דערוויזנ, אז אונטער זײַנ אויסערלעכער רויִקײַט צאפּלט א קריגערישע כײַע. ער האָט דערוויזנ, אז ער איז ענלעכ אפ די צאָפּנדיקע מענטשנ, כמורנע, געזעצטע, רויִקע, שווערלײַביקע, אָבער דאנ, ווענ עס פּלאצט זייער געדולד, גיסנ זיכ בא זיי אָנ די אויגנ מיט בלוט.

אינ הארבסט, ווענ די הירשנ האָבנ זיכ פארזאמלט בא דער אָזערע, האָט פּאָסעקאל אויסגעזונגענ זײַנ אלט ליד:

פונ די ווײַטסטע וועגנ,
דורכ שניי־וויכערס גרײַזע,
פליט דאָס גליק פונ נאָרוועגיע
אפ א הירש אפ א ווײַסנ.

דער וואסער־טראָל פּאָסעקאל איז געווענ א גרויסער נאָווי אונ האָט געקענט פאָרויסזאָגנ די צוקונפט. ער האָט אויסגעזונגענ דאָס ליד אונ איז פארשוווּנדנ. דער אלטער סוועגומ האָט געזענ, ווי ער איז דורכגעפלויגנ איבערנ שטראָמ, פונקט ווי א פויגל, וואָס פליט אינדערלופטנ, ווי ער איז אומגעגאנגענ איבערנ דעק פונ דער טיפער אָזערע, פונקט ווי א „פטארמיהאנ״, וואָס שפּאנט איבער שטיינער. אונ דער אלטער האָט איצט געמאָלדנ, אז פּאָסעקאל איז גאנצ איינפאכ אוועק ווינטערנ אפ דאָרעמ. אָבער דער אלטער סוועגומ האָט ניט געקענט ניט לייענענ, ניט שרײַבנ: וואָס האָט ער געקאָנט פארשטיינ אינ אזעלכע זאכנ?

## II

יעדנ פרילינג, ווענ די הירשנ פלעגנ דורכגיינ פארבײַ סוועגומס וואסערמיל, אריבערוואנדערנדיק פונ די נידער־וועלדער צו די אוטראָוואנדער כמורנע ברעגנ, פלעגט פּאָסעקאל באזינגענ דעמ ווײַסנ הירש. אונ דער ווײַסער הירש איז מיט יעדנ יאָר אלץ מער ענלעכ געוואָרנ אפ אנ עכטנ פירער.

אינעמ ערשטנ פרילינג איז ער קוימ געווענ העכער פונ א האָז. ווענ ער האָט זיכ הארבסט-צײַט אראָפּגעלאָזט אָנטרינקענ וואסער, איז שוינ זײַנ רוקנ געווענ העכער פונעמ פעלדז, וואָס באצייכנט דאָס אָרט, ווו סוועגומס שטראָמ גיסט

זיכ אריַנ אינ אוטראָװאנד. אינ א יאָר ארום האָט ער שוינ קוימ געקאָנט דורכ־קריכנ דורכ דער אויסגעקרימטער בעריאָזע, אונ אפנ דריטנ יאָר האָט שוינ פּאָ־סעקאָף, זיצנדיק אפ זיַנ פילפארביקנ פעלדז, געקוקט אפ אים פונ אונטנ ארופ, אונ ניט פונ אויבנ אראָפּ. דאָס איז געװענ אינ יענעם הארבסט, װענ ראָל אונ סוועגום זיַנענ געקומענ צו האָיפיעלד, קעדיי ארומצוזורינגלענ זייער האלב־װילדע טשערעדע אונ אויסקלײַבנ פונ דאָרטנ עטלעכע קרעפטיקע הירשנ, אפ איַנצוו־שפאנענ זיי אינ שליטנ. װעגנ דעמ װיַיסנ הירש האָבנ ניט געקאָנט זיַינ קיינ צװיי מיינונגענ. ער איז געװענ העכער פונ אלע איבעריקע, מאסיװער, װיַיס װי שניי, מיט א האָריקער גריװע, װאָס פלעגט אָנרירנ נידעריקע שניי-הורבעס, מיט א ריזיקער ברוסט, װי בא א פערד, אונ מיט הערנער, װאָס זיַינענ ענלעכ געװענ אפ דעמבנ, אויסגעכאָװעטע אינ שטורעמס. ער איז געװענ דער קיניג פונ דער טשערעדע אונ האָט פריַי געקאָנט װערנ דער קיניג פונ װעגנ.

עס זיַינענ פאראנ צװיי מינימ דרעסירער פונ הירשנ, װי ס׳איז פאראנ צװיי מינימ פערד־דרעסירער: איינער געװוינט צו אונ לערנט דעם בא־לעכיַי, אונ באקומט דעריבער א מונטערנ, פריילעכנ געהילפ; דער אנדערער װיל איַינברעכנ זיַינ געמיט, באקומט ער בלויז א בייזנ שקלאפ, װאָס איז גרייט צו צעבונטעװענ זיכ אונ אויסגיסנ אפ אים זיַינ צאָרנ. א היפּש ביסל לאפלענדער אונ נאָרװעגער האָבנ באצאָלט מיט זייער לעבנ פאר זייער גרויזאמער באציִונג צו הירשנ. ראָל אליינ איז שיר ניט דערהארגעט געװאָרנ פונ א הירש, מיט װעלכנ ער איז זיכ געװענ שלעכט באגאנגענ. אָבער סװעגומ איז ניט גע־װענ פונ דעמ מינ. אפ זיַינ גוירל איז אויסגעפאלנ דערציִענ דעמ װיַיסנ הירש. דאָס האָט זיכ אימ ניט לײַכט אײַנגעגעבנ, װײַל דער הירש האָט ליב געהאט פריַיהייט. גענומענ, סאָפּקאָלסאָפּ, האָט ער דעמ הירש ניט מיט בייזנ, נאָר מיט גוטנ. אונ אז ער האָט זיכ ענדלעכ אויסגעלערנט גיינ אינ שפּאנ אונ קװיקנ זיכ מיטנ געלאפּ אינ שליטנ, איז א פארגעניגנ געװענ צו קוקנ אפנ װיַיסנ ריז, װאָס פליט מיט געדיכטנ דאכפּ פונ די נאָזלעכער איבערנ שנייִקנ פליינ פונ אוטראָװאנד. פונ פאָרנט פלעגט אזוי װי כװאליעס ארומ א פיש װירבלענ דער שניי. צונויפגיסנדיק דעמ שליטנ, דעמ אָנטריַיבער אונ דעמ הירש אינ איינ װיַיסנ שװינדלענדיקנ געשפּענסט.

דערנאָכ זיַינענ געקומענ די װיַינאכטנ מיט א יאריד אונ מיט איַיז-גליטשנ אונ ס׳איז װידער פריילעכ געװאָרנ אינ אוטראָװאנד. די סומנע בערג



זײַנען פאַרהילכט געװאָרן פֿון פֿרײלעכע געשרײען. עס האָבן זיך אָנגעהױבן הירשן־געלאָפֿן, און עס זײַנען פֿאָרגעקומען אַ היפּש ביסל פֿרײלעכע און געפֿערלעכע געשעענישן. ראָל האָט געבראַכט זײַן פֿלינקן הירש, אַ רײזיקן טונקעלן פֿינפֿיאָריקן הירש, אין דער פֿולער פּראַכט פֿון זײַן קראָפֿט. אָבער ראָל, זײער אַן אומגעדולדיקער און אַ ברוטאַלער, האָט אױסגעשעפּט דעם געדולד פֿון זײַן װוּנדערשײנעם שקאַפֿ, און אין סאַמע מיטן געיעג, בעשאַס דער זיג איז געהאַנגען אױף אַ האָר, האָט זיך דער הירש געשטעלט קאַפּויר אונטער ראָלס אָנגעכמאָנעסדיקע שמיץ. ראָל האָט קױם באַװיזן צו באַהאַלטן זיך אונטער דעם איבערגעקערטן שליטן, אױף װעלכן דער הירש האָט אױסגעגאָסן זײַן צאָרן. אַזױאַרום האָט ראָל פֿאַרשפּילט, און דער זיגער איז געװען דער װײַסער הירש. דערנאָך האָט דער װײַסער הירש געזיגט אינעם פֿינפֿמײַליקן געלאָף אַרום דער אָזערע, און פֿאַר יעטװידן זיג האָט אים סװעגום אָנגעהאַנגען צום געשפּאַן אַ נײַ זילבערן גלעקל, און זײַן זיגערישער געלאָף איז אַזױאַרום באַגלײט געװאָרן מיט אַ פֿרײלעכער מוזיק.

דערנאָך זײַנען פֿאָרגעקומען פֿאַרמעסטונגען אין פֿערד־געלאָף, עכטע געװעט־געלאָפֿן, װײַל אַ הירש קאָן נאָר לױפֿן געװײנלעך. און װען באַלדער, דאָס פֿערד, װאָס האָט געזיגט, האָט באַקומען זײַן סטענגע, און זײַן באַלעבאָס—אַ טײַסטער מיט געלט, איז סװעגום צוגעגאַנגען צו אים מיט אַלע זײַנע פּריזן אין די הענט און האָט צו אים אַזױ געזאָגט:

— הער זיך אײַן, לאַרס, דײַן פֿערד איז אַ װװילס, נאָר מײַן הירש איז נאָך בעסער. לאָמיר צונױפֿלײגן אַלע אונדזערע פּריזן צוזאַמען און לאָמיר זיך פֿאַרװעטן. אַלע פּריזן געהערן צו דעם, װער עס װעט זיגן.

אַ הירש קעגן אַ יאָג־פֿערד—קײנער האָט נאָך קײנמאָל ניט געזען אַזאַ מין פֿאַרמעסט. דער פּיסטויל האָט אױסגעשאָסן, און בײדע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבערן שנײ.

— האָ, באַלדער! האָ, הי, באַלדער!

דאָס װוּנדערבאַרע יאָג־פֿערד האָט זיך אַ לאָז געטאָן פֿײַל אױסן בױגן, און דער הירש, װאָס איז געלאָפֿן רעגלמעסיק, איז פֿאַרבליבן פֿון הינטן.

— האָ, באַלדער! הי, הירש! — האָבן די מענטשן געשריִען, זעענדיק װי דאָס פֿערד טראָגט זיך מיט לײַכטע שפּרונגען צום פֿינאַל.

אָבער באַלדער האָט גלײַך פֿון אָנהײב גענומען לױפֿן מיט דער גרעסטער





שנעלקייט. דער הירש, פארקערט, האָט זיכ ביסלעכווײַז אַלצ מער אונ מער צע-
יאָגט. דער מעהאלעכ איז שוינ ווײַטער ניט גרויסער געוואָרנ. ער איז דורכגע-
פלויגנ איינ מײַל, אונ דער מעהאלעכ האָט זיכ אָנגעהויבנ פארקלענערנ. דאָס
פערד האָט צופיל פארשווענדט זײַנע קריכעס פונ אָנהייב אָנ, דער הירש אָבער
האָט זיכ ערשט צעוואַרעמט אינ וועג, שוועבנדיק מעסיק, שנעל, אלצ שנעלער,
אונטערגעהעצט פונ סוועגומס אויסגעשרייענ: „האָ, הירש, בראַוואָ, הירש!" אָדער
געיאָגט בלויז פונ סוועגומס צערטלעכער צוימ.

באַמ ענדע קרײַז זײַנענ זיי שוינ געגאַנגענ אַ קאָפּ לעבנ אַ קאָפּ. דערנאָכ האָט
זיכ באַלדער, כאָטש ער איז געווענ פעסט אונטערגעשמידט אונ איז געפירט גע-
וואָרנ פונ אַ געניטער האַנט, אַ גליטש געטאָנ אפנ אײַז אונ האָט פונ דער רע-
גע גענומענ אײַנהאַלטנ זײַנ געלאַפּ, ווי ער וואָלט זיכ געהיט, ער זאָל ניט פאלנ.
אינ דער זעלבער צײַט האָט דער הירש ווי אַ רועכ זיכ געטראָגנ ווײַטער.
דאָס פערד אונ דער אָנטרײַבער זײַנענ געבליבנ ווײַט פונ הינטנ אונ אַ געמיינ-
זאַמע רעוועריי פונ אַלע העלדזער פונ פּילעפּיעלד האָט אָנגעזאָגט, אַז דער
הירש איז צוגעלאָפנ צומ דראָט אונ האָט אויסגעוווּנענ דעמ געלאַפּ. אונ דאָס
אַלצ איז פאָרגעקומענ אינ דער צײַט, ווענ דער ווײַסער הירש האָט נאָכ ניט
דערגרייכט די פולשטענדיקע אַנטוויקלונג פונ זײַנע קרעפטנ אונ שנעלקייטנ.

אינ דעמ זעלבנ טאָג האָט אויכ ראָל געפּרווּווט אָנטרײַבנ דעמ ווײַסנ הירש.
זיי האָבנ זיכ געלאָזט אינ גיכנ געלאַפּ. דער הירש האָט גערנ געפאָלגט דאָס
צײַמל אונ זײַנע מילדע אויגנ זײַנענ געווענ באַשאָטנ פונ אראָפּגעלאָזטע וויִעס.
אָבער פּלוצעמ האָט ראָל, אָנ קיינ שומ נויטווענדיקייט, בלויז אויס ברוטאלער
געוווינהייט, אימ אַ וועצ געטאָנ. אינ איינ רעגע האָט זיכ אַלצ געענדערט. דאָס
לויפנ פונ דעמ הירש איז שטילער געוואָרנ, אַלע זײַנע פיר פיס האָבנ זיכ אויס-
געצויגנ פאָרויס, ער האָט זיכ ניט אָפּגעשטעלט. די אראָפּגעלאָזטע וויִעס האָבנ
זיכ אויפגעהויבנ, די אויגנ האָבנ אַ פינקל געטאָנ, אָנצינדנדיק זיכ מיט גרינע
פײַערלעכ. פונ יעדנ נאָזלעכל האָט זיכ ארויסגעריסנ צו דרײַ שטראָמענ דאמפ.
ראָל האָט אפ אימ אָנגעשריִענ, דערנאָכ, שפּירנדיק די געפאר, האָט ער געשווינד
איבערגעקערט דעמ שליטנ אינ באַהאַלטנ זיכ אונטער אימ. דער הירש האָט זיכ
אויסגעדרייט גרייט אָנצופאלנ, ער האָט געפאָרשקעט אונ געגראָבנ דעמ שניי
מיט די טלאָען. אָבער דאָ איז דער קליינינקער קנוט, סוועגומס זונ, צוגעלאָפנ
צו אימ אינ ארומגענומענ אימ דעמ האלדז מיט די הענט. דעמלט האָט זיכ

אויסגעלאָשן דער צאָרנדיקער בליק פונעם ווײַסן הירש, און ער האָט זיך געלאָזט אָנפירן פונעם קינד, היט זיך, אָנטרײַבער! בא די הירשן גיט אויך ווען־ניט איז א שלאָג דאָס בלוט צום קאָפּ...

אזוי האָבן זיך די פילעפּיעלדער אײַנוווינער באקענט מיטן ווײַסן הירש.

אין פארלויף פון די פאָלגנדיקע צוויי יאָר איז ער בארימט געוואָרן אינעם גאנצן לאנד אלס סוועגומס געלאָפּ־הירש, און מע האָט א היפּש ביסל גוזמעס זיך אָנדערציילט וועגן אים. מע האָט געזאָגט, אז ער קאָן פאר צוואנציק מינוט דורכפליִען מיטן אלטן סוועגום ארום דעם אוטראָוואנדער זעקסמײַליקן ברעג. ווען א שניי־לאווינע האָט פארשאָטן דאָס דערפל האָלאקער, האָט דער ווײַסער הירש געבראכט א רוף צו הילף אין אָקדאלסטאָל און איז דורכגעלאָפן צוריק פערציק מײַל איבערן טיפן שניי סאכאקל פאר זיבן שאָ, פירנדיק מיט זיך שפּײַז, בראנפן און אן אָנזאָג אף גיכער רעטונג.

ווען דער אויסערגעוויינלעכ דרייסטער קנוט סוועגום איז דורכגעפאלן דורכן דינעם אײַז פון אוטראָוואנד, האָבן זײַנע געשרייען געבראכט אים דעם ווײַסן הירש צו הילף, ווײַל דער ווײַסער הירש איז געווען דער גוטהארציקסטער פון אלע הירשן און פלעגט זיך שטענדיק גערן אָפּרופן אפן ערשטן רוף.

דער הירש האָט פײַערלעך געבראכט צו טראָגן אפן ברעג דאָס יינגל, וואָס האָט זיך געטרונקען, און ווען זיי זײַנען פארבײַגעגאנגען די הערבליע, האָט דער פויגל־טראָל הילכיק זיך צעזונגען:

דאָס גליק, דאָס גליק
אף א ווײַסן הירש.

און דערנאָך איז דער טראָל פארשוווּנדן געוואָרן אף א לאנגער צײַט, — מיסטאמע איז ער פארקראָכן ערגעץ אין אן אונטערוואסער־הייל, קעדיי צו הור־ליען און פרייִעך מאכן זיך דאָרט א גאנצן ווינטער. עמעס, סוועגום האָט דער־דיב ניט געגלייבט.



III

עס טרעפט זייער אָפט, אז דער גורל פון מענטשעס ווערט איבערגעגעבן אין קינדערשע הענט און אפילע אונטער דער אויפזיכט פון א כײַע אָדער פון א פויגל!

די רוימישע אימפעריע איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן פֿון א וואָלפֿיכע.
דאָס גאָלד־הענדל האָט, פּיקנדיק ברעקלעך פֿון א פּויק, אויפֿגעוועקט די אָראַנזשער־
ארבײַ און געמאַכט א סאָף צו דער הערשאַפֿט פֿון די סטיוארטן אין גרויסבריט־
טאַניע. דעריבער איז ניט קיין וווּנדער, וואָס דער גורל פֿון נאָרוועגיע איז אײַ־
בערגעגעבן געוואָרן אינעם רעשוס פֿון א גרויסמוטיקן הירש, קעדײַ עס זאָלן
מעקײַעם ווערן טראָלס לידער, וואָס ער פֿלעגט זינגען, שפּרינגענדיק אָפּ דער
מיל־ראָד.

אַן אומרויִקע צײַט איז דאַן געווען אין סקאַנדינאַוויע. שלעכטע מענטשן,
פּאַרעטער, האָבן פֿאַרשפּרייט סינע צווישן נאָרוועגיע און שוועדן.

— אַראָפּ די אוניע! — האָבן אַלע געשריִען.

אָ, איר אומזיניקע פֿעלקער! ווען איר וואָלט נאָר געהאַט די מעגלעכקײַט
קומען צו סוועגומס מיל־ראָד און הערן טראָלס געזאַנג:

א פֿלינקער ראָב און א צאָרנדיקער לייב
האָבן א בער צוזאַמען געפּליקט,
נאָר פֿלוצלינג זיי האָבן זיך ביידע צעקריגט
און ס'האָט זיי דער בער ביידן דערשטיקט.

איבער גאַנץ נאָרוועגיע האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען וועגן בירגערקריג, וועגן
א קאַמף פֿאַר אומאָפּהענגיקײַט. עס זײַנען פֿאָרגעקומען געהיימע פֿאַרזאַמלונגען, און
אויף יעדער פֿאַרזאַמלונג האָט זיך אָפּגעזוכט א מענטש, וואָס האָט געטײַנעט, אַז
מע אונטערדריקט די נאָרוועגער, און האָט זיי צוגעזאָגט, אַז אייניקע מלוכעס
וועלן זיי אונטערשטיצן, ווי נאָר זיי וועלן אַרויסטרעטן אין קאַמף פֿאַר פֿרײַ־
הײַט. קיינער האָט אָבער ניט געזאָגט, ווער זײַנען דאָס די דאָזיקע מלוכעס.

אופֿריכטיקע פּאַטריאָטן האָבן אָנגעהויבן גלייבן אָט די פּאַרפּירערישע רייד.
זייער פֿאָטערלאַנד האָט געקרעכצט. די מלוכע איז געווען אויסגעצערט ווי האָ־
ניק־קעמערלעך. די גאַנצע געזעלשאַפֿט איז געוואָרן איין פֿאַרשווערונג־קנויל. דער
קיניג איז געווען הילפֿלאָז.

דער אָנפֿירער פֿון די פֿאַרשווערער איז געווען באַרגרעווינק, א געוועזענער
ערד־אַרענדאַטאָר (א לענסמאַן). א מענטש מיט אויסערגעוויינלעכע פֿייִקײַטן, א
מיטגליד פֿון סטאָרטינג, א געבאָרענער פֿירער, וואָלט ער שוין לאַנג גע־
קאָנט ווערן פּרעמיער־מיניסטער. אָבער אַלע האָבן זיך עפּעס באַצויגן צו אים
מיט אומצוטרוי.

אַנטוישט אין זײַנע ערגײַציקײַט, איז ער געוואָרן אַן אַגענט פֿון אַן אויס־



לענדישער מעלוכע. אינ דער זעלבער צײַט האָט ער ניט איבערגעריסנ זײַנע באַציִונגענ מיט די פארשווערער אונ האָט געשפּילט א צווייענדיקע ראָליע.

דער איניקע האָט זיכ דערווײַל ביסלעכווײַז גערוקט פאָרויס. די נאָרוועגישע אָפיצערנ האָבנ באַשלאָסנ שטעלנ זיכ אפ דער זײַט פונעמ אונטערדריקטנ פאָטערלאנד אונ האָבנ זיכ אָנגעשלאָסנ צו דער פארשווערונג. באַרגרעווינק איז פונ אלעמענ אָנערקענט געוואָרנ אלס פירער. אָבער גאָר אומגעריכט האָט ער אָנגעהויבנ פאָדערנ פונ די אָפיצערנ, אז נאָכ דער איבערקערעניש זאָל ער דערקלערט ווערנ אלס נאָרוועגישער קיניג. די אָפיצערנ זײַנענ גרייט געווענ אימ געבנ אומגעהייערע רײַכטימער, אָבער די קיניגלעכע מאכט — בעשומויפנ ניט. דער שטרײַט האָט זיכ פארשארפט. באַרגרעווינק האָט, ווי פריִער, באזוכט אלע פארזאמלונגענ, ער האָט זיכ אָבער אלץ מער באמיט צו קאָנצענטרירנ די גאנצע מאכט בא זיכ אינ די הענט.

ער האָט זיכ געהיימ אָנגעשלאָסנ צו דער פארטיי פונ דעמ נאָרוועגישנ אונטערדריקער — פונעמ שוועדישנ קיניג. קעדיי צו באוואָרענענ זיכ פונ געפאר, האָט ער באשלאָסנ ארויסצוגעבנ דעמ קיניג אלע פארשווערער. ער האָט אָבער געדארפט האָבנ פאקטנ, אונ ער האָט גענומענ זאמלענ אונטערשריפטנ אונטער דער דעקלאראציע פונ די רעכט פונ נאָרוועגיע. עס איז אימ שוינ געלונגענ צו קריגנ אונטערשריפטנ פונ א סאכ אָנגעזעענע לײַט צו יענער צײַט, נאָר דאָ איז גראָד פאָרגעקומענ די פארזאמלונג אינ לערסדאלסאָרענ. דאָ האָבנ זיכ אָנהייב ווינטער פארזאמלט א מאנ צוואנציק פאטריִאָטנ — מענטשנ, וואָס זײַנענ באשענקט מיט גרויסער קלוגשאפט. דאָ, אינ אנ ענגנ, דומפּיקנ צימער, האָבנ זיי גערעדט אונ געטראכט, אונ פארשיידענע פּלענער געבויט. עס זײַנענ ארויסגעזאָגט געוואָרנ גרויסע האָפענונגענ, עס האָבנ זיכ אָנגעמערקט גרויסע טאטנ בא דעמ אָנגעגליטנ אייוועלע.

אינ דרויסנ, אונטערנ צודעק פונ דער פינצטערער נאכט, האָט זיכ געפונענ דער ווײַסער הירש. ער איז געווענ אײַנגעשפּאנט אינ א שליטנ, נאָר ער איז געלעגנ אפנ שניי אונ געשלאָפנ, דעמ קאָפּ פארדרייט אפ א זײַט, א רויִקער, א זאָרגלאָזער. ווער וועט לייזנ דעמ גורל פונ לאנד — די קלוגע מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ פארזאמלט באמ אייוועלע, צי דער פארשלאָפענער הירש אפנ הויפ?

אינ לערסדאלסאָרענ איז אלץ פאָרגעקומענ פונקט אזוי ווי אומעטומ: פארכאפּט פונ באַרגרעווינקס שיינע רייד, האָבנ אלע ארײַנגעשטופּט די קעפּ אינ

שפּיס, פּארטרעיט אים זייערע לעבנס און אויך דאָס פּאָסטערלאנד, וועלנדיק איינ דעם העסלעכן פּארעטער א מאלעכ פון אָפּערווילעקער ליבע צום פּאָסטערלאנד. אלע סאקעס האָבנ אינ אים אזוי געגלייבט? ניינ, נים אלע. דער אלטער סוועגום איז דאָ אויך געווענ. ער האָט ניט געקענט נים שרײַבנ און נים לייענען. דאָס האָט אים באַפרײַט פון געבנ זײַנ אונטערשריפט.

ער האָט נים געקענט דורכלייענען קיינ אָט אינ א בוך, אָבער ער האָט עפּוואָס געקענט לייענען אינ מענטשלעכע הערצער. ווען די פּארזאמלונג האָט זיך געענדיקט, האָט ער אײַנגערוימט אקסעל טאנבערגנ:

— אונ ער אלײנ האָט אונטערגעשריבנ זײַנ נאָמען אפנ פּאפּיר?

אופגעציטערט פון אומגעריכטן געדאנק, האָט אקסעל געענטפערט:

— ניינ.

דאנ האָט סוועגום געזאָגט:

— איך גלייב ניט דעם דאָזיקנ מאנ. מע דארפ זענ, אז מע זאָל זיך דער־פון דערווײסנ אינ ניסטוענ.

אינ ניסטוענ האָט געדארפט פּאָרקומען זייער א וויכטיקע פּארזאמלונג. אָבער ווי זאָגט מען זיי אָנ? דאָס איז א שווערע זאך. באָרגרעווינק האָט זיך טײַקעס אוועקגעטראָגנ ווי א רועכ אפ זײַנ פלינקנ פערד.

סוועגומס אויגנ האָבנ אופגעבליצט, ער האָט א ווונק געטאָנ אפנ הירש, וואָס איז געווענ צוגעבונדנ צום פּלויט. באָרגרעווינק איז ארײַנגעשפּרונגענ אינ זײַנ שליטנ און האָט זיך אוועקגעטראָגנ מעשוגענערווײַז, וואָרעם ער איז געווענ אנ אנטשיידענער מענטש.

סוועגום האָט אויסגעטאָנ די גלעקלעכ פון געשפּאנ, אָפּגעבונדנ דעם הירש און איז ארײַנגעקראָכנ אינ שליטנ. ער האָט א פּאָכ געטאָנ מיט די לייצעס, א שמאָקע געטאָנ צום הירש און אים אויסגעקערעוועט אינ דער ריכטונג צו ניסטוענ. די פערד זײַנענ געווענ ווײַט פּאָרויס, אָבער קאָלומאנ זיי האָבנ זיך נאָכ ניט אופגעהויבנ אפנ מיזרעכדיקנ בארג, האָט סוועגום סײַווי געמוזט זיך האלטנ א ביסל פונדערווײַטנס, כדי ניט אָנצוזאָגנ אים. ער איז געפאָרנ פּאמעלעכ ביזנ סאמע מאריססוענער וואלד. דאָ האָט ער זיך אָפּגעקערעוועט פון וועג און האָט א יאָג געטאָנ דעם הירש א רופּצו מיטנ טײַכ — דער וועג איז ווײַטער, אָבער דאָס איז אומפאַרמײַדלעכ, אויב ער האָט געוואָלט פארלויפנ די פערד דעם וועג.

הוק, האָק — הוק, — האָק — הוק, האָק — האָבנ געהילכט דעם הירשס

גרויסע טלאָען, און זײַנ רויִק סאָפּענ האָט דערמאָנט די שיפּ «Nordland», בעשאַס זי פלעגט דורכשווימענ דורכנ גאַרדאַנזשערער פיאָרד. אינ דער הייכ, אפנ גלאַטנ וועג, האָבנ געקלונגענ די גלעקלעכ פונ די פערד און עס האָבנ זיכ גע-הערט די געשרייענ פונ באָרגרעווינקס אָנטרײַבער, וואָס האָט זיכ שטאַרק געײַלט אינ ניסטוענ לויטנ באַפעל פונעמ באַלעבאָס.



דער גרויסער טראַקט איז געווענ קורצ און גלײַכ, און דער סײַכטאָפ איז געווענ לאַנג און אינ הורבעס. און דאָכ, ווענ באָרגרעווינק איז אינ פיר שאָ ארומ געקומענ אינ ניסטוענ, האָט ער צווישנ דעמ האַמוינ דערזענ א געזיכט, וואָס ער האָט ניט לאַנג איבערגעלאָזט אינ לערסדאַלסאָרענ. ער האָט זיכ געמאַכט ניט זעענדיק, כאָטש קיינ זאַכ האָט זיכ קיינמאָל ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטנ פונ זײַנ אופמערקזאַמקײַט.

אינ ניסטוענ האָט קיינ איינער פונ די אָנטיילנעמער פונ דער פאַרזאַמלונג ניט געוואָלט געבנ זײַנ אונטערשריפט. דער איגיענ האָט אָנגענומענ אנ ערנסטנ כאַראַקטער און האָט געקאָנט ווערנ ביז גאָר געפערלעכ אינ אזא אנטשיידענעמ מאָמענט. באַטראַכטנדיק געגנוי אַלע אומשטאַנדנ, האָט באָרגרעווינק געגומענ כוי-שעד זײַנ סוועגומענ, אָט דעמ אַלטנ ניט-גראַמעטנעמ נאַר, וואָס האָט ניט גע-קענט אונטערשרײַבנ זײַנ נאָמענ אינ לערסדאַלסאָרענ.

אָבער וויִאַזוי האָט ער דאָס באַוויזנ צו קומענ אהער פריִער פונ אימ? באָרגרעווינקס פערד זײַנענ דאָכ אזעלכע געשווינדע!

אינ ניסטוענ איז באַנאַכט פאָרגעקומענ א באַל. דער דאָזיקער באַל איז אײַנגעאָרדנט געוואָרנ, קעדיי צו מאַסקירנ די געהיימע פאַרזאַמלונג, און אפנ באַל האָט באָרגרעווינק צומ ערשטנ מאָל דערהערט וועגנ דעמ גרינגפיסיקנ הירש.

אינ ניסטוענ האָט דער איניענ געפּלאַצט איבער דער שולד פונ דעמ דאָ-זיקנ הירש. מע מוז זיכ אָפּטראָגנ אינ בערגענ, קאָלומאַנ מע האָט נאָכ ניט באַ-וויזנ צו פאַרעפנטלעכנ דעמ איניענ, אניט איז אַלצ פאַרפאַלנ. עס איז געווענ גאָר איינ וועג צו ראַטעווענ זיכ—אריבעריאָגנ יעדנ איינעמ, וועמענ עס וואָלט אײַנגעפאַלנ לאָזנ זיכ אהינ. זייער מעגלעכ, אז פונ לערסדאַלסאָרענ איז שוינ אויסגעפלויגנ א ידיִע. אָבער אפילע אינ דעמ פאַל קאָנ דאָכ באָרגרעווינק זיכ דערקלײַבנ אינ בערגענ און ראַטעווענ זיכ, עס מעג אימ קאָסטנ גאַנצ נאָרוועגיע, אבי ער זאָל נאָר קאָנענ באַקומענ דעמ ווײַסנ הירש. ער האָט ניט געקאָנט דערלאָזנ, מע זאָל אימ אָפּזאָגנ. ער איז געווענ ניט פונ די, וואָס

גיבנ זיכ אונטער, עס זאָל אים אפילע אויסקומענ אָנצוּװוענדנ זײַנ גאנצע װירקונג, קעדיי צו דערשלאָגנ זיכ די אײַנשטימונג פונעם אלטנ סוועגום.

דער הירש איז רויִק געשלאָפנ אינ שטאל, װענ סוועגום איז געקומענ נאָכ אים. ער האָט זיכ אופגעהויבנ פאמעלעכ, פריִער אפ די חינטערשטע פיס, ארויסגעשטעלט זיי איינעם נאָכ דעם צווייטנ, פארדרייענדיק דערבײַ דעם עק אפנ רוקנ, אראָפגעכרייסלט דאָס היי פונ די פארצװײַגטע הערנער, װי פונ א בינטל צװײַגנ, אונ איז לאנגזאם אװעק נאָכנ באלעבאָס, װאָס האָט אים געפירט פארנ צוים. ער איז געווענ אזוי פארשלאָפנ אונ איז אזוי שטיל געקראָכנ, אז באָרגרעווינק האָט אים אומגעדולדיק א שטויס געטאָנ מיטנ פוס. ער האָט דערפאר באקומענ א בייז פאָרשקענ פונעם הירש אונ אנ ערנסטנ אויסרייד פונ סוועגומענ. באָרגרעווינק האָט זיכ אָבער באצויגנ מיט ביסל סײַ צום פאָרשקענ פונעם הירש אונ סײַ צו סוועגומס אויסרייד.

די קלינגענדיקע גלעקלעכ האָבנ זיכ װידער צעקלונגענ אינ געשפאנ, אָבער באָרגרעווינק האָט פאראָרדנט, מע זאָל זיי אראָפנעמענ. ער האָט געװאָלט פאָרנ שטיל, אָנ טומל. סוועגום האָט ניט געװאָלט בלײַבנ הינטערשטעליק, בעשאס מע נעמט צו זײַנ באליבטנ הירש, דעריבער האָט מענ אים געמאכט אנ אָרט אינ שליטנ, װאָס איז געשפאנט מיט א פאָר פערד, דערבײַ האָט דער אָנטרײַבער באקומענ א געהיימענ באפעל פונעם באלעבאָס—אָפצושטיינ.

דאנ האָט באָרגרעווינק, אָנגעפאקט מיט פאפירנ, װאָס האָבנ באדײַט טויט-אורטײל פאר א סאכ פארפירטע מענטשנ, זיכ געזעצט אינ שליטנ, װאָס איז געשפאנט מיטנ װײַסנ הירש, מיט כײַװלשע פארלאנגענ אינ הארצנ אונ מיטנ גוירל פונ נאָרװעגיִע אינ די הענט, אונ האָט זיכ באגינענ געלאָזט צו זײַנ פארדאָרבענעם ציל.



לויטנ כיגנאָל, װאָס סוועגום האָט געגעבנ, האָט זיכ דער װײַסער הירש א ריס געטאָנ פונעם אָרט מיט צוויי שפרונגענ, װאָס האָבנ באָרגרעווינק א שלײַדער געטאָנ צום װענגל פונ שליטנ. ער איז אופגעקאָכט געװאָרנ, אָבער ער האָט דערשטיקט אינ זיכ דעם צאָרנ, בײַם ער האָט דערזענ, װי װײַט עס איז פארבליבנ דער צװײטער שליטנ. ער האָט א צי געטאָנ די לײצעס, א הוקע געטאָנ, אונ דער הירש האָט זיכ ברייט צעיאָגט. זײַנע ברייטע טלאָענ האָבנ געפײַקלט א צווייענדיקנ שרויט-געפויק אפ יעכװידנ שכאנ. די פאראָזעל אויסגעצויגענע נאָזלעכער האָבנ געלאָזט פונ זיכ שלאנקע שטראָמענ דאמפ אינ דער

פראָסטיקער לופט. די אײַזערנע שינעס פונעם שליטן האָבן אופגעריסן צוויי לאנגע בײטן, וואָס האָבן באשאָטן דעם מענטשן און דעם שליטן מיט שניי. און די גרויסע אויגן פונעם וווּנדערשיינעם קיניג־הירש האָבן פריילעכ געבליצט פונ דער פרייד פונ לויפן און פונעם באחווסטזײַנ פונ ניצאָכנ—די גליקלעכ פונ די פערד זײַנען פארטויבט געוואָרן ערגעצ ווײַט הינטער זיי.

אפילע דער מאכטגײַציקער באָרגרעווינק, ער אפילע האָט ניט געקאָנט ניט באווּנדערן די פראכטפולע באשעפעניש, וואָס האָט אים איבערגעקליגט פּאָריקע נאכט און וואָס האָט איצט אָפּגעגעבן איר שווינדיקן געלאפ אינ זײַנ רעשוס. ער האָט געוואָלט קומען פריִער פּאר די פערד אפ עטלעכע שאָ.

זיי האָבן זיכ געטראָגן ארופ בארג פונקט אזוי, ווי אראָפּ בארג, און דער פארעטער איז אלצ מער אופגעמונטערט געוואָרן, וואָס מער עס האָט זיכ פארשנעלערט דער געלאפ. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער דער וואָג פונעם שליטן, און דער פראָסטיקער סקריפּ פונ אונטער די טלאָען פונעם פליִענדיקן הירש איז ענלעכ געווען אפ א סקריִען פונ מעכטיקע ציינ. דערנאָכ האָט זיכ פאר זיי צעעפנט א ברייטער פליינ, וואָס ציט זיכ פונעם ניסטוענער בארג ביז דאלעקארל, און ווען זיי האָבן זיכ דורכגעטראָגן פארבײַ די הײַזער בא דער שײַנ פונעם פריִען באגינען, האָט דער קליינינקער קארל צופעליק א קוק געטאָן דורכן פענצטער און האָט דערזען א גרויסן ווײַסן הירש אינ א ווײַסן שליטן מיט א ווײַסן פאָרער, פונקט ווי אינ די מײַסעס וועגן די ריזן, און קארל האָט גענומען פּאטשן אינ די דלאָניעס און שרײַען:

— בראוואָ! בראוואָ!

אָבער ווען זײַנ זיידע האָט דערזען דעם ווײַסן ווונדער, וואָס האָט דורכגעשווינדלט פארבײַ אפילע אָנ א געקלאנג פונ גלעקלעכ, איז אים א פראָסט דורכגעגאנגען איבערן לײַב, ער האָט באשלאָסן, אז ער זעט פאר זיכ דעם פארקישעפטן הירש פונ יאָטונהיים.

אָבער דער הירש איז אלצ ווײַטער געפלויגן, און דער פארעטער האָט בלויז געצויגן די לייצעס און געטראכט וועגן בערגען. ער האָט א שמיצ געטאָן דעם הירש מיטן שטריק, דער הירש האָט דרײַ מאָל א פּאָרשקע געטאָן, א שפרונג געטאָן דרײַ מאָל, דערנאָכ האָט ער געשווינד זיכ גענומען טראָגן, דורכגעלאָפן פארבײַ דירסקאור, ווו סע שטייט א ריז אפן ראנד פונעם בארג־געזימס. דער קאָפּ פונעם ריז איז איצט געווען פארהילט אינ נעפל. און א נעפל אפן קאָפּ

פונעם ריז באפײַס, אז עס דערנעענטערט זיך א שטורעם. דער הירש האָט דאָס געוווסט. ער האָט א צי געטאָן די לופט, א קוק געטאָן אפן הימל מיט אן אומרויִקן בליק און האָט אפילע פארלאנגזאמט זײַן לויפן. אָבער באָרגרעווינק האָט זיך צעשריִען אפן לויפנדיקן הירש און האָט אים א זעץ געטאָן איין מאָל און צוויי מאָל און דרײַ מאָל, יעדעס מאָל אלץ שטארקער און שנ[illegible]קער. דאַן האָט דער שליטן אוועקגעשוועבט ווי א שיפל, וואָס איז צוגעבונדן צו א דאמפשיף, אָבער דעם הירשס אויגן זײַנען אָנגעגאָסן געוואָרן מיט בלוט, און באָרגרעווינק איז קוים אײַנגעזעסן אין שליטן, ער זאָל ניט ארויספאלן. די וועגסלופן האָבן געשווינדלט פארבײַ ווי ריטלעך, ביז עס האָט זיך באוויזן סוועטומס בריק. עס האָט שוין געוויכערט דער שטורעם, אָבער סראָל איז געווען דאָ אפן פלאץ. ווער ווייסט אים, פונוואנען ער האָט זיך גענומען אהער. ער איז געשפרונגען איבער די מיל־שטיינער און האָט געזונגען:



וועגן קינסטיקן גליק, וועגן שטורעם און קריג,
וועגן פײַן אָן א שיר, וועגן שניי־ווײַסן הירש.

זיי האָבן זיך אראָפגעלאָזט איבער א געשלענגלטן וועג און פארקערעוועט. דערהערנדיק די שטים אפן בריק, האָט דער הירש פארוואָרפן אפ הינטער די אויערן און גענומען לויפן פאמעלעכער. ניט פארשטייענדיק וואָס דאָ קומט פאָר, האָט באָרגרעווינק ברוטאל א זעץ געטאָן דעם הירש. דער כײַעס וונדערשיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן צונטער-רויט. דער הירש האָט צאָרנדיק א פאָרשקע געטאָן און א פיר געטאָן מיט זײַנע גרויסע הערנער, ער האָט זיך אָבער ניט אָפגעשטעלט, קעדיי צו נעמען נעקאָמע. ער האָט געגרייט א בעסערע נעקאָמע. דער שליטן האָט זיך אוועקגעטראָגן ווײַטער, אָבער באָרגרעווינק האָט פארלאָרן די מאכט איבערן הירש. די איין-און-איינציקע שטים, וואָס דער הירש האָט געפאָלגט, איז פארבליבן ווײַט פון הינטן. זיי האָבן שארף פארקערעוועט אראָפ וועג, ניט דערפאָרנדיק ביז צום בריק. דער שליטן האָט זיך איבערגעקערט, האָט זיך אָבער ווידער אויסגעגלײַכט, און באָרגרעווינק וואָלט ארויסגעפאלן און דערהארגעט געוואָרן, ווען ער וואָלט ניט געווען צוגעבונדן צום שליטן מיט רימענס. אפאָנעם, אז אזוי איז שוין באשערט געווען. עס האָט געדאכט, אז אלע נאָרוועגער קלאָלעס האָבן זיך אויסגעגאָסן אפ דעם דאָזיקן שליטן. א צעבײַלטער און א צעדראפעטער איז דער פארעטער ווידער געזעסן אין שליטן. סראָל איז לײַכט איבערגעפלויגן פון בריק אפן הירש און, אײַנקלאמערנדיק זיך אין



זײַנע הערנער, האָט ער געטאַנצט און האָט געזונגען זײַן אַלט ליד. און דערנאָך האָט ער צוגעגעבן אַ נײַ ליד:

הורא! עס בלאָזט אַ פרײַער ווינט,
דער פאַרעסטער פאַרלאָזט אונדז געשווינד!

באָרגרעווינק איז געווען אויסער זיך פון צאָרן און שרעק. ער האָט אַלץ שטאַרקער געשמיסן דעם הירש, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער די שניי-הורבעס. ער האָט אומזיסט געפּרוּווט אים אײַנצאַמען. פון שרעק האָט ער אינגאַנצן דעם קאָפּ פאַרלאָרן. ענדלעך, האָט ער אָפּגעזוכט אַ מעסער און האָט געוואָלט אים אַרײַנזעצן אינעם הירש, אָבער אַ זעץ פון די טלאָען האָט אַרויסגעשלײַדערט דעם מעסער פון זײַנע הענט. זייער פריערדיקער געלאָף איבערן וועג איז גאָרניט ווערט געווען אַנטקעגן דעם, ווי זיי האָבן זיך אַצינד געטראָגן. פון געהיינעכן געלאָף איז אַפילו קיין סימען ניט געבליבן. דער הירש איז געפלויגן מיט ווילדע שפּרונגען, וואָס האָבן דערגרייכט צו דרײַ פוס די ברייט, און דער אומגליקלעכער באָרגרעווינק, אַ צוגעבונדענער צום שליטן, אַן איינזאַמער און אַ הילפלאָזער, האָט געשריִען, געשאָלטן און טפילה געטאָן. מיט אויגן, פאַרלאָפענע מיט בלוט, רייכערנדיק זיך מיט גרויסע קנוילן דאַמף, איז דער הירש געשפּרונגען אַרויף אין דער הייך איבער שטיינערנע שטאָרצן, איבערן צעאַקערטן, שטורעמדיקן האָיפיעלד. ער האָט זיך געטראָגן אַף די בערג, ווי אַ שטורעם-פויגל פלאַטערט איבער כוואַליעס. ער איז געפלויגן איבער דעם אַלטן באַקאַנטן וועג, אַף וועלכן ער איז געלאָפן אין פאַרלויף פון פינף יאָר, געלאָפן אַהין, ווו די שוואַרצע פעלדזן זײַנען אין שנייען פאַרהילט און פאַרשטעלן דעם הימל.



ער איז געפלויגן אַרויף, ווי אַ שניי-כוואַליע, וואָס טראָגט זיך פון דער ערד, אויפגעהויבן פון שניי-ווירכער. אַלץ העכער, העכער, העכער! און קיינער האָט זיי ניט געזען, אויסער דעם ראָב, וואָס האָט געשוועבט הינטער זיי, און אויסער טראָלן, דעם זעלביקן אַלטן טראָל, וואָס האָט געזונגען לעבן דער וואַסערמיל און וואָס האָט געזונגען אַצינד, טאַנצנדיק צווישן די הערנער פונעם הירש:

דאָס גליק פון „באָרגרעווינק" דאָס גליק פון נאָרוועגיע
פליט אַף אַ ווײַסן הירש איבערן וועג.

פאַרבײַפאָרנדיק טווינדעהוג, זײַנען זיי צעשטויבט געוואָרן, ווי אַ נעפּל איבערן זומפּ, פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער פינצטערער ווײַט פון יאָטונהיים, דאָרטן, ווו עס וווינען די בייזע גײַסטער, אינעם הײמלאַנד פון אייביקן שניי.

זייערע שפורן זײַנען פארװײַסט געװאָרן פונעם שניי־שטורעם, און זייער סאָפּ איז שטענדיק געבליבן אין סוידעס פארהילט.

דאָס נאָרװעגישע פאָלק האָט זיך אויפגעכאַפּט װי פון א קאָשמארנע שלאָף. דער אומקום פון דער נאציע איז אויסגעמיטן געװאָרן. עס זײַנען ניט געװען קיין סויט־אורטיילן, װײַל עס זײַנען ניט געװען קיין באװײַזן, און עס איז װי־דער רויִק געװאָרן.

דער אײנציקער אָנדענק, װאָס איז פארבליבן פון דער דאָזיקער געשיכטע, איז געװען דאָס בינטל גלעקלעך, װאָס סװעגום האָט אויסגעטאָן פון דעם הירשס האלדז, די גלעקלעך פון זיך, װאָס יעדערער פון זיי באַצײַט א באזונדערע דעראָבע־רונג. און אז דער אלטער סװעגום האָט באנומען ביזן גרונט, װאָס עס איז געשען׳ האָט ער א טיפן זיפץ געטאָן און האָט צוגעבונדן צום בינטל גלעקלעך דאָס לעצטע—דאָס סאמע גרעסטע גלעקל.

זינט דאן האָט מער קיינער ניט געהערט װעגן דעם מענטשן, װאָס האָט שיר ניט פארקויפט זײַן פאָטערלאנד, און װעגן דעם װײַסן הירש, װאָס האָט אים איבערגעקליגט. אָבער די מענטשן, װאָס װוינען ניט װײַט פון יאָטונהיים, דערציילן, אז אין די שטורעמדיקע נעכט, װען עס װיכערט דער שניי און דער װינט בײַזערט זיך אין די װעלדער, טראָגט זיך דאן װען־ניט־װען דורך מיט א טירעדיקער שנעלקײַט א ריזיקער װײַסער הירש מיט פײַערדיקע אויגן, שלעפנ־דיק נאָך זיך א שניי־װײַסן שליטן, אין װעלכן עס שלײַדערט זיך מיט א װילדן געשריי א באשעפעניש, פארשלייערט אין װײַסן. און באם הירש אפן קאָפּ, האלטנדיק זיך פאר די הערנער, קעדיי אײַנצוהיטן גלײַכגעװיכט, טאנצט דער גראָבעדריקער טראָל אין א ברוינעם קאפטן. ער נייגט זיך פריילעך און שמייכלט און זינגט:

פינעם גליק פון די שטעט פון נאָרװעגיע,
פונעם דרייסטן װײַסן הירש אפ די װעגן.

דער זעלבער טראָל, װאָס האָט מיט נעװײַשער װײַטזיכטיקײַט געזונגען לעבן סװעגומס װאסערמיל אין יענעם לאנג פארלאָפענעם טאָג, װען די בעריאָזעס זײַנען באצירט געװען אין פריילינגדיקע גירליאנדעס און די שטיל־אויגיקע װאר־סימלע איז פארבײַגעגאנגען מיט א װײַסינק הירשעלע, װאָס איז איר שטיל און באשיידן נאָכגעגאנגען.



# דער וויניפּעגער וואָלף

## I

מײַן ערשטע באַגעגעניש מיטן וויניפּעגער וואָלף איז פֿאָרגעקומען בעשאס דער גרויסער זאַווערוכע אין יאָר 1882. איך בין אַרויסגעפֿאָרן פֿון סען-פּאָל אינמיטן מאַרט, האָפֿנדיק צו דערקלײַבן זיך דורך די פּרעריעס קיין וויניפּעג פֿאַר פֿיר און צוואַנציק שאָ. אָבער דער קיניג פֿון די ווינטן האָט באַשלאָסן אַנדערש און אַראָפּגעשיקט אַף דער ערד אַ בייזע זאַווערוכע. שאָ נאָך שאָ האָט אײַנגעשפּאַרט און צאָרנדיק געשאָטן אַ שניי.

קיינמאָל אין לעבן האָב איך ניט געזען אַזאַ זאַווערוכע. די גאַנצע וועלט האָט זיך אײַנגעהילט אין שניי. שניי, שניי, שניי — אַ דרייענדיקער, בײַסנדיקער, שטעכיקער, פֿליענדיקער שניי. און דער סאָפּענדיקער לאָקאָמאָטיוו איז געווען געצוווּנגען אָפּצושטעלן זיך לויטן באַפֿעל פֿון אָט די לופֿטיקע, פֿעדערדיקע, זויבערריינע קרישטאָלן.

צו די צאַרטע פּוכיקע שניי-בערג, וואָס האָבן פֿאַרצוימט אונדז דעם וועג, זײַנען זיך צונויפֿגעקומען אַ סאַך שטאַרקע הענט מיט לאָפּעטעס, און אין אַ שאָ אַרום האָט אונדזער לאָקאָמאָטיוו זיך גערירט פֿון אָרט בלויז צוליב דעם, קעדיי פֿאַרזונקען ווערן אין אַ ווײַטערדיקן באַרג שניי. דאָס איז געווען ניט קיין גרינגע אַרבעט — טאָג נאָך טאָג, נאַכט נאָך נאַכט האָבן מיר אָן אויפֿהער זיך אײַנגעגראָבן אינעם שניי און ווידער זיך אויסגעגראָבן פֿון אים, און דער שניי האָט אַלץ ניט אויפֿגעהערט אַרומפֿליען און שפּילן איבער אונדז.

— צוויי און צוואַנציק שאָ ביז עמערסאָן, — האָט געזאָגט אַן אײַזנבאַן-אָנגעשטעלטער. נאָר עס זײַנען דורך צוויי וואָכן, איידער מיר האָבן זיך דערקליבן ביז עמערסאָן מיט זײַנע טאָפּאָל-וועלדלעך, וואָס האָבן קיין מוירע ניט פֿאַר זאַווערוכעס. פֿונדאַנען איז דער צוג אַוועק מיט אַ שנעלן גאַנג. די טאָפּאָל-וועלדלעך זײַנען



געוואָרן געדיכטער און האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין גרויסע וועלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן אַף גאַנצע מײַלן, מיט זעלטענע דורכלויכטן דאָ און דאָרט. דערנעענטערנדיק זיך צום מיזרעך-ראַנד פון וויניפּעג, זײַנען מיר דורכגעפלויגן דורך אַ קליינער וואַלד־אַליי, פּונקט שפּאַן די ברייט, און אין סאַמע מיטן אירער האָב איך דערזען אַ בילד, וואָס האָט מיך אופגעשווידערט ביז גאָר.

אַף אַ הוילן וואַלד-פּלאַץ איז געשטאַנען אַ גרויסע טשאַטע הינט, גרויסע און קליינע, געלע, ווײַסע און שווארצע. די הינט האָבן זיך גערעגט און באַוועגס, שאַפּנדיק אַ מין אומרעגלמעסיקן רינג. פון איין זײַט האָט זיך אַרויסגעזען אַ געל הינטל, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אַפן שניי. אַף דער אויסערלעכער זײַט פונעם קרײַז האָט זיך געריסן און געבילט אַ גרויסער שווארצער הונט, וועלכער האָט זיך דאָך געהאַלטן די גאַנצע צײַט אונטער דער שוץ פונעם האַמוין. און אינמיטן איז געשטאַנען אַ גרויסער אָנגעכמורעטער וואָלף.

אַ וואָלף? ער האָט מיר אויסגעוויזן ווי אַ לייב. ער איז געשטאַנען איינער אַליין—אַן אַנטשיידענער, אַ רויִקער, מיט פאַרשפּיצטע האָר אַף דער גריווע, די פיס פעסט פאַנאַנדערגעשטעלט, און געקוקט דאָס אַהין, דאָס אַהער, גרייט צו אַן אַטאַקע אין אַלע ריכטונגען. אַף זײַנע ליפּן האָט זיך אָנגעזען אַ קנייטש, וואָס איז ענלעך געווען אַף אַ פאַראַכטנדיקן שמייכל. פאַרשטייט זיך, דאָס איז געווען נים קיין שמייכל. דאָס האָט ער פּאָשעט אַזוי אויסגעשטשירעט די ציין צו דער שלאַכט. אונטער דער אָנפירונג פון אַ וואָלפאַרטיקן הונט, וועלכער וואָלט זיך באַדאַרפט שעמען פאַר אַזאַ פאַראַט, האָט די טשאַטע זיך געוואָרפן אַף אים זיכער שוין צום צוואַנציקסטן מאָל. אָבער די וווקסיקע גרויע פיגור האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַהין־אַהער, צונויפקלעמענדיק די שרעקלעכע קינבאַקן—קנאַק, קנאַק, קנאַק. דער וואָלף האָט נים געקוויטשעט, נים געוויעט, נים געבילט. דערפאַר האָט זיך אָבער מיצאַד זײַנע פײַנט געלאָזט הערן נים איין גסיסע-געשריי, איידער זיי זײַנען ווידער אָפּגעטראָטן פון אים, איבערלאָזנדיק אים, ווי פריִער, אַן אומבאַוועגלעכן, אַן אומבאַזיגבאַרן, אַ נים געשעדיקטן און פאַראַכטנדיקן.

אַך, ווי שטאַרק מיר האָט זיך איצט געוואָלט, אַז דער צוג זאָל ווידער בלײַבן שטיין אין שניי, ווי דאָס האָט שוין געטראָפן אַזויפיל מאָל. מײַן האַרץ האָט זיך געריסן צום גרויען וואָלף און עס האָט זיך אַזוי געוואָלט לויפן אים צו הילף. אָבער די ווײַסשנייִקע לאָנקע האָט דורכגעשוועבט פאַרבײַ, די טאָפּאָל-שטאַמען האָבן זיי פאַרשטעלט און מיר זײַנען אוועקגעפלויגן ווײַטער.

דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב געזען, און, ווײַזט אויס, דאָס איז געווען זייער ניט קיין סאך. אָבער אין עטלעכע טעג ארום האָב איך זיך דערוווּסט, אז מיר איז באַשערט געווען צו זען א זעלטענע פאָרשטעלונג. איך האָב געזען אינמיטן העלן טאָג א ווונדערבארע באשעפעניש — גיט מער און ניט ווייניקער, ווי דעם וויניפּעגער וואָלף אַליין.

א מעשונעדיקן שעמ האָט ער געהאַט — א וואָלף, וואָס האָט ליב געהאַט בעסער די שטאָט, איידער די וועלדער, א וואָלף, וואָס פלעגט גלײַכגילטיק דורכגיין פארבײַ שאָפ, קעדיי צו טויטן הינט, און וועלכער פלעגט שטענדיק זיך אוועקלאָזן אפ יאגד איינער אליין.

דערציילנדיק די געשיכטע וועגן «le Garou», ווי אייניקע האָבן אים גערופן, רייד איך וועגן די געשעענישן פון זײַן לעבן, ווי וועגן אזוינס, וואָס איז באַוווּסט די אָרטיקע אײַנוווינער. פונדעסטוועגן איז קיין סאָפעק ניט, אז א סאך פון די שטאָטישע אײַנוווינער האָבן אפילע ניט געהערט וועגן אים. אָט, צום בײַשפּיל, דער רײַכער קרעמער פון דער הויפּט-גאַס האָט ניט געהאַט וועגן אים די מינדסטע פאָרשטעלונג, ביז סאמע יענעם טאָג, ווען עס איז פאָרגעקומען די לעצטע סצענע באַם שעכטהויז, און דער גרויסער קערפער פונעם וואָלף איז צוגעשטעלט געוואָרן צו הײַנען, דעמ טשוטשעלע-מאכער. דאָ האָט מען פונעם וואָלף געמאכט א טשוטשעלע פאר דער טשיקאגער אויסשטעלונג, און אין יאָר 1896 איז די טשוטשעלע, צום באַדויערן, אומגעקומען בעשאַס דער סרייפע, וואָס האָט כאָרעוו געמאכט די מולווייער קלאַסישע גימנאַזיע.

## II

דער פידלער פּאָל דעראָש, א שיינער ליידיקגייער, וואָס האָט בעסער ליב געהאַט גיין אפ יאגד, איידער פארנעמען זיך מיט ערלעכער ארבעט, האָט אַנומלטן ארומגעשליאָנדערט מיט דער ביקס איבער די וואַלדיקע ברעגן פונעם רויטן טײַך בא קילדאָנאַן. דאָס איז געווען אין יונ 1880. דערזעענדיק א גרויען וואָלף, וואָס איז ארויסגעקראָכן פון א גרוב באַם ברעג, האָט ער ניט צילנדיק זיך אויסגעשאָסן און דערהארגעט אים. ער האָט געשיקט זײַן הונט אפ אויסשפּיר, קעדיי איבערצײַגן זיך, צי אין דער נאָרע איז מער ניט געבליבן קיין דערוואַקסענער וואָלף. דערנאָך איז ער אַליין אהין ארײַנגעקראָכן און, צו זײַן פארוווּנדערונג און פרייד, געטראָפן דאָרטן אכט וועלפּעלעך — נײַן פּרעמיעס צו צען דאָלער. ווֹיפל



זשע וועט עס באַטרעפנ? א גאנצ פארמעגנ! ער האָט געלאָזט אינ גאנג א שטעקנ אונ מיט דער הילפ פונעם געלנ הונט אויסגעלייגט דאָס גאנצע קליינוואַרג, אויסער איינס. פאראנ אזא פאָרורטייל, אז טויטנ דעמ לעצטנ פונ א וועלפיש געזינדל הייסט אָנבאָטנ זיכ אנ אומגליק. אונ אָט האָט פאָל זיכ אווועקגעלאָזט אינ שטאָט מיט די סקאלפּנ פונ דער וואָלפיכע אונ אירע זיבנ וועלפעלעכ אונ נאָכ מיט איינ לעבעדיק וועלפעלע אלס צוגאָב.

דער שענקער, אינ וועמעס קעשענע עס זײַנענ אינגיכנ אריבערגעגאנגענ אלע פארדינטע דאָלערס, האָט, נית לאנג טראכטנדיק, אָפּגעקויפט אויכ דאָס לעבעדיקע וועלפעלע. דאָס וועלפל איז אויסגעוואקסנ אפּ א קייט. אָבער דאָס האָט אימ נית געשטערט צו באקומענ אזעלכע קינבאקנ אונ אזא ברוסט, קעגנ וועלכע קיינ איינער פונ די שטאָטישע הינט האָט נית געקאָנט זיכ אנטקעגנשטעלנ. מע האָט אימ געהאלטנ אינ הויפ—א פארווײַלונג פאר די באזוכער פונ דער שענק. די דאָזיקע פארווײַלונג איז באשטאנענ דעריקער אינ דעמ, וואָס מע האָט געריצט דעמ געפאנגענעמ וואָלפ מיט הינט. עטלעכע מאָל איז דער יונגער וואָלפ צעביסנ געוואָרנ, אז ער איז קוים געבליבנ א לעבעדיקער, אָבער יעדעס מאָל איז ער געקומענ צו זיכ, אונ מיט יעדנ כוידעש איז אלצ קלענער געוואָרנ די צאָל הינט, וואָס האָבנ כיישעק געהאט גײַנ פארמעסטנ זיכ מיט אימ. זײַנ לעבנ איז געווענ זייער א שווערס. זײַנ איינציקע טרייסט איז געווענ די פרײַנטשאפט, וואָס איז אנטשטאנענ צווישנ אימ אונ דעמ קלייניקנ דזשימי, דעמ שענקערס זונ.

דזשימי איז געווענ א פארשײַט ייִנגל אונ א גאנצ כיטרער. דער וואָלפ איז אימ געפעלנ געוואָרנ דערפאר, ווײַל איינמאָל האָט ער צעשעדיקט אפּ טויט א הונט, וואָס האָט אימ א ביס געטאָנ. פונ דעמלט אָנ האָט ער אָנגעהויבנ אימ האָדעווענ אונ צערטלענ. אונ דער וואָלפ פלעגט אימ דערלויבנ אלערליי שטיק, וואָס ער וואָלט קיינמאָל נית דערלויבט עמעצנ אנדערש.

דזשימיס פאָטער איז נית געווענ פונ די פאָטערס, וואָס מע קאָנ מיט זיי שטאָלצירנ. געוויינלעכ פלעגט ער פעסטענ דעמ זונ, אָבער, גאנצ אָפט פלעגט ער שטארק אינ קאס ווערנ אונ מײַמעסנ אימ פאר א מינדסטער קלייניקײַט. דאָס קינד האָט זייער פרי פארשטאנענ, אז מע שלאָגט אימ נית דערפאר, ווײַל אימ קומט, נאָר דערפאר, ווײַל עד האָט גראָד אָנגעטראָפנ אפּ א בייזער מינוט. עס איז געווענ צו באהאלטנ זיכ אפּ א צײַט אינ א זיכער אָרט, ביז דער קאס וועט אריבער, אונ אלצ וועט אָפּגײַנ גלאט. איינמאָל, ראטעווענדיק זיכ פונ פאָטערס קלעפּ, האָט

ער זיך א וואָרף געטאָן אין דער וועלפישער קאָנורע. דער גרויער פריינט זיינער, וואָס איז אזוי ברוטאל אופגעוועקט געוואָרן פון שלאָף, האָט זיך אויסגעקערעוועט צום אריינגאנג, אויסגעשטשירעט צוויי רייען שניי־ווייסע ציין, און גאנץ אויס־דריקלעך געזאָגט דעם פאָטער: „זאָלסט ניט וואגן אים אָנרירן".

ווען גאָגאָ וואָלט געקאָנט דאָ אפן אָרט דערשיסן דעם וואָלף, וואָלט ער זיך ניט פארטראכט דאָס צו טאָן. אָבער פארשטייענדיק, אז דאָ ריזיקירט ער מיט זיין אייגענעם זון, האָט ער באשלאָסן לאָזן זיי ביידע צו רו, און אין א האַל־בער שאָ ארום האָט ער אליין שוין געלאכט איבער דער גאנצער געשעעניש. פון איצט אָן, בא דער קלענסטער געפאר, האָט דער קליינינקער דזשימי זיך געלאָזט לויפן גלייך צום וואָלף. און אָפטמאָל האָט מען ערשט דעמלט זיך אָנגעשטויסן, אז ער האָט מיט עפעס זיך פארשולדיקט, ווען מע פלעגט דערזען, ווי ער קריכט זיך באהאלטן הינטער דער פלייצע פונעם בייזן געפאנגענעם.

שפאָרזאמקייט איז געווען דער הויפּט־פרינציפּ באַם שענקער גאָגאָ. דער־פאר האָט בא אים אלס געשעפט־אָנפירער געדינט איינער א כינעזער. דאָס איז געווען אן אומבאהאָלפענע, דערשלאָגענע באשעפעניש, מיט וועמען דער פידלער פּאָל האָט ניט געהאלטן פאר נייטיק זיך צו רעכענען. איינמאָל, טרעפנדיק דעם כינעזער אליין אין שענק, האָט פּאָל, וועלכער איז שוין געווען שיכּורלעך, גע־וואָלט נאָכאמאָל אויסטרינקען אפּ בארג. אָבער טונג־לינג, געדענקענדיק דעם באַ־פעל, וואָס ער האָט באקומען, האָט אים אָפּגעזאָגט. דער כינעזער האָט געזאָגט צו פּאָלן: „מע דארף שטענדיק צאָלן". פּאָל האָט זיך א וואָרף געטאָן צום שענק־טיש אָפּרעכענען זיך מיטן כינעזער פאר דער באליידיקונג. דער כינעזער וואָלט שוין גלאט ניט אָפּגעשניטן, ווען דאָ וואָלט זיך ניט אונטערגערוקט דזשימי. יענער האָט זייער געשיקט אונטערגעשטעלט א לאנגן שטעקן דעם פידלער אונטער די פיס. דער פידלער האָט אין איין רעגע זיך אויסגעצויגן אפן דיל. דערנאָך האָט ער זיך אופגעהויבן אף די פיס און געוואָלט זיך א וואָרף טאָן אף דזשימין. אָבער דזשימי האָט זיך באנוצט מיט דעם, וואָס די טיר איז געווען אָפן, און איז גלייך פארשוווּנדן אין דער וועלפישער קאָנורע.



דערזעענדיק, אז דאָס קינד האָט א פארטיידיקער, האָט פּאָל געכאפּט א לאנגן שטעקן און פונדערוויטנס גענומען שלאָגן מיט אים דעם וואָלף. די גרויע כיַיע האָט זיך געריסן פון דער קייט, אָפּגעשלאָגן די קלעפּ און געכאפּט דעם שטעקן פיס די ציין, אָבער מעקאָנט זיין איר איז ניט געווען וואָס.



פלוצלינג האָט פּאָל באַמערקט, אַז דושימי, וועמעס צונג ס'האָט אָפּ קיין איין רעגע ניט אויפגעהערט צו אַרבעטן, פּאָרקעט זיך מיט פלינקע פינגער באַם האַלדז־רינג פונעם וואָלף, און דער וואָלף וועט באַלד זײַן פרײַ. דאָס וואָלט זיך אײַנגעגעבן: אַפילע נאָך פריִער, ווען די כײַע וואָלט ניט פאַרצויגן אַזוי שטאַרק די קייט.

דער געדאַנק, אַז אָט באַלד וועט ער זײַן אין הויף איינס אַף איינס מיט דער צערײַסער כײַע, איז דורכגעפלויגן ווי מוראַשקעס איבערן רוקן פונעם דרייסטן פּאָל.

דאָ האָט זיך נאָך דערהערט דושימיס פרײלעכע שטים:

· וואַרט אַ ביסל צו, וועלפּעלע. וואַרט. נאָך אַ ביסעלע, און דו וועסט אים באַקומען. האַלט אים אײַן, סמײַער וועלפּעלע!

דאָס איז געווען גענוג: דער פידלער איז אַנטלאָפן און פעסט צוגעמאַכט די טיר הינטער זיך.

אַף אַזאַ אויפן איז די פרײַנטשאַפט צווישן דושימין און דעם וואָלף געוואַקסן. און אין דער זעלבער צײַט, צוגלײַך מיט דער אַנטוויקלונג פון זײַנע בעסטע וועלפּישע פײיִקײַטן, האָט אין עם וואָלף זיך אַנטוויקלט אויך אַ דײַטלעכע סינע צו הינט און צו מענטשן, פון וועלכע עס האָט געשמעקט מיט בראַנפן. זיי זײַנען געווען דער קוואַל פון אַלע זײַנע ליידן. די דאָזיקע אײגנשאַפט, צוזאַמען מיט זײַן ליבע צום קינד, וועלכע האָט, דאַכט זיך, זיך פאַרשפּרייט אַף אַלע קינדער, איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג.

גראָד אין דער צײַט, אין האַרבסט 1881, האָבן די פערמערס שטאַרק געליטן פון וועלף, וואָס האָבן צעשעדיקט ניט איין סטערעדע.

קײנע פּאַסטקעס, קיין שום סאַם האָט ניט געהאָלפן. און ווען אין וויניפּעגער קלוב האָט זיך באַוויזן אַ באַוווּסטער דײַטשישער רײַזנדער און מיסגעטיילט, אַז ער האָט אויסגעקלערט הינט, וואָס קאָנען אין אַ קורצער צײַט באַפרײַען דאָס לאַנד פון וועלף, האָבן זיך אַלע, פאַרשטייט זיך, אָן דעם אָנגעכאַפּט. די פּיצ׳כטלער זײַנען גרויסע ליבהאָבער פון יאַגד. דער געדאַנק צו באַפרײַען די געגנט פון וועלף, מיט דער הילף פון אַ טשאַטע וועלף־ווערגער, איז זיי שטאַרק געפעלן געוואָרן.

דער דײַטש האָט אײַנגיכן געבראַכט צוויי גרויסאַרטיקע דענישע דאָגן אײנער אַ ווײַסער, דער צווײטער — אַ רויכקאָליריקער מיט שוואַרצע פלעקן און אײגנאַרטיק ווײַסע אויגן, וואָס האָבן אים צוגעגעבן אַן אויסדרוק



פון אומגעווײנלעכער ווילדקײט. יעדערער פון אָט די צוויי ריזיקע הינט האָט געוווגן בא צוויי הונדערט פונט. די מוסקולן זײַנען בא זיי געווען, ווי בא א טיגער, און אלע האָבן גערן געגלייבט דעם דײַטש, אז בלויז די דאָזיקע פּאָר אליין איז גענוג אפּ בײַצוקומען דעם סאמע גרעסטן וואָלף. זייער סיסטעם פון יאגד האָט ער באשריבן אפּ אזא אויפן:

— מע דארף זיי באווײַזן א שפּור, און מען ער זײַן כאָטש פון צוריק מיט א מעסלעס, וועלן זיי גלײַך זיך לאָזן לויפן זוכן דעם וואָלף. קיין זאך וועט זיי ניט אראָפּשלאָגן פונעם שפּור. ווי דער וואָלף זאָל זיך ניט באהאלטן און ניט דרייען, וועלן זיי אים זייער גיך אָפּזוכן. ווי נאָר ער וועט זיך לאָזן לויפן, אזוי כאפּט אים דער רויכקאָליריקער פאר דער ריפּ און ווארפט אים אונטער, אָט אזוי — און דער דײַטש האָט אונטערגעוואָרפן אינדערלופטן א שטיקל ברויט — און דער וואָלף וועט נאָך ניט באווײַזן אראָפּצולאָזן זיך אפּ דער ערד, ווי דער ווײַסער וועט זיך אים אײַנקלאמערן אין קאָפּ, דער רויכקאָליריקער אין עק, און זיי וועלן אים, אזויארום, צערײַסן אפּצווייען.

דאָס אלץ האָט מען גרײַלעך געקאָנט גלייבן. יעדערן האָט זיך געוואָלט דורכקאָנטראָלירן די הינט אין טאט. א סאך אָרטיקע אײַנוווינער האָבן געהאלטן פאר מעגלעך צו געפינען א וואָלף אין אסיניבואן, און די יעגער האָבן גלײַך אהין ארויסגעשיקט אן עקספּעדיציע. אָבער אומזיסט האָבן זיי געזוכט א וואָלף אין משך פון דרײַ טעג. זיי זײַנען שוין גרייט געווען אָפּזאָגן זיך פון דער יאגד, ווען עמעצער האָט זיך דערמאָנט, אז בא גאָגאנען איז פאראן א וואָלף אפּ א קייט, וועלכן מע קאָן ביליק אָפּקויפן, און אפּ וועלכן מע קאָן פולשטענדיק, כאָטש ער איז אלט ניט מער ווי א יאָר, אויספּרוּוון די פייִקײַטן פון די הינט.

דער פּרײַז פון גאָגאנס וואָלף איז גלײַך געשטיגן, ווען דער שענקער האָט זיך דערוווּסט, וואָס פאר א וויכטיקן באדײַט זײַן וואָלף האָט פאר די יעגער. אויסער דעם האָט אים „דער געוויסן ניט דערלויבט". אָבער די דאָזיקע אלע ספּייקעס זײַנען גלײַך צערונען, ווי נאָר מע האָט זיך אויסגעגלײַכט מיטן פּרײַז. די ערשטע זאָרג איז באשטאנען נאָר אין דעם, וויִאזוי ווערט מען פּאָטער פונעם קליינינקן דזשימי. מע האָט באשלאָסן אים אָפּשיקן אפּ א צײַט צו דער באָבען. דערנאָך האָט מען דעם וואָלף פארטריבן אין קאסטן און דעם קאסטן פארקלאפּט מיט טשוועקעס.

דעם קאסטן האָט מען אוועקגעשטעלט אפּ א וואָגן און אוועקגעפירט אין דער פּרײַער פּרעריע.

די הינט האָט מען קוים געקאָנט אײַנהאלטן, אזוי האָבן זיי זיך געריסן צו דער יאגד, ווי נאָר זיי האָבן דערשפּירט דעם וואָלף. אָבער עטלעכע געזונטע מענטשן האָבן זיי אײַנגעהאלטן אף א קייט, און דער וואָגן איז אָפּגעפאָרן אף א האלבן מײַל ווײַטער. דאָרטן, מיט א געוויסער מי, האָט מען ארויסגעטריבן דעם וואָלף פונעם קאסטן. צוערשט האָט ער אויסגעזען א ביסל פארלאָרן און אָנגעכמורעט. ער האָט ניט געפּרווט זיך בײַסן. ער האָט בלויז געזוכט, ווו צו באהאלטן זיך. ענדלעך, פארשטאנען, אז ער געפינט זיך אף דער פרײַ, און א ביסל דערשראָקן פון די געשרייען און פײַפערײַען, האָט ער זיך געלאָזט ניט דרייסט לויפן צו דאָרעם. אין דער זעלבער רעגע האָט מען אָפּגעלאָזט די הינט און זיי האָבן מיט א מוירעדיקן געביל זיך א וואָרף געטאָן נאָכן יונגן וואָלף.

די מענטשן האָבן מיט פריידיקע אויסרופן זיך אוועקגעלאָזט נאָך זיי. פון סאמע אָנהייב איז געוואָרן קלאָר, אז קיין גוטס דערוואַרט אים ניט, די הינט זײַנען געווען, ניט צו פארגלײַכן, געשיקטער פון אים. דער ווײַסער האָט געקאָנט לויפן ניט ערגער פון יעדן יאגד־הונט. דער דײַטש האָט ניט געקאָנט אײַנהאלטן זיך פון באגײַסטערונג, זעענדיק, ווי זײַן באליבטער הונט טראָגט זיך איבער דער פרעריע און דערנעענטערט זיך צום וואָלף מיט יעדער מינוט.

א סאך האָבן געוואָלט גיין אין געוועט, אז די הינט וועלן זיגן. אָבער קיי־נער האָט ניט געוואָלט אָננעמען דעם געוועט. מע איז מאסקים געווען בלויז שטעלן אף איין הונט קעגן צווייען. דער יונגער וואָלף איז איצטער געלאָפן אין איין אָטעם. אָבער אינגיכן האָט דער ווײַסער הונט אים דעריאָגט און איז שוין צוגעטראָטן האַרט צו אים.

איצטער קוקט, -- האָט אויסגעשריִען דער דײַטש, — ווי דער דאָזיקער וואָלף וועט א פלי טאָן אינדערלופטן!

אין א רגע ארום זײַנען דער וואָלף מיטן הונט זיך צונויפגעגאנגען. ביידע זײַנען אָפּגעשפּרונגען. קיין איינער איז ניט ארופגעפלויגן אינדערלופטן. אָבער דער ווײַסער הונט האָט זיך אוועקגעקײַקלט מיט א שרעקלעכן ריס אף דער פּלייצע. ער איז ארויס פון קאָן. אין צען רעגעס ארום איז אָנגעפלויגן מיט אן אָפן מויל דער רויכקאָליריקער. די שלאכט איז געווען פונקט אזא פלינקע און קי־כאס אזא געהיימניספולע, ווי די ערשטע. די כײַעס האָבן זיך קוים־קוים אָנגע־רירט. די גרויע כײַע האָט זיך א וואָרף געטאָן אָן א זײַט. דער רויכקאָליריקער איז אָפּגעשפּרונגען, ארויסשטעלנדיק פאר אלעמען א צעבלוטיקטע זײַט.

אָנגעריי̆צט דורך די מענטשן, האָט ער ווידער זיך א וואָרף געטאָן, נאָר באַקומען א צווייטע ווּנד, וועלכע האָט אים סאָפּקאָלסאָפּ געלערנט שׂכל.

אין דער צייַט איז אונטערגעקומען דער וועכטער מיט נאָך פיר גרויסע הינט. מע האָט זיי געלאָזט אפן וואָלף, און מענטשן מיט שטעקנס האָבן שוין געײַלט נאָך זיי, קעדיי מאכן א סאָף צו אים. אָבער דאָ איז האסטיק געקומען צו רייַטן אף א פּאָני א קליין ייִנגל. ער איז אראָפּגעשפּרונגען אף דער ערד, דורכגעשטויסן זיך דורכן קרייַז, וואָס האָט ארומגערינגלט דעם וואָלף, און ארומגעכאפּט זייַן האלדז מיט די הענט. ער האָט אים גערופן „ליב וועלפּעלע“, „טייַער וועלפעלע“ — דער וואָלף האָט אים געלעקט דאָס פּאָנעם און געפאָכעט מיטן עק. דערנאָך האָט דאָס ייִנגל געווענדט צום האמוין א פארווייַנט פּאָנעם און געזאָגט — נו, בעסער לאָמיך ניט דערציילן, וואָס ער האָט געזאָגט. ער איז אלט געווען סאכאקל נייַן יאָר, נאָר ער איז געווען זייער פארגרעבט, ווייַל ער איז אויסגעוואקסן אין א בילִיקער שענק און האָט מיט גרויס דערפאָלג זיך אויסגעלערנט אלע מיִעסע ווערטער, וואָס ער פלעגט דאַרפן זיך אָנהערן.

ער האָט געזידלט יעדערן און אלעמען, אָנהייבנדיק פון די זיידעס, ניט שוינענדיק אפילע זייַן אייגענעם טאטן.

ווען א דערוואקסענער מענטש דערלויבט זיך אזעלכע באליידיקנדיקע און ניט אָנשטענדיקע אויסדרוקן, וואָלט עס אים שוין גלאט ניט אראָפּ. אָבער וואָס זאָל מען טאָן מיט א קינד? און סאָפּקאָלסאָפּ האָבן די יעגער געטאָן דאָס סאמע בעסטע: זיי האָבן זיך הויך פאנאנדערגעלאכט — פארשטייט זיך, ניט איבער זיך. לאכן פון זיך — דאָס האָט קיינער ניט ליב. נאָר אלע ביז איינעם האָבן גענומען אָפּלאכן פונעם דייַטש, וואָס זייַנע באוווּסטע הינט האָבן זיך אזוי צו שאנד געמאכט פאר א יונגינקן וואָלף.

דעמלט האָט דזשימי פארוקט די שמוציקע, פון טרערן אייַנגעשמירטע, האנט אין זייַן ייִנגלשער קעשענע. א זוך געטאָן דאָרטן צווישן גלעזערנע קייַקעלעך און צוקערקעס, אויסגעמישטע מיט טאבעק, שוועבעלעך, פּיסטאָנעס פון פּיסטאָלעטן און אנדערע קאָנטראבאנדע און ארויסגעשלעפּט פון צווישן דעם אלעם א דין שטריקל און ארומגעבונדן דאָס ארום וואָלפס האלדז, דערנאָך, נאָך אלץ חלינענדיק, האָט ער זיך אוועקגעלאָזט אף זייַן פערדל, פירנדיק נאָך זיך אפן שטריקל דעם וואָלף.

דערבײַ האָט ער ניט פארגעסנ צו זאָגנ א פאָר ווארעמע געזעגענונגס-ווערטער צומ דײַטשישנ אדלמאנ:

— פאר א פאָר סענט וואָלט איכ אימ אָנגערייצט אפ אײַכ, פייגערנ זאָלט איר!

## III

אָנהייב ווינטער האָט דזשימי געכאפט א פיבער אונ איז געבליבנ ליגנ צו בעט.

דער וואָלפ האָט זייער טרויעריק געוויעט אפנ הויפ, ניט געפינענדיק זײַנ קליינעמ פרײַנט, אונ ענדלעכ, לויט דער ביטע פונעמ קראנקנ יינגל, האָט מענ אימ ארײַנגעלאָזט אינ צימער. דאָ האָט דער גרויסער ווילדער הונט — ווײַל א וואָלפ איז דאָכ פאָשעט א ווילדער הונט — פארגעזעצט טרײַ צו דעזשורעווענ באמ קראנקנבעט פונ זײַנ פרײַנט.

די קרענק האָט לעכאטכילע אויסגעזעהנ ניט קיינ באדײַטנדיקע, אונ אלע זײַנענ געווענ איבעראשט, ווענ דזשימינ איז פלוצלינג געוואָרנ ערגער, אונ דרײַ טעג פאר ווײַנאכטנ איז ער געשטאָרבנ. דאָס ועלפל האָט אימ באוויינט אופריכטיקער פונ אלעמענ. די גרויסע גרויע כײַע האָט זיכ אָפּגערופנ מיט א קלאָגלעכנ געוווי אפנ גלעקער־געקלאנג, נאָכגייענדיק נאָכ דער לעווײַע צומ בעסאלמענ פונ הייליקנ באָניפאצי. אינגיכנ האָט ער זיכ אומגעקערט צוריק אינ הויפ פונעמ שענק. אָבער באמ ערשטנ פרווו אוועקצוזעצנ אימ ווידער אפ דער קייט, איז דער וואָלפ אריבערגעשפרונגענ אריבערנ פלויט אונ—פארטיק.

אינעמ זעלבנ ווינטער האָט אינ א הילצערנ שטיבל באמ טײַכ זיכ באזעצט דער אלטער יעגער רענאָ מיט זײַנ שיינער טאָכטער נינעטע.

ער האָט ניט געהאט די מינדסטע פאָרשטעלונג וועגנ דזשימי גאָגאנ, אונ ער איז געווענ היפש פארחונדערט, ווענ ער האָט דערזענ וועלפישע שפורנ אפ ביידע ברעגנ טײַכ, צווישנ הייליקנ באָניפאצי אונ דעמ פאָרט הארי.

דער אלטער האָט מיט נײַגער אונ צווייפל זיכ צוגעהערט צו די דערציילונגענ פונ די אָנגעשטעלטע פונ דער הודזאָנ-געזעלשאפט וועגנ איינעמ א וואָלפ, וואָס האָט זיכ באזעצט דאָ בישכיינעס אונ וועלכער דרינגט ארײַנ אמאָל אפילע אינ שטאָט ארײַנ אונ האָט ליב באזונדערס דעמ וואלד, וואָס געפינט זיכ אינ שכיינעס מיטנ קלויסטער פונעמ הייליקנ באָניפאצי.



ווײַנאַכטן, ווי נאָר עס הייבן זיך אָן צעקלינגען די גלעקער, האָט איבער די וועלדער זיך דורכגעטראָגן אַן איינזאַמער, אומעטיקער געוווי, וואָס האָט קימאט איבערצײַגט רענאָ, אַז אין די דערציילונגען איז טאַקע פאַראַן עמעס. ער האָט זייער גוט געוווּסט אַלע וועלפישע לידער — דעם רוף צו הילף, דאָס ליבע־ליד, דעם איינזאַמען געוווי און דעם שאַרפן אַרויסרוף. דאָס איז געווען אַן איינזאַמער געוווי.

דער אַלטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום טײַך און אַרויסגעלאָזט אַן ענטפערגעוווי. פונעם ווײַטן וואַלד האָט זיך אָפּגעטיילט אַ נעפּלדיקער שאָטן און איז אַריבערגעגאַנגען איבערן אײַז צו יענעם אָרט, וווּ ס'איז אױף אַ קלאָץ געזעסן אַ מענטש, אַן אומבאַוועגלעכער, ווי דער קלאָץ אַליין. דער שאָטן האָט זיך דערנעענטערט צו אים און אַ צי געטאָן מיט דער נאָז. דעמאָלט האָבן זײַנע אויגן זיך פאַנאַנדערגעברענט, ער האָט זיך צעבילט, ווי אַ צערייצטער הונט, און אַוועקגעשלײַכט צוריק אין דער פינצטערניש.

אױף אַזאַ אופן האָט רענאָ, און נאָך אים אַ סאַך אַנדערע שטאָט־אײַנוווינער, זיך דערוווּסט, אַז אױף די שטאָטישע גאַסן לעבט אַ גרויסער גרויער וואָלף, „דרײַ מאָל גרעסער פון יענעם, וואָס איז אַמאָל געזעסן אױף דער קייט באַם שענקער גאָגאַן“. ער איז געווען אַ שרעק פאַר די הינט. ער פלעגט זיי טויטן באַ יעדער געלעגנהײַט. און מע האָט אַפילע געזאָגט, כאָטש דאָס איז געבליבן ניט דערוויזן, אַז ער האָט אױפגעפרעסן ניט איין הונט, וואָס האָט זיך אים געפּאַקט ערגעץ אין עק שטאָט.

אָט ווער עס איז געווען דער וויניפּעגער וואָלף, וועלכן איך האָב געזען אין די מיט שניי פאַרשאָטענע וועלדער. מיר האָט זיך געוואָלט אים העלפן, ווײַל איך האָב געמיינט, אַז ער האַלט שוין שמאָל. אָבער דאָס, וואָס איך האָב זיך דערוווּסט שפּעטער, האָט געענדערט מײַן ערשטן אײַנדרוק. איך ווייס ניט, ווי עס האָט זיך געענדיקט די שלאַכט, וואָס איך האָב געזען, נאָר איך ווייס, אַז דעם וואָלף האָט מען ניט איין מאָל געזען פון דעמאָלט אָן. און איינציקע הינט זײַנען פאַרשווּנדן אױף אייביק.

איז אָט, קיין איין וואָלף האָט קיינמאָל ניט געפירט אַזאַ מעשונעדיק לעבן. האָבנדיק אַ מעגלעכקײַט צו לעבן אין די וועלדער, האָט ער אויסגעקליבן פאַר זיך צו לעבן אין שטאָט, וואָס איז פול מיט געפאַר פאַר אים. יעדע וואָך איז ער געווען אױף אַ האָר פון טויט. ניט קאָנענדיק אָנקוקן מענטשן און פאַרהאַסנ-

דיק הינט, האָט ער יעדנ טאָג פאנאנדערגעטריבנ הינטישע טשאטעס אונ געטויט יעדנ הונט, וואָס האָט זיכ אימ געטראָפנ אויג אפ אויג. ער האָט געשראָקנ שיקערע, אויסגעמיטנ מענטשנ מיט ביקסנ, גוט דערלערנט, וואָס הייסט א פאסטקע, דערלערנט אויכ, וואָס אזוינס איז סאמ — וויאזוי ער האָט דאָס דערלערנט, איז אומעגלעכ צו זאָגנ. אָבער דערלערנט האָט ער דאָס אָנ סאָפעק, ווײַל א סאכ מאָל איז ער מיט פאראכטונג דורכגעגאנגענ פארבײַ.

ס'א־ז ניט געווענ אינ וויניפעג קיינ איינ גאס, וועלכע ער זאָל ניט האָבנ באזוכט. ניט געווענ קיינ איינ פאָליציאנט, וועלכער זאָל ניט האָבנ געזענ דעמ פלינקנ דורכשוועב פונ זײַנ נעפלדיקנ שאָטנ אינ גרויענ באגינענ. ניט געווענ קיינ איינ הונט, וואָס זאָל ניט ציטערנ פונ שרעק, ווענ דער פארעטערישער ווינט פלעגט אמאָל פארשפרייטנ די יעדיע וועגנ דער נאָענטקײַט פונעמ אלטנ «Garou». ער האָט געדאָרשט נאָכ מילכאָמע, אונ זײַנ סוינע איז געווענ די גאנצע וועלט. עס איז אָבער ניט געווענ דער פאל, אז דער וואָלף זאָל שלעכטס טאָנ א קינד.



## IV

נינעטע איז געבאָרנ געוואָרנ אינ מידבער. די מוטער אירע איז געווענ אנ אינדיאנערנ, אָבער זי האָט געיארשנט די גרויע אויגנ פונ איר פאָטער דעמ נאָרמאנדער, אונ זי איז איצטער געווענ א שיינ מיידל פונ זעכצנ יאָר, די גרעסטע שיינהײַט אינ דער געגנט. זי וואָלט געקאָנט כאסענע האָבנ פארנ רײַכסטנ אונ בעסטנ כאָסנ, אָבער דער פרוייִשער קאפריז האָט געמאכט פארנ אויסדערוויילטנ פונ איר הארצ דעמ פידלער פאָל דעראָש. א שיינער יונג, א פארשײַטער טענצער אונ ניט קיינ שלעכטער פידלער — איז פאָל געווענ אנ אָנגעלייגטער גאסט אפ אלע הוליאנקעס. ער איז אָבער געווענ אויכ א גרויסער שיקער, אונ מע האָט שטילערהייט אפילע גערעדט, אז ער האָט שוינ א ווײַב ערגעצ אינ נידערקאנאדע.

רענאָ האָט ריכטיק געטאָנ, וואָס ער האָט אימ אָנגעוויזנ די טיר, ווענ יענער איז געקומענ שאדכענענ זיכ צו נינעטענ. אָבער דאָס האָט צו גאָרניט גערוואָכט. נינעטע, וועלכע איז אינ אלעמ איבעריקנ געווענ זייער א געהאָרכזאמע, האָט ניט געוואָלט זיכ אָפזאָגנ פונ איר געליבטנ. אפנ צווייטנ טאָג נאָכ דעמ, ווי דער פאָטער האָט אימ אָפגעזאָגט, האָט זי אָפגערעדט מיט פאָלנ א באגעגעניש





אינ וואַלד, פונקט אפ יענער זײַט טײַך. דורכפירנ דאָס איז געווענ ניט שווער, ווײַל נינעטשע האָט געקאָנט זאָגנ, אז זי גייט אינ קלויסטער, אונ דער וועג צום קלויסטער איבערנ אײַז איז געווענ א סאכ קירצער, ווי דער וועג איבערנ בריק.

גייענדיק דורכנ שנייִקנ וואלד צום באשטימטנ אָרט, האָט זי באמערקט, אז פוסטריט נאָכ איר גייט נאָכ א גרויסער גרויער הונט. דער הונט האָט איר אויסגעוויזנ גאנצ פרײַנטלעכ, אונ דאָס מיידעלע (ווײַל זי איז טאקע נאָכ געווענ פאַרשעט א מיידעלע) האָט ניט געפילט קיינ שום שרעק. אָבער ווענ זי איז צוגעקומענ צום אָרט, ווו פאָל האָט אפ איר געווארט, איז דער גרויסער הונט ארויסגעטראָטנ פאָרויס מיט א בייזנ געביל. פאָל האָט א קוק געטאָנ, דערקענט אינ דער כײַע דעמ גרויסנ וואָלפ אונ געלאָזט זיכ לויפנ, ווי א פאכדנ. שפעטער האָט ער זיכ פארענטפערט, אז ער איז געלאָפנ נאָכ א ביקס. ווײַזט אויס, ער האָט פארגעסנ, ווו די ביקס געפינט זיכ, ווײַל ער איז ארופגעקראָכנ זי זוכנ אפ א בוימ.

אינ דער צײַט האָט נינעטשע זיכ געלאָזט לויפנ איבערנ אײַז אהיימ, קעדיי אָנצוזאָגנ אלעמענ וועגנ דער געפאר, וואָס דראָעט פאָלנ. ניט געפינענדיק אפנ בוימ קיינ געווער, האָט דער דרייסטער ריטער געמאכט זיכ א מינ שפיז, צופעסטנדיק זײַנ מעסער צו א צווײַג. אימ האָט זיכ אײַנגעגעבנ א שטאָכ טאָנ מיטנ שפיז דעמ וואָלפ אינ קאָפ. די כײַע האָט זיכ גרויזאמ צעברילט, אָפגעגאנגענ אפ א געוויסנ שטעטעכ אונ געבליבנ געדולדיק ווארטנ, ביז דער מענטש וועט זיכ אראָפלאָזנ אפ דער ערד. אָבער דאָ האָט דער וואָלפ דערזענ א האמוינ מענטשנ, וואָס איז געלאָפנ ראטעווענ פאָלנ, האָט ער געענדערט זײַנ באשלוס אונ איז אוועק.

דעמ פידלער פאָל איז גרינגער געווענ צו אופקלערנ זײַנ אופירונג נינעטשענ, איידער עמעצנ אנדערש. זי האָט אימ ליב געהאט, ווי פריִער, אָבער איר פאָטער האָט זיכ באצויגנ צו אימ מיט אזא האָפענונגלאָזער פאראכטונג, אז זיי האָבנ באשלאָסנ כאסענע צו האָבנ בעסאָד, ווי נאָר פאָל וועט זיכ אומקערנ פונעמ פאָרט אלעקסאנדער, וווהינ אימ איז פאָרגעשטאנענ צו פאָרנ לויטנ אופטראָג פונ דער הודזאָנ־געזעלשאפט אלס אָנטרײַבער פונ הינט.

דער קאָמיסיאָנער פונ דער געזעלשאפט האָט זייער שטאָלצירט מיט זײַנע שפאנהינט — דרײַ גרויסע בילער מיט פארדרייטע עקנ, וווּקסיקע אונ שטארקע, ווי קעלבער, אָבער בייזע אונ ווילדע, ווי פיראטנ. מיט זיי האָט דער פידלער פאָל באדארפט פאָרנ אינ פאָרט אלעקסאנדער פונעמ פאָרט הארי אונ צושטעלנ אהינצו עטלעכע וויכטיקע פאקעטנ. ער האָט זיכ גערעכנט פאר א דערפארענעמ הינט-

אָנטערמײַבער, ווײַל ער איז געווען אומבערעכנדיק און בייזהאַרציק. פֿאַל האָט מונטער זיך אוועקגעלאָזט גאַנצפֿרי אַראָפּ טײַך, נאָך דעם, ווי ער האָט גוט אויסגעטרונקען. ער האָט גערעכנט אין אַ וואָך אַרום זיך אומקערן מיט צוואַנציק דאָלער, וואָס ער וועט באַקומען פֿון דער הודזאָן-געזעלשאַפֿט. דעמאָלט וועט ער צוטרעטן צו פֿאַרווירקלעכן זײַן פּלאַן — אַרויסגאַנווענען דאָס מיידל.

זיי האָבן לעבעדיק זיך באַוועגט איבערן אײַז. די גרויסע הינט זײַנען געלאָפֿן פֿלינק און בייז, אונטערגעיאָגט פֿון דער בײַטש־קנאַקערײַ.

זיי זײַנען האַסטיק דורכגעפֿאָרן פֿאַרבײַ רענאָס וווינונג אויפֿן ברעג, און קנאַקנדיק מיט דער בײַטש און נאָכלויפֿנדיק נאָכן שליטן, האָט פֿאַל אַ פֿאָכע געטאָן מיט דער האַנט צו נינעטען, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן שוועל.

אײַנגיכן איז דער שליטן מיט די הינט און שיקערן אָנטערמײַבער פֿאַרשווּנדן דאָרט, ווו דער טײַך פֿאַרקרעוועט, און פֿון דעמאָלט אָן האָט שוין קיינער מער ניט געזען דעם פֿידלער פֿאַל.

אינעם זעלבן אָוונט האָבן די הינט אַליין זיך אומגעקערט צוריק אינעם פֿאָרט האַרי. זיי זײַנען געווען באַשפּריצט מיט פֿאַרבאַקן בלוט און פֿאַרווונדעט אין עטלעכע ערטער, נאָר — מעשוגענדיק צו זאָגן — גאָר ניט הונגעריק.

נאָכן שפּור האָבן זיך אוועקגעלאָזט פּוסגייער. זיי האָבן געפֿונען אויפֿן אײַז די פּאַקעטן, וואָס פֿאַל האָט געפֿירט. אויפֿן ברעג טײַך האָט זיך געוואַלגערט דער צעבראָכענער שליטן. ניט ווײַט פֿון די פּאַקעטן האָט מען געפֿונען פּיצלעך פֿונעם פֿידלערס קליידער.

ס'איז קלאָר געווען, אַז די הינט האָבן צעריסן און אויפֿגעגעסן זייער אָנטרײַבער.

דער קאָמיסיאָנער איז געווען זייער צעטומלט פֿון דער דאָזיקער געשעעניש. ער האָט געקאָנט דערפֿאַר באַצאָלן מיט זײַנע הינט.

אָבזאָגנדיק זיך צו גלייבן דאָס, וואָס מע זאָגט, האָט ער באַשלאָסן אַליין אויסצופֿאָרשן דעם עניין. רענאָ איז אים באַשטימט געוואָרן אַלס באַגלייטער, און זיי זײַנען ניט דורך קיין דרײַ מײַל פֿונעם אומגליקלעכן אָרט, ווי דער אַלטער האָט אָנגעוויזן אויף זייער גרויסע שפּורן, וואָס האָבן זיך געצויגן פֿונעם מיזרעכדיקן ברעג טײַך צום מײַרעוודיקן הינטער דעם שליטן. ער האָט זיך אויסגעקערעוועט צום קאָמיסיאָנער און געזאָגט אויף אַ געבראָכענעם ענגליש:

— אַ גרויסער וואָלף איז נאָכגעגאַנגען די גאַנצע צײַט נאָכן שליטן.



דעמלט האָבן זיי נאָכן שפּור זיך אריבערגעקליבן אפן מייַרעווודיקן ברעג. דאָ האָט דער וואָלף געביטן זייַן גאַלאָפּ אפּ א מער מעסיקן טראָט, אופגעהערט צו יאָגן זיך נאָכן שליטן און ווידער אומגעקערט זיך אין וואַלד.

— פּאָל האָט דאָ עפּעס פאַרלאָרן, ס'קאָן זייַן א פּאַקעט. איז דער וואָלף געקומען א שמעק טאָן. א שמעק געטאָן, האָט ער זיך דערוווּסט, אז אין שליטן פאָרט דער שיקערער פּאָל, וואָס האָט אים צעהאַקט דעם קאָפּ.

א מייַל ווייַטער האָט זיך דער וועלפישער שפּור געטראָגן שוין איבערן אייַז הארט נאָכן שליטן. די מענטשישע שפּורן זייַנען איצטער פאַרשווּנדן, ווייַל דער מענטש איז אריינגעשפּרונגען אין שליטן און גענומען יאָגן די הינט. דאָ האָט ער אָנגעהויבן אראָפּוואַרפן די מאַסע. אָט פאַרוואָס אַלע פּעקלעך האָבן זיך געוואַלגערט אפן שניי. אך, ווי די הינט שפּרינגען אונטער די שמיץ פון דער בייַטש! אָט וואַלגערט זיך אין שניי דעם פידלערס מעסער. ווייַזט אויס, ער האָט אים ארויסגעלאָזט פון האַנט, פּרוּווּנדיק פאַרטיידיקן זיך פונעם וואָלף. און דאָ פאַרשווינדט שוין אויך דער וועלפישער שפּור, אָבער דער שליטן טראָגט זיך בלייַצשנעל ווייַטער. דער וואָלף איז אריינגעשפּרונגען אין שליטן. דער וועלפישער שפּור באַווייַזט זיך ווידער אפן מיזרעך-ברעג און פאַרשווינדט אינגיכן אין וואַלד: דער שליטן טראָגט זיך צום לינקן ברעג, וווּ אין א האַלבן מייַל ארום פאַרטשעפּעט ער זיך אָן א פּניאַק פון א בוים און ווערט צעשמעטערט.

דער שניי האָט דערציילט דעם אַלטן רענאָ וועגן דעם, ווי די הינט האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין געשפּאַן. זיי האָבן אָנגעהויבן זיך שלאָגן איינער מיטן אַנדערן, ביז זיי האָבן ניט צעריסן זייערע פּענטעס. דערנאָך האָבן זיי געפונען דעם קערפּער פון זייער געוועזענעם פּייַניקער און גענומען פראַווען איבער אים א סודע.

גוטס איז דאָ געווען ווייניק, פונדעסטוועגן זייַנען די הינט ריינגעוואַשן געוואָרן פון דער באַשולדיקונג אינעם מאָרד. די פאַראַנטוואָרטלעכקייַט איז אָן סאָפּעק געפאַלן אפן וואָלף. און ווען דער ערשטער אייַנדרוק פון שרעק איז דורך, האָט רענאָ מיט א לייַכט געמיט געזאָגט:

— דאָס איז דעם וואָלפס ארבעט. ער האָט געראַטעוועט מייַן מיידעלע פון פּאַלן. ער האָט שטענדיק זיך באַצויגן גוט צו קינדער.

# ז

דאָס איז געוואָרנ די סיבע פאר דער גרויסער לעצטער יאגד, וואָס מע האָט באשטימט אפ ווײַנאכטנ, פונקט מיט צוויי יאָר שפעטער נאָכנ טויט פונעמ קלײנינקנ דזשימי. עס האָט אויסגעזענ, ווי מע וואָלט צונויפגעטריבנ די הינט פונעמ גאנצנ לאנד. דאָ זײַנענ געווענ דעמ קאָמיסיאָנערס הינט, זייער אָנוועזנהײַט האָט דער קאָמיסיאָנער געהאלטנ פאר נייטיק. עס זײַנענ דאָ געווענ גאנצע טשאטעס הינס פונ אלערליי מינים. דער גאנצער פרימאָרגנ איז אוועק אפ אומזיסטע זוכענישנ אינ די וועלדער, וואָס ליגנ מיזרעכ־צו פונעמ היילינקנ באָניפאצי. אָבער אינ סעלעפאָנ האָט מענ איבערגעגעבנ א ידיע, אז וועלפישע שפורנ האָט מענ באמערקט אינ די אסיניבואנער וועלדער, מײַרעוו־צו פונ דער שטאָט, און אינ א שאָ ארומ האָבנ שוינ די יעגער זיכ געיאָגט נאָכ די הייסע שפורנ פונעמ וויניפעגער וואָלף.

אָט טראָגנ זיי זיכ — א טשאטע הינט, אנ אָטריאד רײַטער, א האמוינ פוסגייער, מענער און יינגלעכ. דער וואָלף האָט ניט מוירע געהאט פאר קיינ הינט, אָבער ער האָט געחוּסט, אז די מענטשנ האָבנ געפערלעכע ביקסנ. ער האָט זיכ אװעקגעלאָזט צומ טונקעלנ פאס פונ די אסיניבואנער וועלדער, אָבער די רײַטער האָבנ געהאט פאר זיכ א פרײַענ פליינ, און זיי האָבנ גיכ אימ אָנגעיאָגט און געצווּנגענ פארקערעוונ צוריק. ער האָט זיכ געלאָזט לויפנ מיטנ רוי און אדאנק דעמ אויסגעמיטנ די קוילנ, וואָס האָבנ שוינ געפײַפט איבער אימ. ווײַטער האָט ער פארקערעוועט צומ פלויט מיטנ שטעכיקנ דראָט, אריבערגעשפרונגענ איבער אימ און אפ א צײַט פאָטער געוואָרנ פונ די רײַטער. ער האָט, ווי פריִער, זיכ געהאלטנ נעענטער צומ רוי, וואָס איז געווענ ניט צוטריטלעכ פאר די קוילנ. די הינט האָבנ שוינ געהאלטנ אינ אָניאָגנ אימ. געוויס האָט ער בלויז געטרוימט װעגנ דעמ, מע זאָל אימ איבערלאָזנ אויג אפ אויג מיט די הינט, כאָטש דאָ זײַנענ געווענ פערציק אָדער פופציק הינט קעגנ אימ איינעמ. איצטער האָבנ זיי אימ שוינ ארומגערינגלט, אָבער קיינ איינער האָט זיכ ניט באשלאָסנ צוטרעטנ צו אימ. א בײניקער יאגד־הונט, וואָס האָט זיכ צופיל פארלאָזט אפ זײַנ היציקײַט, האָט זיכ אונטערגערוקט פונ דער זײַט, אָבער איינ קלאָפ פונ די וועלפישע קינבאקנ האָט אימ אומגעוואָרפנ פונ די פיס. די רײַטער האָבנ דערווײַל געמוזט פאָרנ מיט אנ ארומיקנ וועג, אָבער די יאגד האָט זיכ איצטער דערנעענטערט צו דער

שטאָט, און אנטקעגן זײַנען ארויסגעלאָפן א סאך מענטשן און הינט, וואָס האָבן זיך פארייניקט צו דער שפיל.

דער וואָלף האָט פארקערעוועט צו די שטאָטישע שעכטהײַזער. דאָס אָרט איז אים געווען גוט באקאנט. די שיסערײַ האָט אפּ א צײַט זיך אָפּגעשטעלט, ווײַל די יעגער האָבן מוירע געהאט טרעפן אין די הינט. די הינט האָבן ווירקלעך אזוי ענג ארומגעקלאמערט דעם וואָלף, אז ווײַטער לויפן האָט ער ניט געקאָנט. ער האָט זיך ארומגעקוקט, זוכנדיק וויאַזוי צו פארשטעלן דעם רוקן פאר דער לעצטער שלאכט, אז די סאָנים זאָלן ניט קאָנען נעמען אים פון הינטן. דערזעענדיק א הילצערן בריקל, וואָס איז געווען אריבערגעוואָרפן איבער א רוי, האָט ער זיך אונטער אים באהאלטן. דעמלט האָבן די מענטשן גענומען בראָך־אײַזנס און צעשטערט דאָס בריקל. ער איז ארויסגעשפרונגען פון דאָרטן, ווייסנדיק, אז ס'איז געקומען די צײַט צו שטארבן, און איז געווען גרייט דערצו. ער האָט נאָר געוואָלט ווירדיק אויסשטיין די שלאכט צום לעצטן מאָל. און דאָ האָבן די מענטשן צום ערשטן מאָל אינמיטן העלן טאָג געקאָנט אים גוט באטראכטן, ווי ער זעט אויס. אָט איז ער, דער סוידעספולער הינטישער הענקער, דער וונדערבארער וויניפּעגער וואָלף.

## VI



ענדלעך, נאָך לאנגע דרײַ יאָר קאמף, איז ער געשטאנען איינער אליין אויג אפּ אויג קעגן פיר צענדליק הינט, וואָס האָבן געהאט הינטער זיך א האמוינ מענטשן, באוואָפנטע מיט ביקסן. אָבער ער האָט באגעגנט די פײַנט ניט ווייניקער דרייסט, ווי אין יענעם טאָג, ווען איך האָב אים דערזען אין די ווינטערדיקע וועלדער. דער זעלבער פאראכטנדיקער קנייטש האָט געקרימט זײַנע ליפּן. די אײַנגעפאלענע זײַטן האָבן קוים־קוים זיך געהויבן, אָבער די געלבלעך־גרינע אויגן האָבן געלויכטן מיטן פריַערדיקן גלאנץ. דער רינג הינט איז געוואָרן אלץ ענגער ארום אים. אין שפּיץ פון דער טשאטע זײַנען איצטער געווען ניט דעם קאָמיסיאָנערס הינט, וועלכע האָבן שוין געהאט זייער א ביטערע דערפארונג, נאָר א שטאָטישער בולדאָג. עס האָט זיך דערהערט א טאָפּערײַ פון א סאך פיס. די בילערײַ פון דער טשאטע איז אפּ א צײַט פארביטן געוואָרן מיט א שטומפּיקן געברום. די גרויליך-רויטע קינבאקן האָבן זיך א וואָרף געטאָן. די הינט זײַנען אָפּגעשפרונגען אין אלע זײַטן, און ווידער איז דער וואָלף געשטאנען אליין. ער

איז גרייט צו אָנפאַל, דער כמורנער, דער שטאַרקער אַלטער באַנדיט. דרײַ מאָל זײַנען די הינט אַף אים אָנגעפאַלן און דרײַ מאָל אָפּגעשלאָגן געוואָרן. די דריט-טערע פון די קעמפער האָבן זיך שוין געוואַלגערט אַף דער ערד. דער ערשטער האָט באַצאָלט מיט זײַן לעבן דער בולדאָג. דאָס איז געווען אַ וואָרעניש פאַר די הינט, און זיי זײַנען איצטער וואַקלענדיק אָפּגעטראָטן. אָבער די ברייטע ברוסט פונעם וואָלף האָט נאָך ניט אַרויסגעוויזן קיינע סימאָנים פון מידקײַט. נאָך אַ מי-נוט וואַרטן איז ער אַרויסגעטראָטן אַף עטלעכע שפּאַן פאָרויס — צום באַדויערן! — און געגעבן די שיסער די לאַנג דערוואַרטע מעגלעכקײַט. עס האָבן דורכגעהילכט דרײַ שאָסן, און דער וואָלף איז ענדלעך געבליבן ליגן אַף אייביק.

ער האָט אַליין זיך אויסגעקליבן זײַן גורל. זײַנע טעג זײַנען געווען קורץ און איבערגעפולט מיט אַ סאַך געשעענישן. ער האָט אַליין אויסגעקליבן זײַן וועג, אַ גרויסאַרטיקן און אַ דרייסטן. אים איז געפעלן געוואָרן מיטאַמאָל אויסצוטרינ-קען זײַן לעבנס-בעכער, אַליין צעברעכן די גלאָז און איבערלאָזן נאָך זיך אַן אומשטערבלעכן אָנדענק.

ווער קאָן אַרײַנקוקן אין דער נעשאָמע פון אַ וואָלף, ווער ווייס אונדז אָנ-ווײַזן וועגן וואָס ער האָט געטראַכט? פאַרוואָס איז אים געפעלן געווען צו לעבן לעבן דער שטאָט, אין וועלכער ער האָט איבערגעלעבט אַזויפיל לײַדן? אַרום און אַרום זײַנען דאָך געווען געדיכטע וועלדער. שפּײַז איז אומעטום גענוג. עס איז אַ סאָפעק, צי האָט אים באַוועגט דער געפיל פון נעקאָמע. קיין שום כײַע ווייס ניט אויסברענגען אַ גאַנץ לעבן צוליב נעקאָמע: אָט דער שעדלעכער גײַסטיקער צושטאַנד איז די אייגנשאַפט בלויז פון אַ מענטשן. כײַעס דאַרפן נאָך רו.

איז אָט, בלײַבט איבער בלויז איין קייט, וואָס האָט געקאָנט אים צושמידן צו די אומגעגנטן פון דער שטאָט. די דאָזיקע קייט איז די גרעסטע מאַכט פון דער וועלט, די מעכטיקסטע קראַפט אַף דער ערד — ליבע.

אומגעקומען איז דער וואָלף. זײַן אָנגעשטאָפּטע פעל איז אומגעקומען אין דער אָפּגעבערענטער גימנאַזיע. אָבער דער וועכטער פונעם קלויסטער פונעם הייליקן באָניפאַצי פאַרזיכערט ביז הײַנט־צו־טאָג, אַז ווײַנאַכטן, ווי נאָר עס הייבן אָן קלינגען די גלעקער, דערהערט זיך אַלס ענטפער אַ שוידערלעכער און אומעטי-קער וועלפישער געוווי פונעם שכײַנישן וואַלדיקן בעסאַלמען, ווו עס ליגט דער קלענסטער דושימי – די איינציקע באַשעפעניש אַף דער וועלט, וואָס האָט אויס-געלערנט דעם וואָלף דעם געפיל פון ליבע.



# אינהאלט

